# דבורה

ביבלישער ראָמאַן פון דער צייט פון די שופטים

פון

## שאָול ספיר

מחבר פון „קאַליף פון קאָרדאָווא“, „צווישן רוים און ירושלים“.

„אברהם׳ס איניקלאך“, א. אז. וו.

# DORA

*Biblical Romance by Saul Saphire*

**UNITED PUBLISHING CO.**

**225 Center Street**

**New York, N. Y.**

אַנדערע ביכער ביי שאול ספיר:

„רמב"ם".
„משה רבנו'ס נאָכפאָלגער".
„צווישען רוים און ירושלים".
„פערציק יאָהר אין מדבר".
„מאַכטער פון מדבר".
„דוד המלך".
„קאָלאָמבוס דער איד".
„פרינץ פון מצרים".
„שמשון הגבור".
„רות".

א ליכטיגער פריהמארגען האט זיך צוגאסען איבער די בערג פון אפרים, וואס איז צווישען רמה און בית אל. די זון האט מיט איהר גאנצען פראכט און צויבער געשיקט איהרע ליעבליכע שטראהלען און מיט א צערטליכען ווארימען קוש אויפגעוועקט די גאנצע נאטור. דער זמיר האט זיך צוזונגען און ענטפערענדיג אין כאר האבען די אנדערע פויגלען אויסגעטרעלט זייער פריהמארגען ליעד. עס איז געווארען א שטארקע באוועגונג אין דער לופט. די געפליגעל האבען זיך א לאז געטהאן צו זוכען פריהשטיק פאר זייער יונגווארג...

פון וויטען האט זיך דערטראגען א מוקען פון א קוה, א בילען פון א הונט האט דורכגעלעכערט די לופט.

פון די בערג האבען זיך געגליטשט די שאף. דא און דארט האט זיך א שעפעלע אפגעשטעלט און גענומען עסען פון דעם פייכטען גראז, ביז וואנען דעם פאסטוך'ס הונט איז צו איהר צוגעלאפען און אנגעהויבען שטארק בילען, אריינטרייבענדיג די שעפעלע צוריק אין דער סטאדע.

די פאסטוכער זיינען פויל און לאנגזאם נאכגעגאנגען די שאף פון הינטען. אנלעהנענדיג זיך אויף די לאנגע שטעקענס, כדי אפצוהאלטען דעם האסט פון בארג אראפ. אייניגע האבען זייערע אויגען געריבען, אנדערע האבען געגעניצט, קענטיג אז זיי זיינען נאך געוועזן שלעפעריג.

אין טהאל האבען זיך דא פאסטוכער באגריסט מיט א טרוקענעם "שלום". זיי האבען זיך דערנעהנטערט איינער צום צווייטען און ארונטעריווארפענדיג פון זיך די טארבעס שפייז אויף דעם פייכטען גראז זיינען זיי געבליבען שטעהן א קליינע ווייל שווייגענדיג. זייערע פנים'ער זיינען געוועזן אנגעכמורעט. קענטיג געוועזן אז עפעס האט אלעמען געדריקט אויפ'ן הארצען.

אייניגע האבען נעווארפען זייערע בליקען אויף די ארומיגע בערג, ווי זיי וואלטען פאר אימיצען מורא געהאט.

— נו, וועלען מיר היינט פיטערען צוזאמען! — האט א הויכער און פעסט געבויטער פאסטוך, מיט'ן נאמען לפידות אונטערבראכען די שטילקייט, — איך האב שוין לאנג געזאגט אז מיר דארפען נישט זיין אפגעזונדערט איינער פון צווייטען.

— יא, ווען מיר וואלטען געוועזן צוזאמען וואלטען די כנענים אדער די צדונים פון צפון נישט געוואגט אריינצודרינגען אין אונזער געגענד און אוועקצורויבען אונזערע שאף, און דערצו נאך צובינדען דעם פאסטוך נעבען א בוים.

— נישט אזוי שנעל האט זיי זיך דאס איינגעגעבען צו טהאן! — האט זיך דער פאסטוך וועלכער האט געליטען פון די כנענים, אפגערופען, — איך האב פריהער יעדען פון זיי גוט צושלאגען, אבער זיי זיינען דאך געוועזן פיער געגען איינעם.

— ביזטו געוועזן זיכער אז זיי זיינען

געווען צדונים? — האט אימיצער א פרעג געטהאן.

— געווים! — האט ער געענטפערט.

— איך האב דאס דערקענט פון זייער שפראך. און ווען זיי האבען מיך צוגעבונדען צום בוים האב איך געהערט ווי זיי ריידען צווישען זיך וועגען זייער קעניג יבין פון חצור.

— דו דארפסט זיך שעצען גליקליך וואס זיי האבען דיך אין גאנצען נישט געטויטעט! — האט אימיצער א זאג געטהאן — ווען דו ביזט געווען א געבונדענער האבען זיי געקענט טהאן מיט דיר אלעם וואס זיי האבען געוואלט.

— זיי וואלטען מיך זיכער געטויטעט! אבער מיר איז פלוצלונג איינגעפאלען אויסצושרייען: "אט קומען אן מיינע ברידער, און זיי וועלען זיך מיט אייך אפרעכענען". און ווי זיי האבען דאס דערהערט האבען זיי א כאפ געטהאן צוויי שעפסען און גענומען לויפען.

— די צדונים זיינען דאך אזעלכע פייגלינגע און פחדנים! — האט לפידות א שמייכעל געטהאן.

— פון דעסטוועגען איז שוין היבשע עטליכע יאהר ווי זיי דריקען אונז, און אויב אונזער שבט אפרים ליידט פון זיי וויפיעל ליידען שוין די שבטים אשר, זבולון און יששכר? זיי זיינען דאך גאר נאענט צו די צדונים!

— דאס קומט אלעם צוליעב דעם וואס די שבטים זיינען נישט פעראייניגט — האט לפידות געזאגט — מיט יאהרען צוריק האט אונזער גרויסער קעמפער און פיהרער יהושע איינגענומען חצור און זי פארברענט, דעם קעניג פון חצור האט ער מיט'ן שווערד געטויטעט. אבער ווען די צדונים האבען באמערקט אז מיר זיינען אפגעשוואכט געווארען דורך דעם וואס מיר זיינען נישט פעראייניגט, האבען זיי אויפגעהויבען זייערע קעפ... זיי האבען איבערגעבויט זייער הויפט־שטאט חצור און זיך באפעסטיגט, און זיי האבען אוועקגענומען פיעלע שטעדט פון דעם שבט נפתלי און פון דעם שבט אשר. און מיט יעדען יאהר שפרייטען זיי אויס זייער הערשאפט אלץ טיעפער, אז אפילו אונזער שבט פיהלט שוין זייער דרוק.

— מיר נעהמען זיך צופיעל צום הארצען, — האט נאך א פאסטוך אויסגערופען, — אונזער שבט איז גאנץ געזיכערט און דאס וואס האט פאסירט נעכטען איז עס בלויז א צופאל. עטליכע צדונים האבען פארבלאנדזשעט אין אונזער געגענד און ווען זיי האבען אנגעטראפען אויף זייער וועג איין פאסטוך, זיינען זיי איהם באפאלען.

— ווען דאס וואלט פאסירט מיט דיר, וואלסטו אויך נישט גלייכגילטיג געווען! וויפיעל האט געפעהלט אז ער זאל פארלירען זיין לעבען!

— ווען איך וואלט זיינע געשרייען נישט דערהערט, וואלט ער נאך ביז יעצט געווען צוגעבונדען צום בוים, — האט לפידות געזאגט.

— יא, אזא פאסירונג איז גענוג אונז אלעמען טרויעריג צו מאכען. יעצט וועט יעדער פון אונז מורא האבען צו פיטערען די שאף איינער אליין.

— דערווייל איז דא גענוג פאשע פאר אונז אלעמען, — האט לפידות געזאגט, — און מיר דארפען זיין צופריעדען אז מיר קענען זיין צוזאמען.

דער אומעט פון די פאסטוכער איז נאך אלץ געווען קאנטיג אויף זייערע פנים'ער. ביז יעצט, ווען זיי פלעגען זיך צוזאמענקומען, פלעגט די לופט אפהילכען פון זייערע לידער און פון זייער הארציגען לאכען. מען פלעגט איינער דעם צווייטען דערצעהלען פארשיעדענע מעשיות אויף דעם חשבון פון זייערע בעקאנטע מיידלעך... אבער דיזען פריהמארגען זיינען זיי אלע גאנץ ערנסט געווען.

פלוצלונג האט אימיצער פון זיי אויסגערופען: — זעהט, ווער קומט עס אן פון דעם בארג!

אלע האבען שנעל אויפגעהויבען זייערע אויגען און געווענדעט זייערע בליקען אין דער ריכטונג וואו דער פאסטוך האט אנגעצייגט.

— מיר דוכט זיך אז א פרוי קומט אן.

— א פרוי? — האט א צווייטער א

שמייכעל געטהאָן, — און מיר דוכט זיך אז דאָס איז גאָר א יונגע מיידעל.

— ווי פאַרזיכטיג זי פיהרט איהר אייזעל ארונטער פון בארג!

— אפשר קומט זי אונז אָנזאָגען א שלעכטע בשורה פון שטאָדט?!...

— דו האָסט נאָר מורא! — האָט איהם אימיצער א זאָג געטהאָן, — אויב עפּעס האָט פּאסירט, וועט מען עס דורך קיין אנדערען נישט שיקען אָנזאָגען, ווי דורך א יונגע שעהנע מיידעל!

— און דו ביזט עס אזוי זיכער, אז די וואָס קומט אָן איז א שעהנע מיידעל? ווי עס ווייזט אוים, ביזטו זעהר ווייטזיכטיג.

— ווי עס קומט צו זיינע שאָף איז ער קורצזיכטיג, — האָט נאָך איינער א שפּאס געטהאָן, — אָבער א שעהנע מיידעל קען ער דערקענען אפילו פון גאנץ ווייט.

— איך וועט זיך מיט אייך אז זי איז א שעהנע מיידעל! — האָט יענער פּאסטוך זיך אָפּגערופען, — זעהט איהר דען נישט ווי שעהן און גראציעז זי באוועגט זיך.

— איין זאַך בין איך זיכער אז זי איז נישט פון אונזער שטאָדט.

— און מיר וואונדערט זיך וואָס פאַר א גוטע ראיה איהר האָט אלע! — האָט א ברייט־ביינינגער, דיקליכער פּאסטוך אויסגערופען, — איך קען אפילו נאָך נישט דערקענען אויב דער פּערזאָן וואָס קומט אָן פון בארג איז א פרוי אָדער א מאַן און איהר קענט שוין זעהן ווי זי קוקט אוים און וואָס פאַר א קליידער זי טראָגט! . . .

— איך באמערק אז איהר אייזעל איז אנגעלאָדען און דאָס איז א סימן אז קיינער האָט זי נישט געשיקט צו אונז אָנצוזאָגען שלעכטעס אָדער גוטעס. ווי עס ווייזט אוים וואנדערט זי ערגעץ־וואו.

— אָבער זי קומט אָן אין אונזער ריכטונג! — האָט א פּאסטוך אויסגערופען מיט א פרעהליכע שטימע, — און יעצט זעה איך אז זי איז ווירקליך א שעהנע יונגע מיידעל.

די פּאסטוכער האָבען זייערע בליקען נאָך מעהר אָנגעשטרענגט. זיי זיינען געבליבען שטעהן באוועגלאָזע און מיט גרוים אונגעדולד געוואַרט ביז די וואַנדערין וועט זיך דערנעהענטערען צו זיי.

זייער שטימונג האָט זיך אין גאנצען געביטען. די פּנים'ער זיינען פרעהליכער געוואָרען. זייערע אויגען האָבען גענומען אויפלייכטען און ווען די פרעמדע איז שוין גאנץ נאָהענט געווען האָבען זיך אלע מיט אמאָל א לאָז געטהאָן און איהר אנטקעגען געגאנגען.

די יונגע וואנדערין האָט זיך אָפּגעשטעלט און א ווייל'ע זיי אלעמען בעטראַכט.

— קענט איהר מיר פּיעלייכט אָנצייגען דעם וועג נאָך שלה? — האָט זי זיך צו זיי געווענדעט.

— געוויס! — האָבען אלע מיט אמאָל אויסגערופען.

— איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין אויב איהר וועט זיין גנעדיג גענוג מיר דעם קירצעסטען וועג צו צייגען.

— דער קירצעסטער וועג צו שלה?

— האָט לפּידות א קנייטש געטהאָן מיט דעם שטערען, ארומקוקענדיג זיך.— דער קירצעסטער וועג צו שלה איז דער וועג פון דער רעכטער זייט, אָבער דאָס איז א גאנץ געפעהרליכער וועג צו וואנדערען פאַר א יונג מיידעל ווי דו ביזט. יאָ, איך וואָלט דיר נישט ראטהען צו וואנדערען אומבאשיצט.

— זינט ווען איז עס געפעהרליך צו וואנדערען דורך מיין שבט? — האָט זי זיי געפרעגט. — זיינען דען די מענשען פון אפרים אזוי פאַרדאָרבען אז זיי וועלען באלעסטיגען א פּערזאָן פון זייער אייגענעם שבט, וועלכער טהוט זיי קיין שלעכטעס נישט?

— אָבער מיין הארינטע, דו האָסט מיך ניט פארשטאנען, — האָט לפּידות זיך אָפּגערופען, — איך וועל געוויס קיין שלעכטעס נישט ריידען אויף די מענשען פון מיין שבט, אָבער די וועגען זיינען יעצט געוואָרען געפעהרליך, בפרט פאַר פרויען.

— מיט וואָס איז עס יעצט געוואָרען מעהר געפעהרליך ווי פריהער?

— די כנענים פון צפון וועלכע רופען זיך צדונים האבען גענומען אריינדרינגען טיעפער אין אונזער לאנד, — האט לפידות געזאגט מיט אן ערנסטע שטים.

— דאס וויס איך, צום בעדויערען, אבער עס איז דאך אונמעגליך אז זיי זאלען האבען דערגרייכט אויך אונזער שבט אפרים, די שבטים וועלכע זיינען פריהער פון אונז זיינען נאך שטארק גענוג נישט דורכצולאזען דעם שונא.

— לאמיר איהר דערצעהלען וואס עס האט נעכטען פאסירט דא נישט וויט! — האט א צווייטער פאסטוך זיך אריינגעמישט, — דאן וועט זי זיך גלייך אומקעהרען אהיים.

— אט דיזער פאסטוך האט נעכטען שיער זיין לעבען נישט פארלארען! — האט אימיצער אנגעצייגט אויף דעם פאסטוך — ווען נישט ער, האט ער אנגעוויזען אויף לפידות'ן, וואלט ער געווים טויט געווען.

— אבער וואס האט פאסירט? — איז שוין די אומבעקאנטע נייגעריג געווארען.

— ער האט געפיטערט די שאף גאנץ אליין ביי דעם ברעג פון בארג און פלוצים זיינען אנגעקומען פיער צדונים און איהם געבונדען און אוועקגערויבט צוויי שעפסען פון זיין סטאדע, — האט לפידות געזאגט.

— און ער האט מיד גערעטעוועט!

— האט דער פאסטוך אויסגערופען, — ער האט מיינע געשרייען דערהערט און איז געקומען און מיך אפגעבונדען.

— און דאריבער האבען מיר אלע בעשלאסען צו פיטערען צוזאמען! — האט לפידות צוגעגעבען, — יעצט זעהסטו שוין ווי געפעהרליך עס איז פאר דיר אליין צו וואנדערען דורך דיזען וועג, בפרט נאך אז דו ביזט אומבעשיצט און אומבעוואפענט.

— איהרע אויגען זיינען איהרע וואפען, — האט זיך איינעו פארגלוסט צו טרייבען שפאס, — ווען זי וועט דערזעהן די צדונים, וועט זי זיי מיט די בליקען פון איהרע שעהנע אויגען דערשטעכען

— יעצט איז נישט די צייט צו שפאסען! — האט זיך לפידות אויף איהם א בייזער געטאן, — מיר מוזען זי דאך ווארענען וועגען דער געפאהר.

— איך וואלט דיר געראטהען, — האט ער זיך צו איהר געווענדעט, — דו זאלסט זיך אומקעהרען צוריק צו דיין פאטער'ס הויז.

— ניין, איך מוז געהן נאך שלה! — האט זי פעסט בעשלאסען, — איך פארלאז זיך אויף גאט, דעם גאט פון אונזערע עלטערען אברהם יצחק און יעקב, אז ער וועט מיך בעשיצען אויפ'ן וועג.

— ווערסטו אונז פיעלייכט זאגען פון וועלכער שטאדט דו קומסט? — האט לפידות איהר געפרעגט, — און פארוואס געהסטו נאך שלה?

— איך קום פון דעם הר אפרים — האט זי געענטפערט, — און איך פיהר מיט זיך קנויטען פאר דעם משכן וואס געפינט זיך אין שלה. ווייל איך האב געהערט אז גאטעס הויז איז פארלאזען. די הייליגע מנורה ברענט נישט ביינאכט.

— פאר דעם משכן אין שלה?! — האבען זיך די איבריגע פאסטוכער איבערגעקוקט מיט א שמייכעל, — און וואו איז דיין פסל? און ווי אזוי וועסטו דארט קענען דיענען גאט אהן א פסל?

— האט איינער איהר גאנץ ערנסט א פרעג געטהאן.

— ווי איך זעה, — האט די יונגע וואנדערין טרויעריג אויסגערופען, — איז געצענדיענערייי גאנץ פארשפרייט אויך אין דעם שבט אפרים... יא, זיי זיינען נישט שולדיג, מען האט זיי ניט געלערנט, מיינען זיי אז כדי צו דיענען דעם גאט פון ישראל דארף מען באזיצען תרפים (אפגעטער). ניין, מיינע פריינד, — האט זי זיך צו זיי געווענדעט, — אונזער גאט פון אונזערע עלטערען פארבאט צו מאכען א פסל אדער אנדערע געצען!...

— אבער ווי אזוי דען קענען מיר דיענען צו אונזער גאט? — האט איהר לפידות געפרעגט, — מיר מוזען דאך האבען צו וואס צו ווענדען זיך און צו וועמען מקריב צו זיין קרבנות.

—יעצט אי, שוין ביי מיר קיין וואונדער נישט וואס גאט האט אונז פארלאזען און די פעלקער פון ארום האבען גענומען אונז אונטערדריקען! — האט זי אויסגערופען, — פיעלע פון ישראל האבען גענומען פארגעסען אן דעם גאט וועלכער האט אונזערע עלטערען ארויסגענומען פון מצרים, און זיי דיענען צו געצען... ניין, מיינע ברידער, אויב מיר ווילען אז גאט זאל מיט אונז זיין און אונז העלפען געגען אונזערע שונאים, דארפען מיר בלויז צו איהם דיענען. מיר דארפען צוברעכען אלע געצען וואס זיינען געמאכט פון שטיין און האלץ, ווייל אונזער גאט פערלאנגט נישט מען זאל איהם דיענען מיט קרבנות... וואס ער פאדערט פון אונז איז צו בעזיצען א ריינע הארץ מיט אן עהרליכען געוויסען. און מיר קענען צו איהם דיענען מיט אונזער הארץ. די הויפטזאך איז, אז מיר זאלען זיין פעראייניגט צווישען זיך און טהאן גוטעס איינער צום צווייטען.

— דו האסט מיינע אויגען געעפענט, —האט לפידות אויסגערופען און ארויסגענומען פון זיין פעקעל א פסל און עס מאר איהרע אויגען צושמעטערט — פון היינט אן און ווייטער וועל איך צושמעטערען יעדען פסל וואס איך וועל געפינען אין א אידישען הויז. און איהר, מיינע פריינד, נעהמט ארויס אייערע אפגעטער און טהוט צו זיי ווי איך האב געטהאן.

—נעכטען, ווען איך האב פארגעסען מיטצונעהמען דעם פסל, האט מיט מיר אן אומגליק געשעהן, די צדונים האבען מיך שיער נישט געטויטעט — האט איין באסטוד זיך אפגערופען,—איז עס דען נישט א צייכען אז די געטער וואס מיר פירען מיט זיך באשיצען אונז פון בייזן?

— עס איז פיעלייכט געווען דיין גליק וואס דו האסט פארגעסען דיין אפגאט, — האט לפידות צו איהם זיך אפגערופען, — ווען דו וואלסט מיט זיך געהאט דיין פסל, וואלט זיך געווים גאט'ס צארן אויף דיר אויסגעגאסען און דו וואלסט זיכער געפונען דעם טויט! יא, טהוט ווי איך האב געטהאן, זעהט איהר דען נישט אז די ווערטער פון גאט זיינען אין איהר מויל?!

די איבריגע פאסטוכער האבען לפידות'ן געפאלגט, און ארויסגענומען די אפגעטער פון זייערע טארבעס און זיי צושמעטערט אויף פיצלעך...

— און יעצט זאג אונז דיין נאמען!

— האט לפידות זיך צו איהר געווענדעט, — מיר ווילען דיך געדענקען ווייל דו האסט אונזערע אויגען געעפענט.

— מיין נאמען איז דבורה! — האט זי געענטפערט, — דבורה פון דעם בארג אפרים.

— און פארוואס וואנדערסטו אליין אזא לאנגען וועג? — האט איהר לפידות געפרעגט, — האסטו דען נישט קיינע ברידער וועלכע זאלען דיך באגלייטען?

דבורה האט א שטילען זיפץ געטהאן.

— איך האב געהאט א ברודער! — האט זי געזאגט, — איז ער אוועק נאך קדש, וואס בעלאנגט צום שבט נפתלי. און עס איז שוין עטליכע יאהר ווי מיר האבען פון איהם נישט געהערט.

— פארוואס איז ער אוועק נאך קדש, האט ער דען נישט געוואוסט אז דארטען איז די לאגע פון די אידען געפעהרליך? חצור, די הויפט־שטאדט פון די צדונים איז נישט ווייט פון קדש. און נישט איינמאל זיינען די צדונים בעפאלען דעם שבט נפתלי.

— איך אייל זיך, מיין פריינד, — האט דבורה זיך צו איהם אפגערופען,— איך האף אז איך וועל זיך נאך אמאל מיט דיר טרעפען און דאן וועל איך דיר אלע איינצעלהייטען דערצעהלען.

— איך בעט דיך, מיין הארינטע, — איז לפידות צוגעשטאנען, — ערלויב מיר דיך צו בעגלייטען א שטיקעל וועג... איך בין זעהר נייגעריג צו הערען וואס דו האסט צו דערצעהלען.

— אבער ווי אזוי וועסטו קענען פארלאזען דיינע שאף?

— מיינע פריינד וועלען מיר די געפעליגקייט טהאן און אכטונג געבען אויף מיינע שאף ביז וואנען איך וועל זיך צוריקקעהרען... וועט איהר דאס פאר

מיר טהאָן, מיינע פריינד? — האָט ער זיך צו זיי געווענדעט.

די איבריגע פאַסטוכער האָבען צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ, אז זיי שטימען איין, אָבער עס איז געוועזן קענטיג אז זיי זיינען נישט איבריגס צופרידען מיט לפּידות׳עס פערלאַנג.

— יעצט וועסטו מיר נישט ענטזאָגען? — האָט ער זיך אָפּגערופען צו דבורה׳ן.

— בלויז א שטיקעל וועג! — האָט זי איינגעשטימט, — ווייל דו ביזט געוועזן דער ערשטער זיך צוצוהערען צו מיינע רייד און צושמעטערט דעם אָפּגאָט.

לפּידות האָט איהר נעהאָלפען ארויפזעצען זיך אויף דעם אייזעל און ער איז איהר נאָכגעגאַנגען.

די איבריגע פאַסטוכער האָבען איהם באַגלייט מיט בליקען פון קנאָה ביז וואַנען מען האָט זיי שוין מעהר ניט געקענט זעהן.

— לפּידות האָט מזל, — האָט איינער אויסגערופען, — טאָמער איז אונז אנטקעגען געקומען א שעהנע מיידעל, האָט ער אליין בלויז צוגעצויגען איהר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט.

— מיר קומט אוים דעם ערשטען מאָל צו הערען אזעלכע רייד פון א יונגער מיידעל! — האָט א צווייטער פאַסטוך א זאָג געטהאָן און געוואָרפען זיינע בליקען אויף דעם צושמעטערטען פּסל, וואָס איז געלעגען נעבען זיינע פיס.

— ווער ווייס אויב מיר האָבען ריכטיג געהאַנדעלט?! — האָט א דריטער פאַסטוך א זאָג געטהאָן, — מיר האָבען צובראָכען די הייליגע פּסלים און מעגליך אז מיר האָבען דערמיט ערוועקט דעם צאָרן פון אונזער גאָט, און ער וועט אויף אונז אלעמען אָנשיקען אן אומגליק.

— האָסטו דען נישט געהערט אז אונזער גאָט וויל נישט לײַדען ווען מיר מאַכען פּסלים און תרפים?

— און פון וואַנען ביזטו עס אזוי זיכער אז די יונגע שעהנע מיידעל איז גערעכט?

— מען האָט גלייך געקענט דערקענען אז זי ווייס וואָס זי רעדט... יאָ, זי איז געלערנט און ווייס אלעס וואָס איז געשריבען אין דער תורה.

— דאָס אליין איז א גוטער בעוויז אז זי איז אנדערש פון די איבריגע מיידלעך. זי האָט קיין מורא נישט אליין צו געהן אין שלה, צו דינען גאָט.

— עס פאַרדריסט מיך וואָס זי איז אזוי שנעל אוועקגעגאַנגען, — האָט א הויכער דארער פאַסטוך מיט א בלאַסען פּנים, זיך אָפּגערופען.

— ווער האָט דיר געהייסען זיין אזא נאַר, פאַרוואָס האָסטו נישט געטהאָן ווי לפּידות האָט געטאָן?

— לפּידות איז קלוג און ער ווייס ווי צו ריידען און האַנדלען.

— איך בין זעהר נייגעריג געווען צו הערען וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איהר ברודער, פאַרוואָס ער איז אוועק צום שבט נפתלי.

— געוויס וועט זי אלעס איהם דערצעהלען אויפ׳ן וועג, און לפּידות וועט אונז איבערדערצעהלען.

— און איך וואָלט נישט מיעד געווען צו קוקען אויף איהר שעהנעם פּנים דעם גאַנצען טאָג.

— ווי עס ווייזט אויס, וועלען מיר זי נאָך באַגעגנען אויף דעם וועג צוריק. דאַן וועלען מיר זי נישט אָפּלאָזען ביז זי וועט אונז דערצעהלען וואָס זי האָט אויפגעטהאָן אין שלה און פאַרוואָס זי האָט אהין געפיהרט קנויטען פאַר דער מנורה!

— איך האָב מורא אז לפּידות וועט זיך פאַרזאַמען דעם גאַנצען טאָג. און דערווייל וועלען מיר מוזען אכטונג געבען אויף זיינע שאָף.

— ער האָט געוויס פאַרדינט מיר זאָלען איהם אזא געפעליגקייט טהאָן. ער האָט אונז א סך ארויסגעהאָלפען מיט גוטע עצות.

---

דבורה האָט געריטען אויף איהר אייזעל און לפּידות האָט איהר בעגלייט. א קליינע ווײַלע האָבען זיי ביידע געשווי־

גען, נאכהער האט זיך לפידות צו איהר אפגערופען :

— דו האסט מיר פערשפראכען צו דערצעהלען אלע איינצעלהייטען פון דיין ברודער. איך בעט דיר, דערצעהל דאס מיר יעצט.

עס איז א סך צו דערצעהלען און איך וויל דיר נישט פערהאלטען צו לאנג אין וועג. די פאסטוכער וועלען אומגעדולדיג ווערען.

וועגען דעם דארפסטו נישט זארגען, מיין הארינטע, מיינע פריינד וועלען אויף מיר קיין פאריבעל נישט האבען, ווען איך וועל זיך עטוואס פערשפעטיגען. דערצעהל מיר איך בעט דיר !

— מיט עטליכע יאהר צוריק — האט דבורה אנגעפאנגען דערצעהלען, איז געקומען אין אונזער שטאדט א מאן פון דער שטאדט קדש (קעדעש) פון דעם שבט נפתלי, זיין נאמען איז געווען ברק, דער זוהן פון אבינעם. מיין ברודער האט דאן געארבייט אין פעלד, ווען ער האט פון וויטען בעמערקט א יונגען וואנדערער. ער האט איהם אפגעשטעלט און באלד זיינען זיי ביידע געווארען צוגעבונדען איינער צום צווייטען. ער האט איהם איינגעלאדען צו אונז אין הויז. ברק האט פאר אונז דערצעהלט דעם צוועק פון זיין וואנדערען. יבין, דער קעניג פון חצור אונטערדריקט זעהר דעם שבט נפתלי און אנדערע שבטים, וועלכע גרעניצען זיך מיט זיין לאנד. די שבטים ליידען זעהר פיעל אבער זיי זיינען הילפלאז, ווייל דער קעניג יבין האט א גרויסע ארמעע און ניין הונדערט אייזערנע רייט־וועגען, און דערצו האט ער א שטארקען גענעראל, סיסרא, וועלכער איז זעהר א גרויסער רשע און ער טוט אן פיעלע צרות און נגישות צו די נאהענטע שבטים.

דבורה האט זיך אפגעשטעלט. אין איהרע אויגען האבען זיך טרעהרען בעוויזען.

— איך בין דאן נאך גאר יונג געוועזן, פונדעסטוועגען האב איך בעגריפען די ערנסטקייט פון דער לאגע און איך האב זיך אפגערופען : ״פארוואס פעראייניגען זיך נישט אלע שבטים צוזאמען און קעמפען געגען יענע רשעים ביז וואנען זיי וועלען אין גאנצען פערניכטעט ווערען״. דארויף האט מיר ברק געענטפערט, אז דאס איז געווען דער צוועק פון זיין וואנדערן, אבער צו זיין בעדויערן, וועט ער זיך אומקעהרען אן ענטוישטער צו זיין לאנד.

קיינער וויל זיך צו מיר נישט צוהערען ! — האט ער טרויעריג געזאגט. די, וועלכע ליידען פון דער אונטערדריקונג האבען נישט דעם מוטה זיך געגענצושטעלען, און די וועלכע פיהלען נאך נישט די שווערע האנט פון שונא, זיינען אין גאנצען גלייכגילטיג. די יוגענד זיינען אדער פערנומען אין פעלד אדער מיט די שאף. און ווען זיי האבען צייט, זיצען זיי פערלעגט די הענט און טראכטען זיך נישט אריין אז די געפאהר ווערט מיט יעדען טאג וואס גרעסער און עס קען נאך אמאל זיי אויך דערגרייכען. ווען איך האב דערהערט ברק׳ס רייד האב איך זיך שטארק פאנאנדערגעוויינט. טרעהרען האבען זיך אויך געשטעלט אין די אויגען פון מיין ברודער.

— און ווי האט דיין ברודער געהייסען ? — האט לפידות אונטערבראכען איהרע רייד.

— מיין ברודער׳ס נאמען איז יואש. יע, ווי ער האט דערהערט פון ברק׳ן אזעלכע רייד, איז ער שטארק גערידהרט געווארען און אויסגערופען : ״איך וועל מיט דיר געהן און צוזאמען וועלען מיר וועקען די יוגענד צום קאמף געגען אונזערע שונאים. און דאן איז יואב אוועק מיט ברק׳ן. א היבשע צייט האבען זיי געוואנדערט איבער׳ן לאנד, און ווי מיר האבען זיך נאכהער דערוואוסט איז זיי ביידען יע געלונגען צונויפצוזאמלען א קליינע ארמעע, אבער נישט גענוג זיי זאלען קענען ארויסגעהן אין אן אפענער מלחמה געגען דעם גענעראל סיסרא.

— און וואס האט פאסירט מיט דיין

ברודער נאכדעם ? — האט לפידות איהר געפרעגט.

— מיין ברודער יואש איז אוועק מיט ברק׳ן נאך קדש, און ווי מיר האבען נאכהער זיך דערוואוסט, האבען זייביידע צוזאמען געמאכט עטליכע נישט געלונגענע איבערפאלען איבער דעם שונא, זוכענדיג ארויסצושטויסען דעם שונא פון די שטערט וואס האבען געהערט צו דעם שבט נפתלי. דאן איז פלוצלונג סיסרא געקומען מיט א גרויסע מחנה און ער האט צוטריבען די אידישע בראווע קעמפער. ער האט גענומען פיעלע געפאנגענע פון די אידען און ער, מיין ברודער, איז געווען איינער פון זיי.

— און ביז יעצט האסטו נישט געהערט וואס עס איז געווארען פון דיין ברודער.

— ניין ! האט דבורה טרויעריגג געזאגט און געווישט איהרע אויגען — ברק איז ווידער אמאל צו אונז געקומען, ער האט אונז געזוכט צו טרייסטען. אבער מיר האבען שוין אויפגעגעבען אונזער האפנונג. איבערהויפט האט מיין מוטער זיך נישט געקענט טרייסטען.

— דער שונא האט מיין זוהן דער׳הרג׳עט ! — האט זי אויסגערופען. און פון גרויס צער און ווענאג איז מיין מוטער קראנק געווארען און איז געשטארבען. קורץ נאכדעם האב איך אויך מיין פאטער פארלארען...

— און ווער געפינט זיך מיט דיר אין הויז ? — איז לפידות געריהרט געווארען פון איהר ערצעהלונג.

— איך וואהן צוזאמען מיט מיין זיידען — האט דבורה געענטפערט — מיין זיידע האט געדינט אין דער ארמעע פון אהוד׳ן. יע, ער האט בעגלייט אהוד׳ן דאן ביז דעם פאלאץ פון דעם קעניג פון מואב, און ווען אהוד האט דערשטאכען עגלינ׳ען דעם קעניג פון מאוב, האט מיין זיידע אויף איהם געווארט מיט אן אייזעל און איהם געהאלפען וואס שנעלער צו ענטלויפען.

— אבער איך ווייס נישט ווער עס איז געווען אהוד ?—האט לפידות איהר אנגעקוקט.

— האסטו דען נישט געהערט וועגען דעם גרויסען העלד, אהוד פון דעם שבט בנימין, וועלכער האט זיין לעבען אין געפאהר געשטעלט און איז אוועק צו דעם קעניג עגלין פון מואב, וועלכער האט דאן שרעקליך אונטערדריקט ישראל ? — האט דבורה איהם געפרעגט מיט ערשטוינונג.

לפידות האט זיך פערשעהמט, ער האט ארונטערגעלאזען זיינע אויגען און מיט א נידעריגע שטימע אויסגערופען :

— איך בין זיך מודה, מיין הארינטע אז איך ווייס זעהר ווינציג וואס עס איז פארגעקומען אין אונזער לאנד, מיינע חברים ווייסען אויך גארנישט. און דעריבער ווען מיר הערען פון עמיצען א געשיכטע וואס עס האט פאסירט מיט אונזערע עלטערען, זיינען מיר שטארק פאראינטערעסירט.

דבורה האט זיך א ווײלע פערטראכט.

יעצט פערשטעהט זי פארוואס די יוגענד איז אזוי גלייכגילטיג ווען עפעס פאסירט מיט אן אנדער שבט. זיי זיינען אומוויסענד, זיי ווייסען גאר נישט וועגען דער העלדענטהאט פון זייערע עלטערען, ווי זיי האבען אזוי בראוו און מעכטיג געקעמפט געגען די פיעלע שונאים וואס רינגלען ארום ישראל. באלד איז איהר ארויף א געדאנק, אז ווען זי זאל וואנדערען פון שטאדט צו שטאדט און דערצעהלען די אידען וועגען זייער פארגאנגענהייט, וועט עס ווירקען צו דערנעהנטערען איין שבט צום צווייטען, און פערשטארקען דעם ברידערליכען בונד פון די שבטים.

דיזער געדאנק האט דבורה׳ן שטארק בעגייסטערט. זי האט זיך אפגערופען צו לפידות׳ן :

יעצט פערשטעהע איך פארוואס מיר זיינען אזוי הילפלאז געגען אונזערע שונאים... מיר זיינען אפגעפרעמדט איינער פון דעם צווייטען, ווי מיר וואלטען קיינמאל נישט געווען קינדער פון איין

פאטער. דאס איז ווייל אונזערע עלטערען האבען פארנאכלעסיגט אונז צו ערציהען לויט דעם גייסט פון דער הייליגער תורה וואס משה רבנו האט אונז געגעבען. זיי האבען נישט איבערגעגעבען זייערע קינדער און קינדס־קינדער וועגען די גרויסע וואונדער וואס איז געשעהן מיט זיי ביז וואנען זיי האבען איינגענומען אונזער טייערעס לאנד...

— און פון וואנען ווייסטו אלעס אזוי גענוי און קלאהר — האט לפידות געשטוינט.

— מיין זיידע האט מיט מיר די תורה געלערענט און זינט איך בין נאך א יונג קינד געווען, פלעגט ער מיר דערצעהלען פיעלע וואונדערבארע משיות פון אמאל. און אזוי בין איך פון מיין יוגענד אן אנגעזאפט געווארען מיט די וואונדערשעהנע געשיכטעס פון אונזער פערגאנגענהייט.

— און עס איז יעצט דיין פליכט צו לערנען אונזער פאלק די וועגען פון גאט!

— האט לפידות זיך צו איהר אפגערופען — דיינע רייד זיינען ווי באלזאם צו אונזערע הערצער. איך בין זיכער אז צו דיינע רייד וועלען זיך פיעלע צוהערען.

— דו ביזט גערעכט, לפידות! — האט דבורה אויסגערופען מיט בעגייסטערונג — איך האב נאר וואס וועגען דעם אליין געטראכט, ווען אונזער פאלק וועט וויסען מעהר פון אונזער גרויסער, גלאררייכער פערגאנגענהייט, דאן וועלען אלע אויפגעבען די געצענדינעריי און דינען צו דעם איינציגען גאט אין הימעל, צו דעם גאט פון אונזערע עלטערען אברהם, יצחק און יעקב. און דאן וועט שוין נישט זיין צו שווער צו פעראייניגען די אפגעזונדערטע שבטים. איך שווער ביי גאט! — האט זי אויפגעהויבען איהר רעכטע האנט, אז איך וועל נישט רוהען, ביז וואנען מיר וועט געלונגען צו פעראייניגען די שבטים!

— זאל גאט דיר בעגליקען אין דיין אונטערנעהמונג — האט לפידות זיך צו איהר אפגערופען — און איך שווער אויך צו גאט אז איך וועל מיט מיין גאנצען לייב און לעבען דיר ארויסהעלפען. זאג מיר דבורה, וואס איך קען טהאן. עס מעג זיין ווי שווער פאר מיר וועל איך דאס טהאן!

— דו קענסט מיר א סך ארויסהעלפען! — האט דבורה געזאגט — ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען צו דיין שטאדט זאלסטו זאגען די איינוואהנער אז איך וויל צו זייריידען. און איך בין זיכער אז איך וועל ווירקען אויף זיי צו פערלאזען די פאלשע געטער וועלכע זיי האבען געקראגען פון זייערע שלעכטע שכנים. — איך וול זיי דערצעהלען וועגען אונזערע אמאליגע גרויסע העלדען און וואס זיי האבען אויפגעטהאן פאר אונזער פאלק. איך וועל זיי ערמוטיגען און ערוועקען אין זיי דעם געפיהל פון ברידערליכקייט און פאלקס שטאלץ.

— דאס וועל איך זיכער קענען טהאן!

— האט לפידות אויסגערופען און זיינע אויגען האבען געלויכטען — איך בין אין מיין שטאדט געאכטעט און מיינע רייד וועלען האבען א ווירקונג אויף זיי.

— און יעצט וועל איך דיר נאך עפעס פרעגען — האט דבורה זיך אפגערופען

— זאג מיר קענסטו שרייבען?

— יע! — האט לפידות געזאגט מיט פרייד, כאטש מיינע עלטערען האבען מיט מיר נישט געלערענט די הייליגע תורה, ווייל זיי האבען אויך געהאט געצען אין זייער הויז, דאך בין איך געווען גליקליך גענוג זיך אויסצולערנען צו שרייבען.

— אויב אזוי וועסטו מיר קענען א סך ארויסהעלפען — האט דבורה זיך אפגערופען — אין מיין זיידענ'ס הויז געפינט זיך א ספר תורה, און ווען דו וועסט קענען קומען דארטען און איבערשרייבען די תורה און עס נאכהער פארלאזען פאר די מענשען פון דיין שטאדט, וועט עס פאר מיר א סך גרינגער זיין.

— איך וועל עס גערן טהאן! — האט

לפידות געזאגט מיט פרייד — זאג מיר, דבורה ווען איך זאל קומען!

— דו וועסט דארפען ווארטען ביז וואנען איך וועל זיך צוריקקעהרען פון שילה. אבער פריהער פון דעם, וויל איך אז דו זאלסט פערזאמלען אלע מענשען פון שטאדט, און איך וועל פאר זיי ריידען וועגען דער וויכטיגקייט פון אחדות און אין דער זעלבער צייט וועל איך זיי דערצעהלען די שעהנע געשיכטעס פון אונזערע עלטערען.

— איך וועל טהאן, ווי דו פערלאנגסט — האט לפידות אויסגערופען.

— און יעצט געה צוריק! — האט דבורה איהם געזאגט — איך וועל זיך אין שילה נישט לאנג פערזאמען... איך וועל בלויז זעהן אויב עס וועט זיין מעגליך דארט עפעס אויפצוטהאן און איך וועל זיך באלד צוריקקעהרען.

דבורה האט איהם אויסגעשטרעקט איהר האנט און געזאגט: געה איז דעם נאמען פון אונזער גאט אין בעגליק.

לפידות האט אנגענומען איהר האנט און זיך פערנייגט:

— זאל גאט זיין אויך מיט דיר, דו נביאה! איך בין זיכער, אז דו וועסט ברענגען גליק צו אונזער גאנצען פאלק.

---

דבורה האט אוועקגעריטען אויף איהר אייזעל און לפידות האט זיך א ווײלע אפגעשטעלט און איהר בעגלייט מיט זיינע בליקען, ביז וואנען זי איז אינגאנצען פערשוואונדען געווארען. און ווען זי האט זיך שוין מעהר נישט געזעהן, איז ער נאך אלץ געבליבען שטעהן א צוגעשמידטער צו זיין פלאץ. די מיידעל פון דעם בארג אפרים האט איהם בעצויבערט. איהרע ווערטער קלינגען נאך אין זיינע אויערען. זי האט אין איהם א נייעם גייסט אריינגעגעבען. זי האט איהם זיינע אויגען געעפענט. יעצט זעהט ער ווי בלינד ער איז געווען. זי איז ווירקליך א געטליכע פרוי... איהרע ווערטער זיינען הייליג... יע, זי וועט קענען העלפען פעראייניגען די צושפליטערטע שבטים... דורך איהר וועט גאט שיקען זיין ישועה צו ישראל.

דעם גאנצען וועג צוריק האט ער ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון דבורה'ן און פון דעם וואס זי האט מיט איהם גערעדט. ער האט ביי זיך בעשלאסען, ער וועט נישט רוהען ביז וואנען ער וועט אויסגעפינען וואס עס האט פאסירט מיט איהר ברודער. און אויב ער לעבט נאך און איז געפאנגען ביי די צידונים וועט ער טהאן אלעס מעגליכעס איהם צו בעפרייען... באלד אבער איז ער אריינגעפאלען אין א יאוש... ווער איז ער, אז ער זאל האבען די מעגליכקייט דורכצופיהרען אזא זאך? ער איז ארים, זיין השפעה איז אויך ניט איבעריג גרויס. יע, ער וועט זיך פריהער מוזען בעקענען מיט דעם מערקווירדיגען העלדישען ברק, פיליכט וועלען זיי עפעס קענען טהאן צוזאמען.

ווען לפידות האט זיך צוריקגעקעהרט צו זיינע חברים פאסטוכער, האבען איהם אלע גלייך ארומגערינגעלט און פארווארפען מיט פראגען. איינינע האבען געטריבען שפאס, זיך געזוכט לוסטיג צו מאכען אויף זיין חשבון.

— ווי עס ווייזט אויס איז דיר שווער געווען זיך צו שיידען פון יענער שעהנהייט... דו האסט גאר פארגעסען, אז דו האסט דיין שפייז איבערגעלאזען דא צוזאמען מיט דיינע שאף.

— נו, דערצעהל אונז וועגען איהר! מיר זיינען אלע נייגיעריג צו הערען.

לפידות איז געבליבען שטעהן ווי צוטומעלט... ער האט אפילו נישט געהערט זייערע פראגען.

— זעהט איהר דען נישט, אז ער איז פערליעבט אין דער מיידעל פון בארג אפרים! ער הערט אפילו נישט וואס מען רעדט צו איהם.

— פארוואס זאלסטו טראכטען וועגען זאכען וואס וועלען קיינמאל ניט פערווירקליכט ווערען — האט א הויכער, דארער פאסטוך איהם א קלאפ געטהאן אין פלייצע—ווייסטו דען נישט

אז דיין גאנצע שאף וועט נישט זיין גענוג צו געבען איהר פאטער אלס מהר (נדן) פאר זיין בילד־שעהנער טאכטער?

— זי האט נישט קיין פאטער! — האט לפידות טרויעריג א שאקעל געטהאן מיט זיין קאפ—איהר מוטער איז אויך טויט און איהר איינציגער ברודער איז פערפאלען געווארען.

לפידות'עס לעצטע ווערטער האבען געהאט א שטארקע ווירקונג אויף די איבעריגע פאסטוכער. זיי האבען גלייך אנגעשטעלט ערענסטע פנים'ער... זייער נייגיעריגקייט האט יעצט געשטיגען.

— דערצעהלט אונז וועגען איהר! — האבען איהם אלע געבעטען.

— זי איז א געטליכע פרוי... א הייליגעם פייער ברענט אין איהר הארצען... זי וועט נאך אמאל ברענגען גליק צו אונזער פאלק!—האט לפידות אויסגערופען—זי וועט זיך אפשטעלען אין אונזער שטאדט אויף איהר וועג צוריק אהיים און זי וועט צו אונז ריידען. זי וועט אונז דערצעהלען פון אונזערע אמאליגע העלדען, און אונז אנצייגען דעם ריכטיגען וועג אין וועלכען מיר זאלען געהן! וועט איהר אלע וועלען קומען איהר הערען.

— געוויס!—האבען די פאסטוכער מיט אמאל אויסגערופען.

— נישט נאר איהר אליין זאלט קומען, אבער איהר זאלט וועגען דעם דערצעהלען אייערע פריינד און בעקאנטע... זאלען אלע צוזאמען ארויסקומען ווייל איך ווייס, אז איהרע רייד וועלען טיעף אריינדרינגען אין אונזערע הערצער... זי וועט אונז אויפוועקען פון אונזער שלאף...

— אבער דו האסט דאך אונז נאך אלץ נישט דערצעהלט ווער זי איז? — האבען איהם אייניגע פאסטוכער פארגעווארפען—דו האסט אונז פערשפראכען איבערצוגעבען אלעס וואס זי האט דיר דערצעהלט... האבען מיר דען ניט אכטונג געגעבען אויף דיינע שאף?

— זי איז געטליך. דאס אלעס וואס איך קען אייך יעצט זאגען וועגען איהר. און ווען איהר וועט איהר הערען ריידען וועט איהר דאן פערשטעהן ווער זי איז! —האט לפידות צו זיי געזאגט.

## צווייטער קאפיטעל

## אין דעם משכן פון שלה

ווען דבורה איז אנגעקומען אין שלה, האט שוין גענומען טונקעל ווערען. זי איז געווען גאנץ מיעד פון דער רייזע, אבער פון דעסטוועגען האט זיך אין ערגעץ נישט געוואלט אפשטעלען. זי האט זיך נאכגעפרעגט וואו דער משכן געפינט זיך און אהין גלייך אוועקגעריטען.

ווען זי איז צוגעקומען צום משכן. האט זי איהר אייזעל צוגעבונדען צו א דערבייאיגען בוים, און איהם געבראכט וואסער און עסען. זי איז צוגעקומען צו דעם הויף פון משכן. דארט איז קיינער נישט געווען. א שטילקייט האט געהערשט ארום. זי האט זיך ארומגעקוקט און ווען זי האט קיינעם נישט בעמערקט, האט זי אויפגעעפענט דעם טויער, און אריין אינוויינינג.

דבורה איז געבליבען שטעהן א ווייל אינוויינינג אין חצר (הויף) פון משכן און זיך ארומגעקוקט. און כאטש עס איז שוין גאנץ טונקעל געווען, האט זי אבער נאך געקענט בעמערקען א גרופע מענשען זיצענדיג אויפ'ן גראז אין א ווינקעל פון הויף און ריידענדיג צווישען זיך. ווי עס ווייזט אויס זיינען יענע געווען אזוי פערטיעפט אין זייער שמועס, אז זיי האבען איהר נישט בעמערקט.

זי האט זיך לאנגזאם דערנעהענטערט צו זיי און אויסגערופען:

— ענטשולדיגט מיר, מיינע פריינד, וואס איך שטער אייך, אבער איך בין נאר וואס געקומען פון א ווייטען וועג.

אלע האבען זיך מיט אמאל א הויב געטהאן פון זייערע פלעצער. זיי זיינען געווען אזוי שטארק איבערראשט פון דיזען פלוצלונגען בעזוך, אז זיי האבען זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערען מיט ערשטוינונג.

דבורה האט זיי ערקלערט, אז זי איז געקומען מתפלל זיין אין משכן. און זי האט זיי געפרעגט פארוואס עס איז אינווייניג אזוי פינסטער. זייט איהר דען נישט די דינער פון דעם משכן ?—האט זי זיך צו זיי געווענדעט.

— יע, מיין הארינטע—האט זיך אן עלטערער מאן פאר איהר פערנייגט — מיר זיינען די דינער פון גאָט, מיר זיינען די לויים וועלכע טוען די הייליגע ארבייט אין משכן.

— אָבער פארוואס איז קיינער נישטא אינוועניג ?—האט דבורה געפרעגט.

— ווייל עס איז פינסטער אין נאָטעם הויז.—האט איינער פון די לויים זיך אָפּגערופען—דאס פאָלק האט אויפגעהערט צו קומען. און ווינציגע וועלכע קומען אמאָל בעזוכען און ברענגען א קרבן פאר גאט, זיינען פון די אָרימע, און זיי קענען קיין סך נישט איבערלאָזען פאר׳ן משכן.

— עס זיינען שוין מאָנאטען אריבער זינט מיר האָבען די מנורה נישט אָנגעצונדען !—האט א צווייטער אויסגערופען—די אויל איז אָנגעגאָסען אין די רעהרען פון דער מנורה אבער מיר האָבען קיין קנויטען נישט. יע, זעהר א שלעכטע צייט איז פאר אונז ענטשטאַנען. אידען האָבען אויפגעהערט באזוכען דעם הייליגען משכן. פיעלע האבען איינגעפיהרט די פסלים און תרפים. זיי האבען אויפגעשטעלט מזבחות און במות פאר די געצען און קומען מעהר נישט אין שלה. דריי מאָל א יאָהר קומען נאך איניגע אידען בעזוכען דעם משכן, וואו זיי ברענגען מעשר תרומות און בכורים... יע, ווען נישט דאס וואָלטען מיר אלע פון הונגער געשטאָרבען... און אזוי ליידען מיר אויך גרויס נויטה.

— איך האב מיטגעבראַכט קנויטען פאר דער מנורה—האט דבורה אויסגערופען—פון מיין שטאָדט זיינען איינינע געווען אין שלה און איך האב זיך פון זיי דערוואוסט, אז אין משכן איז פינסטער ביינאַכט.

— אָ, זיי געבענשט צו גאָט !—האט דער עלטערער לוי אויסגערופען — דו האסט א גרויסע מצוה געטהאן.

זי איז מיט איהם מיטגעגאנגען צו איהר אייזעל און האט ארויסגענומען צוויי פעקלעך און זי איבערגעבען צום עלטערען לוי.

א ווײַלע שפּעטער האט די מנורה געברענט. אין משכן איז ליכטיג געווארען און דבורה איז צוגעגאנגען צו דעם ארון וואו די לוחות זיינען געווען און האט מתפלל געווען.

די עטליכע לויים וועלכע זיינען געווען אין משכן, האבען מיט נייגיעריגע בליקען נאָכגעפאָלגט אלעם וואָס די יונגע פרוי האט געטהאן... זיי האבען דייטליך געקענט הערען איהר שטימע, ווען זי האט אויסגעגאָסען איהר הארץ פאר גאָט :

„אָה, מעכטיגער גאָט, בעשאפער פון דער וועלט, פערנעהם מיין געבעט, וואס קומט פון דער טיעפענים פון מיין הארצען. שיק דיין הילף צו דיין פאָלק ישראל און בעשיץ זיי פון זייערע שונאים. דו האסט בעפרייט ישראל פון שקלאפעריי אין מצרים. און זיי געפיהרט אין דער מדבר פערציג יאָהר, ביז וואנען דו האסט זיי אריינגעפיהרט אין דעם לאנד, וואס דו האסט פערשפּראָכען צו זייערע עלטערען, אברהם יצחק און יעקב. און יעצט זיינען זיי אונטערדריקט פון זייערע ארומיגע שכנים. אמת, ישראל האט זיך פון דיר אָפּגעקעהרט, זיי דינען צו די אָפּגעטער און זיי טהוען נישט דיין ווילען, אָבער דו ווייסט דאָך, בארמהערציגער פאָטער אז נישט פון שלעכטקייט טהוען זיי דאס, נאָר פון אומוויסענהייט. גיעב זיי אריין שכל און פערשטאנד, זיי זאלען פערנעהמען דיין תורה און פערשטעהן ווי צו געהן אין דיינע וועגען. זיי זאלען זיין פעראייניגט צווישען זיך, כדי זיי זאלען קענעןביישטעהן געגען די פעלקער, וועלכע זוכען זיי שלעכטעס צו טהאן.. אה, גאָט, בעשיץ מיין ברודער יואש און קעהר

איהם אום צו מיר, עס זאל צו איהם קיין שלעכטעס נישט געשעהן."

די לויים זיינען געבליבען שטעהן ערשטוינט. זיי האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און געקוועטשט מיט די פלייצעס.

— זי איז א הייליגע פרוי!—האט איינער זיך אפגערופען אין דער שטיל צו זיינע פריינד.

— אבער זי איז דאך אזוי יונג!

— דעם ערשטען מאל וואס מיינע אויערען הערען אזא הארציגע תפלה... מען קען גלייך דערקענען אז זי איז נים קיין איינפאכע פרוי.

— אט וועל איך געהן אנזאגען דעם כהן פון משכן וועגען אזא וויכטיגען גאסט!—האט איינער זיך אפגערופען —זי איז געווים מיעד און הונגעריג, אין זיין הויז וועט זי זיכער געפינען א רוהע פלאץ.

די לויים האבען שנעל פערלאזען דעם משכן, און דבורה איז דארט געבליבען גאנץ אליין. זי איז געשטאנען נעבען הייליגען ארון פון די לוחות און בעטראכט דעם משכן מיט זיינע כלים.

— דאס אלעס איז געמאכט געווארען דורך משה'ס בעפעהל אין דער מדבר— האט זי געטראכט — ווי הייליג און פורכטבאר איז דיזער פלאץ... די עטליכע פלאמען וואס האבען געשיקט א מאטען טונקעלען ליכט ארום, האבען זיך בעוועגען, און די שאטענס ארום די ווענט האבען אויסגעזעהן נאך מעהר מורא'דיג און סודות'דיג. דבורה האט פלוצלונג דערפיהלט, ווי זי הערט די שטימע פון גאט וואס רופט איהר צו געהן וועקען ישראל, איהם לערנען די וועגען פון דער תורה און ערמוטהיגען און ערמונטערען איהם צום קאמפף. איהר בעגייסטערונג און התלהבות האט געוואקסען מיט יעדע רגע, דיזער משכן דארף ווידער ווערען דער מיטעל פונקט פון וואנען די שבטים זאלען קריגען זייערע גייסטיגע שפייז—האט זי בעשלאסען דאס אידישע פאלק מוז ווערען זעלבסשטענדיג און אונאבהענגיג ווי אין די צייטען פון יהושע.

ווען זי איז ארויס פון משכן, איז איהר ענטקעגען געקומען אן אלטער מאן און זיך אפגערופען:

— זיי געבענשט צו גאט, מיין טאכטער, די לויים האבען מיר נאר וואס געלאזען וויסען, אז דו ביזט געקומען אין גאטעס הויז מתפלל צו זיין און דו האסט געבראכט ליכט אין דעם משכן. זאל גאט ערפילען אלע דיינע פערלאנגען און זאל ליכטיג ווערען אין אונזער לאנד.

דבורה האט זיך פערנייגט און איהם בעדאנקט פאר זיין ברכה.

— איך בין געקומען דיר איינצולאדען אין מיין הויז—האט זיך דער אלטער צו איהר געווענדעט—מיין נאמען איז שפט, איך בין דער כהן פון משכן, קום מיט מיר און מיין פרוי וועט זעהן, אז דיר זאל גארנישט פעהלען דורך דער צייט וואס דו וועסט פערזאמען אין שלה.

דבורה איז אריין מיט דעם אלטען כהן אין הויז, און באלד האט זי זיין וויב עמפפאנגען מיט גאסטפריינדליכקייט און צערטליכקייט.

זי האט איהר געבראכט עטוואס צו עסען און נאכהער האט זי איהר אנגעוויזען אויף א פלאץ צו שלאפען.

דבורה איז געווען זעהר מיעד פון וועג און איז באלד איינגעשלאפען.

אויף מארגען האט דער אלטער כהן איהר געפרעגט ווער זי איז און פון וואנען זי קומט.

דבורה האט איהם דערצעהלט.

— ווען איך האב דערהערט, ווי דער הייליגער משכן איז פערנאכלעסיגט— —האט זי פערענדיגט—האב איך מעהר נישט געקענט רוהען. איך האב בעשלאסען צו מאכען די רייזע אליין... און איך האב אויסגעפונען די אורזאכע פאר וואס די שבטים זיינען אזוי גלייכגילטיג צו אונזערע הייליגטהימער. זעהר ווינציג פון זיי וויסען וועגען אונזער

פערגאנגענהייט. זיי האבען קיין אהנונג פון אונזער הייליגער תורה. ביי זיי קומט אויס, אז דינען אונזער גאט דארף מען מיט פסלים און תרפים. אנדערע האבען זיך אפגעלערענט פון די ארומיגע פעלקער און דינען צו דעם בעל.

— איך געדענק נאך די צייט, ווען די שטאדט שלה איז געווען פול מיט מענשען... פון איבער'ן גאנצען לאנד האט מען אהער געשטראמט. פון אלע שבטים איז מען אהער געקומען און געבראכט מתנות פאר גאט און די לויים, זיינע דינער, ווען עס פלעגט קומען א יום טוב, איז אין שטאדט קיין פלאץ נישט געווען פאר די אלע וועלכע פלעגען עולי רגל זיין צום משכן... און יעצט איז אלעס פוסט און וויסט, גאטעס הויז איז ליידיג. דער מזבח איז פערלאזען. פיעלע פון די לויים האבען געמוזט אוועקגעהן זוכען זייער ברויט ערגעץ אנדערש.

— יע, ווי איך האב אויסגעפונען— האט דבורה צוגעגעבען—פארדינגען זיך פיעלע לויים צו זיין משרתים ביי די אפגעטער.

— זיי בעגעהן דאמיט א גרויס פערברעכען אבער אין גאנצען בעשולדיגען זיי טארען מיר נישט, ווייל זיי הונגערען און וואס וועט א מענש נישט טהאן צוליעב א שטיקעל ברויט!

— אבער דערווייל ווערט די געצענדינסט טיעפער איינגעווארצעלט ביי די אידען און עס וועט זיין גאנץ שווער זיי אוועקצונעהמען פון דעם.

—עס זיינען געווען צייטען ווען איך האב געקענט אנצייגען די אידען דעם ריכטיגען וועג, ווען זיי פלעגען זיך פערזאמלען אין משכן און איידער זיי פלעגען מקריב זיין זייערע קרבנות, פלעג איך צו זיי ריידען און ערקלעהרען די תורה... אבער יעצט בין איך שוין אלט און שוואך, איך האב אפילו נישט ווער עס זאל מיין פלאץ פערנעהמען נאך מיין טויט. די לויים, וועלכע געפינען זיך יעצט אין משכן זיינען אויך נישט אזוי ווי זייערע עלטערען זיינען געווען.. זיי זוכען בלויז זייערע אייגענע נוצען, און דעריבער ווען עס פאנגט אן צו ווערען שלעכט, פערלאזען זיי דעם משכן און וואנדערען אויס פון שלה. און זיי פערדינגען זיך אלס פריעסטער צו איינצעלנע פערזאנען, וועלכע האבען אנגעפיהרט געצענדינער אין זייערע וואהנונגען.

— און פון די שבטים פון צפון קומען אויך זעלטען אין שלה? — האט דבורה געפרעגט.

— אין די לעצטע יאהרען האבען זיי אנגעפאנגען צו קומען אהער אבער אין זעהר א קליינע צאהל, בלויז די וועלכע האבען געליטען אדער וועלכע ליידען יעצט פון דער אונטערדריקונג פון יבין דעם קעניג פון חצור. יע, יענע קומען אמאל אויסגיסען זייערע הערצער פאר גאט. מיט איניגע טעג צוריק איז אהער געקומען א מאן פון דעם שבט נפתלי און ער האט געבראכט א קרבן אויף דעם מזבח און אויך מתנות פאר די לויים.

— האט דער מאן שוין אפגערייזט פון דאנען? —האט זיך דבורה פעראינטערעסירט.

— ניין! —האט דער אלטער כהן געענטפערט—ער געפינט זיך נאך אין שטאדט. ער וועט ווארשיינליך באלד צוקומען צום משכן. ער איז מתפלל יעדען טאג צו גאט, ווייל אן אומגליק האט אין זיין הויז פאסירט. איך האב איהם איינגעלאדען צו שטעהן אין מיין הויז, אבער ער האט זיך ענטזאגט, ווייל מיט איהם זיינען געווען צוויי פון זיינע קנעכט. און זיינע אייזלען זיינען געווען געלאדען מיט ווייץ און פרוכט... ווי עס ווייזט אויס איז ער א רייכער מאן פון דעם שבט נפתלי.

— איך בין זעהר גערן צו זעהן אימיצען פון דעם שבט נפתלי! — האט דבורה אויסגערופען — מיין איינציגער ברודער איז מיט עטליכע יאהר צוריק אוועק צו יענעם שבט און זינט דאן האב איך פון איהם גארנישט געהערט. און ווי מען האט מיר נאכהער איבערגעגעבען האט סיסרא, דער גענעראל פון

דעם קעניג יבין, איהם גענומען געפאנגען.

— יע, זעהר א שלעכטע צייט איז אנגעקומען אויף אונזערע ברידער פון צפון—האט דער אלטער כהן געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען—זאל זיך אונזער פאטער אין הימעל איבער זיי מרחם זיין. איך האב שוין פון פיעלע פאלען געהערט—אבער זאג דאך מיר, ווי קומט דיין ברודער צו דעם שבט נפתלי, ווען איהר שטאמט גאר פון דעם שבט אפרים.

דבורה האט איהם דערצעהלט וועגען ברק'ן און וועגען זיינע פלענער צונויפצוזאמלען אן ארמעע.

— יע, מיין ברודער איז מיט איהם געגאנגען, צוזאמען האבען זיי געזאמעלט א מחנה, אבער ווי עס ווייזט אויס, איז זי נישט גענוג גרויס צו בעזיעגען די צדונים און דעריבער האבען די אידען ערליטען א מפלה פון די הענט פון שונא.

דבורה איז מיט דעם כהן אוועק צום משכן. און ווען זיי זיינען אריין אינוועניג, האבען זיי דארטען געטראפען די לויים טהוענדיג די עבודה נעבען מזבח.

נעבען דעם ארון האט דבורה בעמערקט א מאן וועלכער איז געשטאנען געבויגען און שטילערהייט מתפלל געווען.

— דאס איז דער מאן וועגען וועמען איך האב מיט דיר פריהער גערעדט — האט דער כהן זיך אבגערופען צו דבורה'ן. ער האט מקריב געווען זיין קרבן און יעצט איז ער מתפלל צו גאט.

דבורה האט געווארט ביז וואנען ער איז פארטיג געווארען. זי האט איהם בעטראכט, ער האט אויסגעזעהן צו זיין אן עלטערער מענש, זיינע האר און בארד זיינען געווען גרוי. זיין פנים איז געווען געקנייטשט. זיין שטימע האט געקלונגען טרויעריג און הארצרייסענד.

— מיין האר!—האט זי זיך אפגערופען דערנעהענטערענדיג זיך צו איהם—איך האב געהערט, אז דו קומסט פון דעם שבט נפתלי—קענסטו מיר פיליכט זאגען וואס דארטען הערט זיך?—איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען די לאגע פון אונזערע ברידער, דארטען.

— נישט קיין גוטע נייעס קענסטו פון מיר הערען, מיין טאכטער—האט איהר דער מאן געענטפערט—די לאגע פון אונזער שבט ווערט ערגער מיט יעדען טאג. איבערהויפט ליידעט דער שבט נפתלי און דער שבט זבולון, יבין, דער קעניג פון חצור זוכט וואס מעהר זיך אויסצושפרייטען, און עס געהט נישט אוועק קיין טאג, וואו זיינע סאלדאטען פערכאפען נישט א שטיק לאנד פון אונזערע שבטים. איבערהויפט לאזט דער גענעראל סיסרא אונז פיהלען זיין מאכט. ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען בעזיצט ער... און וואס ווייטער ווערט ער שטארקער... און ווען אונזערע בראווע יונגען האבען געמאכט א פערזוך זיך געגענצושטעלען סיסרא'ן, האבען זיי ערליטען א שטארקע נידערלאגע. פיעלע זיינען געטויטעט געווארען און נאך מעהר זיינען גענומען געווארען אין געפאנגענשאפט, וואס איז נאך ערגער ווי דער טויט... ווי מיר האבען זיך דערוואוסט בענעהמען זיך די צידונים מיט גרויס אכזריות צו די געפאנגענע אידען. זיי צווינגען זיי צו קעמפפען געגען זייערע אייגענע ברידער.

דבורה האט געוויינט ווען זי האט דערהערט דיזע טרויעריגע בשורה.

— מיין ברודער איז אויך א געפאנגענער ביי סיסרא'ן—האט געווישט איהרע אויגען—גאט ווייס אויב ער לעבט נאך!

— אין מיין משפחה האט אויך געטראפען אן אומגליק!—האט דער אלטער אויסגערופען — מיין איידעם איז גענומען געווארען געפאנגען, בלויז איין וואך נאך זיין חתונה און יעצט וועט מיין טאכטער פערבלייבען אן עגונה איהר גאנצען לעבען. זי האט פון איהם א זוהן געבארען און יעצט זיצט זי אין מיין הויז שוין עטליכע יאהר און טרויערט איבער דעם מאן וועמען זי האט זעהר ליעב געהאט, יע, קיין טרייסט איז פאר איהר נישטא... ווען א מאן

שטארבט, טרויערט מען איבער איהם א געוויסע צייט און נאכהער הערט מען אויף, אבער אין איהר פאל איז עס א סך ערגער. זי ווייסט נישט אויב ער לעבט אדער טויט... צוליעב דעם וועט זי איהר גאנצען לעבען מוזען זיצען און טרויערען, ווייל אלס אן עגונה וועט דאך איהר נישט זיין ערלויבט צו הייר־ראטען מיט א צווייטען.

— איז עס אומעגליך אויסצוגעפינען אויב איהר מאן לעבט נאך? — האט דבורה איהם געפרעגט.

— געוויס! שוין עטליכע יאהר ווי קיינער פון די אידישע סוחרים וואגען אריינצוקומען אין זייער לאנד און אפילו ווען מיר זאלען הערען, אז איהר מאן איז טויט, וועט עס איהר גאר קיין נוצען נישט ברענגען, ווייל כדי זי זאל נישט דארפען פערבלייבען אן עגונה, מוזען צוויי עדות בעשטעטיגען אז ער איז טויט און זיי דארפען ברענגען אלע סימנים, אז דאס איז איהר מאן. די איינציגע האָ־פענונג וואס איז ביי מיר פערבליבען, איז אז מיין איידים לעבט נאך און גאט וועט נאך איהם ווען עס איז צוריקקעהר־רען בשלום צו מיין טאכטער און איהר זוהן, א. ווען דו וואלסט נאר געקענט זעהן איהר קינד ווי שעהן און געראטען ער איז... קוים צוויי יאהר אלט און ער פערשטעהט אלעס, איידער איך האב אפגערייזט פון מיין היים, האט ער זיך צו מיר אפּגערופען:

"זיידע, ווען דו וועסט קומען צוריק, זאלסטו ברייגנען מיין פאטער... איך וויל איהם זעהן."

איך האב איהם געדריקט צו זיך און געקושט... איך האב איהם פארשפראכן. יע, ווען גאט וואלט נאר זיך צו מיינע תפלות צוגעהערט... דאס ארימע קינד פיהלט שוין זיך אומגליקליך... ער זעהט ווי זיין מוטער הערט נישט אויף צו וויינען... און ער פערשטעהט שוין וואס איהרע טרעהרען בעדייטען.

— איך בין זיכער! — האט דבורה אויסגערופען, אז צוליעב דעם זכות פון דעם אומשולדיגען קינד, וועט גאט בע־שיצען זיין פאטער און איהם צוריקקעה־רען.

— זיי געטרייסט פון גאט, ווי דו האסט מיר געטרייסט! — האט דער אל־טער אויסגערופען — עפּעס פיהל איך, אז דיינע רייד וועלען מקוים ווערען... און דער פאטער אין הימעל וועט זיך צו מיי־נע תפלות צוהערען, צוליעב דעם זכות פון מיין אייניקעל גדעון.

— איז דער נאמען פון דיין אייניקעל גדעון? — האט איהם דבורה געפרעגט.

— יע, דאס איז זיין נאמען! אבער זיין פאטער ווייס אפילו נישט אויב ער עקזיסטירט...

— און ווי איז דיין נאמען? — האט דבורה איהם געפרעגט. איך האב אמאל צו מאכען א באזוך אין דעם שבט נפתלי וועל איך וויסען אויף וועמען זיך נאכצו־פרעגען.

— מיין נאמען איז אבינעם! — האט דער אלטער געענטפערט. און איך וואהן אין דער שטאדט קדש.

— קדש! — האט דבורה אויסגע־רופען מיט טרעהרען אין די אויגען. — קענסטו פיליכט ברק'ן, וועלכער האט איינמאל א פארזוך געמאכט צו קעמפען געגען אונזערע שונאים.

— אויב איך קען ברק'ן? — האט אבינעם איהר אנגעקוקט מיט ערשטוי־נונג. — ברק איז מיין זוהן!

ברק איז דיין זוהן? — האט דבורה אויסגערופען פארוואונדערט. יעצט דער־מאן איך זיך טאקע אז ער האט מיר גע־זאגט, אז זיין פאטער'ס נאמען איז אבינעם?

— לויט דיינע רייד, זעה איך אז דו האסט מיין זוהן שוין איינמאל באגע־גענט?

— יע, ווען ער האט אין אונזער שטאט צונויפגעקליבען אן ארמעע דאן איז מיין ברודער מיט איהם מיטגעגאנגען און זינט דאן האב איך פון איהם מעהר ניט געהערט!

— און ווי האט דיין ברודער געהיי־סען?

— מיין ברודער׳ס נאמען איז געווען יואש.

— יואש ! ! — האט אבינעם אויסגערופען — יואש איז דאך געווען מיין איידעם !

—געלויבט איז גאט, וואס איך האב דיר באגעגענט ! — האט דבורה זיך אפגערופען. יעצט דערצעהל מיר אלעס ווי אזוי מיין ברודער האט געהייראטעט מיט דיין טאכטער און וואס האט מיט איהם פאסירט די גאנצע צייט איידער ער איז גענומען געווארען געפאנגען ביי סיסרא׳ן.

— מיין זוהן ברק און יואש זיינען געווען זעהר שטארק באפריינדעט. ברק האט איהם ליעב באקומען ווי א לייבליכען ברודער און ווען זיי זיינען אנגעקומען אין קדש, האט ער יואש׳ן געבראכט צו מיין הויז. איך בין זעהר צופרידען געווען וואס ער האט איהם צו מיין הויז געבראכט, ווייל איך האב גלייך געזעהען אז ער איז גאנץ אנדערש פון די זיהן פון אפרים און מנשה . . . יע, איך האב זיך פיעל אנגעהערט פון די צוויי שבטים. מען פלעגט מיר איבערגעבען אז די מענשען פון שבט אפרים זיינען ביי זיך צו שטאלץ און ביי דער מינדסטער געלעגענהייט פיהלען זיי זיך באליידיגט און דאס איז איינע פון די אורזאכען פארוואס מיין זוהן ברק איז געגאנגען פריהער צום שבט אפרים צונויפזאמלען פרייוויליגע פאר דער מלחמה געגען בין דעם קעניג פון חצור און זיין גענעראל סיסרא. אין פאל פון א מלחמה זאלען זיי נאכהער ניט קומען מיט טענות אז מען האט זיי ניט גערופען. אבער ווען איך האב דערזעהען יואש׳ן און זיך נעהענטער מיט איהם באקאנט, האב איך גלייך איינגעזעהען אז מען טאר ניט באשולדיגען א גאנצען שבט. אזא גוטהערציגען מאן און אזא עניו ווי יואש איז געווען, איז שווער צו געפינען צווישען די שבטים. און יעצט האב איך זוכה געווען צו זעהען מיט מיינע אויגען זיין שוועסטער !

— מיין הארץ זאגט מיר, אז מיין ברודער לעבט און אז ער וועט זיך נאך אמאל צוריקקעהרען צו אונז ! — האט דבורה אויסגערופען.

— זיי געבענשט צו גאט, מיין טאכטער, וואס דו האסט מיר א טרייסט ווארט געזאגט — איך קום אין שלה גאנץ אפט זינט יואש איז פארלארען געגאנגען. איך בין מקריב קרבנות צו גאט און איך בין מתפלל צו איהם, ער זאל אונז אומקעהרען דעם גרויסען פארלוסט. און יעצט אז דו ביזט אויך אהער געקומען צוליעב דעם זעלבען צוועק, איז צו האפען ,אז צו אונזערע ביידענ׳ס תפילות וועט זיך גאט צוהערען.

— יעצט דערצעהל מיר, — האט דבורה זיך צו איהם געווענדעט — ווי אזוי האט עס אלעס פאסירט ? איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען אלע איינצעלהייטען וועגען מיין ברודער, זינט ער איז אנגעקומען אין קדש.

— ווי דיר איז באוואוסט איז ברק׳ן מיט יואש׳ן ניט געלונגען צונויפצושטעלען א גרויסע ארמעע, וואס זאל מעגליך מאכען אן אפענע מלחמה מיט סיסרא׳ן. זעהר ווינציג פרייוויליגע זיינען געקומען צו זייער רוף. דאך האבען ביידע, מיין זוהן און דיין ברודער געארבייט גאנץ שווער און געאיבט די יוגענד, זיי געלערנט ווי צו קעמפען. זיי פלעגען ארויסקומען הינטער׳ן שטאדט און ווען זיי פלעגען דערזעהען אן אפטיילונג פון דעם שונא וואס האבען געזאלט מאכען אן איבערפאל איבער א אידישען דארף, האבען זיי זיך מיט די שונאים אפגערעכענט און זיי פארטיליגט. אזוי איז אנגעגאנגען א היבשע צייט. ברק און יואש האבען אנגעזאמעלט א סך געוועהר פון שונא און זיי האבען געהאפט צו מאכען א צווייטען פארזוך צו רופען דעם יוגענד אין קאמף געגען סיסרא׳ן.

— מיין ארימער ברודער ! — האט דבורה געווישט איהרע אויגען. ער איז דאך געווען אזוי באגייסטערט צום געהן צום קאמף. ווען ער האט צום ערשטען מאל דערזעהען ברק׳ן, האט ער צו אונז געזאגט, אז ער איז זיכער אז ברק וועט נאך אמאל באזיגען די ארמעען פון

סיסרא׳ן. יע, ער האט זעהר פיעל געהאלטען פון ברק׳ן.

— און מיין זוהן האט אויך פיעל פון איהם געהאלטען. מיר האבען איהם אלע גלייך ליעב באקומען. און עס האט לאנג ניט געדויערט און ער האט זיך פארליעבט אין מיין איינציגער טאכטער. זי האט איהם אויך געליעבט מיט איהר גאנצען לייב און לעבען. און ווען איך האב זיך דערפון דערוואוסט, האב איך זיי ביידען מיין ברכה געגעבען . . . איך האב מיין טאכטער׳ס חתונה געפייערט מיט גרויס פראכט און מיר האבען זיך אלע גליקליך געפיהלט. איך געדענק נאך ווי יואש האט בעת דער פייערונג אויסגעדריקט זיין טיעפען צער וואס זיינע עלטערען קענען ניט זיין אנוועזענד אויף זיין חתונה.

— ארימער ברודער! — האט דבור געזאגט. — ער ווייס ניט אז ער האט זינט דאן פארלארען זיין פאטער און מוטער.

— און זיין גליק איז אויך קורץ געווען! — האט אבינעם זיך אפגערופען.

— זיעבען טעג נאך זיין חתונה מיט מיין טאכטער איז ער אוועק מלחמה האלטען און האט זיך מעהר ניט צוריקגעקעהרט.

— אבער מיר וואונדערט זיך ווי אזוי מען האט איהם דערלאזען צו טהאן אזא זאך. אין אונזער הייליגער תורה שטעהט געשריבען, אז ווען א מאן הייראט א פרוי דארף ער דעם ערשטען יאהר פון זיין הייראט ניט געהן אין מלחמה.

—דאס האבען מיר אויך געוואוסט, און איך האב געזוכט איהם אפצוריידען דערפון, אבער דאן האט עפעס פאסירט וואס האט אלעמען שטארק אויפגערודערט געגען אונזערע שונאים און די יוגענד האט געשטרעבט נקמה צו נעהמען.

— וואס האט דאן פאסירט?

די צדונים האבען זיך אין מיטען דער נאכט אריינגע׳גנב׳ט אין אונזער גרעניץ און האבען אונטערגעצונדען א אידישען דארף פארברענענדיג פיעלע מענשען. דיזע פאסירונג האט אויפגערודערט אונז אלעמען און ברק און יואש האבען פער־

זאמעלט זייער קליינע ארמעע און גערופען נאך פרייוויליגע און כאטש פיעלע נייע זיינען ניט געקומען, זיינען זיי דאך ארויס מלחמה האלטען.

ווען סיסרא האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער צונויפגעזאמעלט א גרויסע מחנה, ער האט אויך מיטגעבראכט פיעלע פון זיינע אייזערנע רייטוועגען. דער קאמף האט זיך צעפלאקערט. ברק און יואש האבען גלייך דערזעהען אז זיי וועלן פארלירען, אבער פון דעסטוועגען האבען זיי ניט אויפגעהערט צו קעמפען מיט גרויס העלדישקייט. באלד אבער זיינען פיעלע פון דער אידישער ארמעע זיך צעלאפען. אן אפטיילונג פון סיסרא׳ס ארמעע האט זיך דערנעהענטערט און גענומען ארומרינגלען די איבערגעבליבענע. פיעלע פון זיי איז געלונגען צו אנטלויפען אין די בערג. מיין זוהן ברק איז אויך אנטלאפען. ער איז געווען זיכער אז יואש לויפט מיט, אבער ווען ער האט זיך א ווײלע אפגעשטעלט און זיך אומגעקוקט אויף אהינטער, האט ער יואש׳ן מעהר ניט געזעהען. ער האט זיך גענומען אומקעהרען. די סכנה אז מען זאל איהם דערזעהען איז געווען זעהר גרויס, דעריבער איז ער געלעגען בעהאלטען אויף א בארג און פון ווייטען האט ער געקענט זעהען ווי די צידונים פיהרען די אידישע געפאנגענע. און ווען ער האט זיך גוט צוגעקוקט האט ער צווישען די געפאנגענע אויך דערזעהען יואש׳ן.

—איך האף צו גאט, אז זיי האבען איהם ניט געטויטעט! — האט דבורה געזאגט. — אויב נאר ער לעבט נאך, וועלען מיר נאך איהם געוויס זעהען.

— לויט ווי איך ווייס טויטען די צידונים ניט זייערע געפאנגענע — אבער זיי מאכען זיי פאר שקלאפען און דאס איז נאך פיעל ערגער ווי דער טויט! אה, מיין ליעבע טאכטער! ווי אומגליקליך זי פיהלט זיך די גאנצע צייט. דאס קינד איז דאך אזוי ליעבליך און שעהן! זאל איהם נאר גאט צוריקשיקען זיין פאטער . . . איך קען שוין

מעהר ניט צוזעהען דעם צער פון מיין טאכטער. טאג און נאכט וויינט זי און טרויערט איבער איהר ליעבען מאן ! זי האט מיר איבערגעגעבען איהרע גאנצע ציערונג איך זאל דאס אפגעבען פאר דעם משכן . . . זי האט מיר געהייסען געבען צדקה מען זאל מתפלל זיין פאר איהר מאן. און אזוי בין איך זיך נוהג יעדעס מאל וואס איך קום אהער קיין שלה . . . און דיעזען מאל האט גאט געמאכט אז איך זאל דיר דא טרעפען, די שוועסטער פון מיין איידעם.

— אונזער גורל ליגט אין גאטעס הענט, און דער אלמעכטיגער קען אלעס באווייזען . . . מעגליך אז אין גיכען וועלען מיר זיך נאך טרעפען מיט יואש'ן — האט דבורה זיך אפגערופען.

— איך וואלט פון דיר פארלאנגט א געפעליגקייט — האט זיך אבינעם צו איהר אפגערופען. — אזוי ווי עס איז מיר באשערט געווען זיך צו באגעגענען מיט דיר, דאריבער וויל איך דיר איינלא־דען צו מיר אין הויז. דו וועסט מיט מיר אפרייזען נאך קדש. דו וועסט ביי מיר פאררעכענט ווערען ווי אן אייגענע טאכ־טער.

—צום באדויערען וועל איך דאס יעצט ניט קענען טהאן ! — האט דבורה געענטפערט. איך מוז זיך פריהער אומ־קעהרען צו מיין געבורטס שטאדט.

— דיין קומען צו מיר וואלט גע־בראכט פרייד אין אונזער הויז. שטעל זיך פאר, דבורה, ווי גליקליך מיין טאכ־טער וואלט זיך געפיהלט צו וויסען אז דו ביזט יואש'ס שוועסטער. דיינע צאר־טע טרייסט ווערטער וואלטען איהר ערי־מוטיגט. זיי וואלטען אין איהר ווידער אריינגעגעבען לעבען און האפענונג . . . און דאן וואלסטו אליין מיט דיינע אויי־גען געזעהען גדעון'ען, דעם זוהן פון דיין ברודער. דו וואלסט איהם געהאלפען ער־ציהען אין די וועגען פון אונזער תורה, ווייל ווי איך זעה ביזטו געלערענט און נאטספארכטיג.

—איך וועל קומען באזוכען דיין הויז! — האט דבורה געזאגט, אבער ניט יעצט.

איך האב יעצט א סך צו טהאן. איך וועל באזוכען פיעלע שבטים און זעהען זיי צו באקעהרען צו גאט . . . ווייל אויב עס זאל אזוי ווייטער אנגעהן, דאן וועט ישראל אינגאנצען זיין פארלארען. אבער איך פארזיכער דיר אז איך וועל אויך זיין אין קדש. און זיך באקענען מיט דיין גאנצער משפחה. דו דארפסט וויסען זיין אז די צידונים דריקען ניט נאר די שבטים נפתלי, זבולון און אשר, וועלכע זיינען נאהענט צו חציר, אבער פיעלע פון אונזערע שונאים דרינגען שוין אויך אריין אין דעם שבט אפרים. אט האב איך זיך ניט לאנג דערוואוסט אז צידונים זיינען באפאלען א פאסטוך פון דעם שבט אפרים, זיי האבען איהם געבונדען און אוועקגערויבט שאף פון איהם.

באלד זיינען צוגעקומען די לויים און האבען באגריסט אבינעם'ן און דבורה.

— דיינע דינער — האבען דעם קרבן געבראכט ! — האט זיך איינער פון די לויים אפגערופען צו אבינעם — זאלען מיר איהם גלייך מקריב זיין ?

— איך וועל ארויפגעהן צום מזבח און איך וועל א קורצע תפילה זאגען, און דאן וועט איהר מקריב זיין דעם קרבן — האט אבינעם געזאגט.

דבורה איז צוזאמען מיט אבינעם ארום אין חצר וואו דער מזבח איז גע־שטאנען. דארט איז געשטאנען א שעפס צוגעבונדען צו דעם מזבח. דער אלטער כהן איז צוגעקומען און זיי ביידע זיין ברכה געגעבען.

דבורה איז אוועק בעטראכטען די כלים וואס זיינען געווען אין חצר.

— איך האב א סך דאנקבאר צו זיין דעם אלמעכטיגען — האט אבינעם זיך אפגערופען צום כהן. איך האב דא גע־טראפען יענע יונגע פרוי און ווי איך האב אויסגעפונען איז זי די שוועסטער פון מיין טאכטער'ס מאן, וועלכער איז גענומען געווארען געפאנגען ביי די צידונים.

— ווי איך האב אויסגעפונען איז די־זע יונגע פרוי זעהר גאטספארכטיג. יע, זי איז א הייליגע פרוי און דו מעגסט זי־

כער זיין שטאָלץ דאמיט וואס דיין איידעם איז איהר ברודער.

— זאָל נאָר גאָט געבען, אז צוליעב איהר זכות זאָל מיין טאָכטער'ס מאן זיך צו איהר צוריקקעהרען. איך טהו זיך א נדר, אז ווען איך וועל זוכה זיין צו זעהן מיין איידעם צוריק אין מיין הויז, א מאן צו מיין טאָכטער און א פאטער צו מיין אייניקעל וועל איך א העלפט פון מיין פערמעגען אוועקשענקען אויף דעם משכן אין שלה.

— גאָט וועט זיכער דיין פערלאנג ערפילען! —האט דער כהן זיך אָפּגערופען

— מיר האָבען א בארמהערציגען גאָט וואס ער שטראָפט מיט איין האנט און מיט דער צווייטער היילט ער. מיין הארץ זאגט מיר, אז דיזע יונגע פרוי, דבורה וועט ברענגען פיעלע נוצען אונזער פאלק. זאָל נאָר איהר גאָט געבען כח... איך וויים, אז זי וועט יעצט נעהמען וואנדערען פון שטאָדט צו שטאָדט און פון דאָרף צו דאָרף, און וועקען און ערמוטהיגען די אידען. זי וועט זיי אלעמען לערנען די וועגען פון אונזער תורה און זעהן ווירקען אז די שבטים זאלען פעראייניגט ווערען צווישען זיך.

— זאָל גאָט מצליח זיין איהר וועג!

— האט אבינעם אויסגערופען.

— לאָמיר האָפען אז עס וועלען קומען בעסערע צייטען אין ישראל.

דבורה איז צוגעקומען און זי האָט זיך געזעגענט מיט אבינעם'ן.

דערנאָך האט זי גענומען איהר איידעל, מיט אביסעל שפייז אויפ'ן וועג און זי האט פארלאָזען שלה.

## דריטער קאפּיטעל
## דבורה לערנט דאָס פאָלק

זינט לפּידות האָט געזעהן דבורה'ן און מיט איהר גערעדט, איז ער געוואָרען א גאנץ אנדער מענש. ער האָט נישט אויפגעהערט צו טראכטען פון יענער באגעגניש. דבורה'ס רייד האָבען אויף איהם געמאכט אן אויסערגעוויינליכען איינדרוק. זי איז א נביאה! איהרע רייד זיינען היילינע, מיט איהר קלוגשאפט און קענטנים וועט זי העלפען ישראל.

לפּידות איז גלייך אוועק אין שטאָדט און ער האָט פאר אלעמען דערצעהלט וועגען דבורה'ן.

— אונזער שבט וועט נאָך מיט איהר שטאָלצירען! — האָט ער זיך אָפּגערופען צו פיעלע וועלכע האָבען זיך פערזאמעלט ארום איהם. — זי איז געטליך! איהרע רייד זיינען פלאם פייער. זי איז געלערנט אין דער הייליגער תורה און וויים אלעס וואָס מיט אונזער פאָלק האָט פאסירט ביז יעצט.

— פארוואָס האָבען מיר פון איהר ניט געהערט ביז יעצט? — האָט אימיצער א פרעג געטהאָן לפּידות'ן.

— ווייל זי איז נאָך יונג, — האָט ער געענטפערט.

— אויב זי איז יונג און שעהן, וועט זיך געוויס לוינען צו קומען הערען ווי זי רעדט! — האָט א צווייטער געשפּאסט.

לפּידות אָבער האָט זיך געמאכט ניט הערענדיג. ער האָט פאר אלעמען דערצעהלט וועגען איהר גרויסקייט און זיי געהייסען זיין גרייט, ווייל אין עטליכע טעג ארום וועט זי זיך צוריקקעהרען פון שלה. זי וועט דורכרייזען די שטאָדט, און וועט צו אונז אלעמען ריידען.

מיט גרוים שפּאנונג און אומגעדולד איז געווען לפּידות. ער האָט פערנאכלעסיגט זיינע שאָף און איז יעדען טאָג געגאנגען אויף דעם וועג דורך וואנען דבורה האָט זיך געזאָלט צוריקקעהרען. ער פלעגט אוועקגעהן גאנץ פריה און זיך אומקעהרען אין אבענד. די שאָף האָט ער איבערגעגעבען צו זיינע צוויי אינגערע ברידער. זיין פאטער האָט דאָס שטארק נישט געוואָלט ליידען און האָט פאָרגעוואָרפען:

— דו פערנאכלעסיגסט דיינע שאָף, און דו טראָגסט זיך ארום מיט פוסטע חלומות!

— אָה, פאטער, ווען דו וואָלסט איהר געזעהן און געהערט ריידען, וואָלסטו אן אנדער מיינונג געהאט. דאָס האָט איהר גאָט צו אונז געשיקט.

— דערווייל האָסטו צובראָכען אלע פּסלים און יעצט וויים איך אפילו נישט

— ווי אזוי צו דינען גאט! — האט זיך לפידות'ס פאטער געבייזערט.

— פאטער, יעדען מאל ווען דו האסט מתפלל געווען צו גאט דורך די פסליים, ביזטו בעגאנגען א גרויסען חטא, ווייל אזוי, האט דבורה געזאגט, שטעהט געשריבען אין אונזער הייליגער תורה: "דו זאלסט נישט מאכען קיין פסל און זיך צו איהם בוקען"!

— אבער דערווייל האב איך אין גאנצען אויפגעהערט מתפלל צו זיין צו גאט! און דו אליין ווייסט אויך נישט ווי אזוי דאס צו טהאן.

— ווארט, פאטער, ביז דבורה וועט אנקומען און דאן וועט זי אונז אלעמען לערנען גאט'ס תורה, און מיר וועלען וויסען ווי אזוי צו דינען צו דעם גאט פון אונזערע אבות.

לפידות האט אלע איינוואהנער פון דער שטאדט רמה און ארום אזוי פאראינטערעסירט אין דבורה'ן אז יעדער איז געווען נייגעריג איהר צו זעהן. און ווען ער האט געלאזט וויסען אז דבורה קומט אן האבען זיך אלע צונויפגעזאמעלט איהר צו זעהן און הערען.

אויף אן אפענעם הויכען פלאץ אין מיטען שטאדט, איז דבורה ארויף. זי איז געווען איינגעהילט אין א שווארצע לאנגע קלייד. איהר פנים איז געווען ערנסט. איהרע אויגען האבען געשטראהלט.

די פערזאמעלטע האבען געווענדעט זייערע בליקען אויף איהר. און געבליבען שטעהן ווי צוגעשמידט צו זייערע פלעצער. יעדער האט אנגעשטרענגט זיינע אויערען.

דבורה האט א ווילע בעטראכט די פערזאמעלטע און נאכהער אנגעפאנגען:

"הערט זיך איין, איהר קינדער פון דעם שבט אפרים! גאט האט געהאלטען זיין פארשפרעכען צו אונזערע עלטערען, און ער האט אונז געגעבען דיזע הייליגע לאנד פאר א ירושה, צו צוועלף שבטים, די צוועלף זיהן פון אונזער פאטער יעקב. און אלע צוזאמען רופען מיר זיך דאס פאלק ישראל. א מעכטיגעס פאלק זיינען מיר. אונזערע עלטערען האבען געליטען און געקעמפפט ביז וואנען אונזער פאטער אין הימעל האט זיך איבער אונז דערבארעמט און האט אונז געהאלפען צו דערגרייכען אונזער ציעל. מיר האבען זיך באזעצט אין אונזער לאנד, מיר זיינען געווען צופריעדען מיט דער ירושה וואס גאט האט אונז איינגעטיילט און מיר האבען נישט געזוכט צו עראבערען לענדער פון אנדערע פעלקער. דאן זיינען מיר געזעסען רוהיג אין אונזער לאנד, מיר האבען געדיענט אונזער גאט מיט פרייד, ווייל דאן זיינען מיר געווען אלע ברידער פון איין פאטער. עס איז ביי אונז נישט געווען קיין אונטערשיעד פון איין שבט ביז דעם צווייטען. ווען איין שבט האט געליטען האבען מיר אלע געליטען... יעצט אבער זיינען מיר צוטיילט אזוי ווי מיר וואלטען קיינמאל נישט געווען די זיהן פון אונזער פאטער יעקב. יעדער שבט זארגט נאר פאר זיך... די קנאה און שנאה פון איין שבט צום צווייטען ווערט פארשטארקט. ווען איין שבט ווערט געדריקט פון שונא קומט דער צווייטער שבט איהם נישט צו הילף... וואס וועט זיין דער סוף? אויב מיר וועלען אזוי אנגעהן וועלען זיך אונזערע פיעלע שונאים צוזאמענקלייבען און אונז אין גאנצען פארניכטען... אט דראהט די שבטים פון צפון א גרויס געפאהר... יבין, דער קעניג פון חצור, ווערט מעכטיג מיט יעדען טאג און אונטערדריקט אונזערע ברידער פון די שבטים נפתלי זבולין און אשר... ווי לאנג וועט עס נעהמען און ער וועט אונז דערגרייכען?

"ווייסט איהר דען נישט, אז עטליכע צדונים האבען זיך שוין באוויזען אויך אין אונזער געגענד? איך האב ארומגערייזט פיעלע שטעדט און דערפער, איך האב געזוכט אויסצוגעפינען די אורזאכע פון אונזער צושפליטערונג און פרעמדקייט פון איינעם צום צווייטען און איך האב עס געפונען: די הויפט אורזאך איז וואס מיר האבען פארגעסען די הייליגע תורה וואס גאט האט דורך משה'ן

אונז נעגעבען. פיעלע פון אונז דיענען די געטער צו וועמען די פרעמדע פעלקער דיענען.

"יעדער שבט האט פאר זיך אן אפגאט און דאריבער ווערען מיר אפגעזונדערט און אפגעפרעמדט איינער פון צווייטען. אבער דאס איז צו אונז געקומען פון אונוויסענהייט. מיר ווייסען נישט וואס עס איז געשעהן מיט אונזערע עלטערען... ווי אזוי יהושע, אונזער העלד פון אמאל האט איינגענומען כנען און ווי אזוי ער האט געפיהרט מלחמות מיט די אלע מלוכות וועלכע זיינען געווען אין דיזען לאנד. מיר היטען נישט אפ די צוואה וואס יהושע האט אנגעזאגט אונזערע עלטערען, אז מיר זאלען בלויז דיענען צו דעם איין־איינציגען גאט, דעם גאט פון אונזערע עלטערען. ווען מיר וואלטען דאס אפגעהיט וואלטען מיר אלע געווען בעראייניגט, איין מעכטיגעם שטארקעם פאלק. און קיינער וואלט נישט געוואגט אונז שלעכטעס צו טהאן.

"פיעלע פון אייך האבען געהערט די געשיכטע ווי אזוי משה האט בעפרייט די אידען פון מצרים און ווי אזוי ער האט זיי געפיהרט פערציג יאהר אין דער מדבר און וואס זיי האבען דארט דורכגעמאכט. אבער וויפיעל פון אייך ווייסען וואס האט פאסירט דא אין אונזער לאנד פון די צייטען פון יהושע ביז יעצט. און ווייל איהר ווייסט נישט די געשיכטע פון אייער פאלק, דאריבער דיענט איהר צו אנדערע געטער. און איהר ווייסט אפילו נישט אז דאס איז פארבאטען. אויב איהר ווילט וועל איך אייך דערצעהלען וועגען אונזער גרויסען קעמפפער און פיהרער, יהושע. וועט איהר האבען געדולד מיר אויסצוהערען?"

— מיר ווילען הערען! מיר וועלען דיר דאנקבאר זיין דערפאר.

— דערצעהל אונז! — האבען זיך געהערט שטימען פון די פערזאמעלטע.

דבורה האט זיך א ווילע אפגערוהט און נאכהער האט זי פארטגעזעצט:

"די געשיכטע פון משה'ן און די אידען פון מצרים און זייער וואנדערען אין דער מדבר איז פארשריבען אין דער תורה. איך ווייס אז נישט אלע ווייסען די תורה, אבער איין תורה געפינט זיך אין שלה און אויך ביי מיין זיידען געפינט זיך א תורה. איך האב געבעטען לפידות'ן איבערצושרייבען די תורה און עס פאר אייך פארלעזען. איך וועל זיכער קענען קריגען נאך מענשען וועלכע קענען שרייבען. אזוי אז עס וועט מעגליך זיין צו האבען א תורה אין יעדער שטאדט, וואו מען וועט פאר אלעמען פארלעזען, און איהר וועט בעקאנט ווערען מיט אלעם וואס עס האט פאסירט מיט אונזערע עלטערען ביז יהושע. און איך וועל אייך יעצט דערצעהלען די געשיכטע פון יהושע ביז אונזער צייט".

א שטילקייט האט געהערשט צווישען עולם. יעדער איז געווען נייגעריג צו הערען וואס די וואונדערבארע יונגע פרוי וועט זיי דערצעהלען.

"אידער משה איז געשטארבען", — האט דבורה אנגעפאנגען איהר ערצעהלונג, — האט ער בעשטימט זיין משרת יהושע'ן צו פארנעהמען זיין פלאץ און אריינפיהרען ישראל אין זיין לאנד. יהושע האט נאך משה'ס טויט איבערגענומען די פיהרערשאפט און ער האט זיך גענומען דערנעהנטערען צו די גרעניצען פון אונזער לאנד. זיי זיינען שוין געווען נישט ווייט פון דעם טייך ירדן. יהושע האט געהייסען די הויפטען דורכגעהן דעם גאנצען אידישען לאגער און אנזאגען זיי צו זיין גרייט, ווייל אין דריי טעג ארום וועט דאס גאנצע פאלק אריבערגעהן דעם ירדן. א שטארקע באוועגונג איז געווארען ביי אלע שבטים. יעדער האט געוואוסט אז דא שאפט זיך פאר זיי זעהר א שווערע לאגע. איינצעלנע פערזאנען וואלטען פיעלייכט געקענט אריבערשווימען דעם ירדן און צוקומען אויף דעם צווייטען ברעג, אבער א גאנצעס פאלק מיט זייערע פרויען און קליינע קינדער, מיט זייערע בהמות און פארמעגען, וועט דען זיין מעגליך דאס צו טאהן?

די שבטים האָבען אָבער געהאט פולען צוטרוי צו יהושע'ן און זיי האָבען זיך גענומען צוגרייטען אריבערצוגעהן דעם ירדן. קיינער האָט נישט געוואוסט ווי אזוי דאָס וועט געשעהן, אָבער קיינער האָט גאָרנישט געפרעגט.

״דערווייל האָט יהושע געשיקט צוויי מרגלים קיין יריחו זיי זאָלען אויסשפּיאָנירען די שטאָדט. די שפּיאָנען האָבען זיך פאָרשטעלט פאָר סוחרים, האָבען מיטגענומען סחורה און זיי זיינען אוועק קיין יריחו. די געפאהר איז געוועזן זעהר גרויס, ווייל די איינוואָהנער פון יריחו האָבען געוואוסט אז ישראל דערנעהנטערט זיך און זייער שטאָדט וועט זיין די ערשטע געשטורעמט צו ווערען. דאָריבער האָט מען די טויערען פון שטאָט געעפענט בלויז אויף א קורצע ווײלע דורכ'ן טאָג. די מרגלים זיינען אריין אין שטאָדט און גענומען אויסרופען זייער סחורה. פלוצלינג האָט א פרוי ארויסגערוקט איהר קאָפּ פון א פענסטער און אויסגערופען אז זי וויל קויפען סחורה.

״די צוויי מרגלים זיינען אריין אין איהר הויז, וואָס איז געוועזן אין דעם מויער וואָס האָט ארומגערינגעלט די שטאָדט יריחו. דער נאָמען פון דער פרוי איז געוועזן רחב. זי האָט זיך צו זיי גלייך אָפּגערופען:

— איך דערקען אָן אייך אז איהר זייט אידען, אָבער איהר דאַרפט פאר מיר ניט מורא האָבען. איך וועל אייך געבען אלע נויטיגע אויסקינפטע, און דערווייל מוז איך אייך בעהאלטען ווייל איך האָב בעמערקט ווי איינִיגע פון די בעאמטע האָבען אויף אייך געקוקט מיט פערדאכט.

״רחב האָט די צוויי שפּיאָנען ארויפגעפיהרט אויף דעם דאך און זיי בעדעקט מיט שטעקעלעך פלאקס וואָס זיינען דאָרט געוועזן.

— זייט זעהר פאָרזיכטיג זיך נישט צו ריהרען פון פלאץ, און נישט אויסריידען קיין וואָרט איינער צום צווייטען. איהר זאָלט אזוי ליגען שטיל און באַוועגלאָז ביז וואנען די געפאהר וועט פאָריבערגעהן.

״ווי רחב איז ארונטער צוריק אין איהר הויז, האָט זיך געהערט א שטאַרקער קלאַפּען אין טיהר.

״זי האָט די טיהר געעפענט און אין איהר זיינען אריינגעקומען פיעלע בעאמטע.

— מען האָט דערצעהלט דעם קעניג פון יריחו, אז אין דיין הויז זיינען אריינגעקומען צוויי מענשען פון ישראל, וועלכע זיינען שפּיאָנען. גיב אונז ארויס די שפּיאָנען און מיר נועלען זיי טויטען.

— ווירקליך, — האָט זיי רחב געענטפערט, — צוויי פרעמדע מענשען זיינען דאָ פריהער געוועזן ביי מיר, און איך האָב נישט געוואוסט ווער זיי זיינען און פון וואנען זיי קומען. זיי האָבען דאָ אָבער לאנג נישט פארבראכט און ווי נאָר עס האָט אָנגעפאנגען טונקעל צו ווערען, איידער מען האָט צוגעשלאָסען דעם טויער זיינען זיי אוועק. איך ווייס נישט וואוהין זיי זיינען געגאנגען, אָבער איך בין זיכער אז איהר וועט זיי נאָכיאָגען וועט איהר זיי דערגרייכען.

— דערווייל וועלען מיר זוכען אין דיין הויז צו זעהן אויב זיי בעהאלטען זיך דאָ, און נאָכהער וועלען מיר געהן זיי נאָכיאָגען.

״די בעאמטע האָבען אויסגעזוכט יעדען ווינקעל פון הויז און נישט געפונען.

— לאָז אונז ארויף אויף דעם דאך!

— האָט זיך דער הויפּט פון די בעאמטע אָפּגערופען צו רחב'ן, — מיר וועלען אויך דאָרטען זוכען.

״רחב האָט זיך געהאלטען גאנץ קאלט און רוהיג. זי איז מיט זיי ארויף אויף דעם דאך. די צוויי מרגלים האָבען געהערט די טריט און דעם געשפּרעך צווישען די בעאמטע און רחב... איין ריהר און זיי זיינען פארלוירען . . . זיי האָבען געזוכט איבער'ן גאנצען דאך. און פלוצים דערהערען די מרגלים ווי איינער פרעגט רחב'ן: וואָס איז דאָרטען?

— דאָס איז פלאקס וואָס איך האלט אויפ'ן דאך אויסצוטריקענען.

— לאָמיר דאָרטען אויך א זוך טהאָן!

— הערען זיי ווי איינער פון די בעאמטע זאָגט, — טריט דערנעהנטערען זיך, די הערצער פון די מרגלים קלאַפּען.

דבורה האט זיך דא עטוואס אפגעשטעלט. זי האט בעטראכט איהרע צוהערער, זי האט געזעהן ווי זייערע פנים'ער זיינען אנגעשטרענגט, זייערע מיילער אפען און זייערע אויערען אנגעשטעלט.

— זייט איהר פיעלייכט שוין מיעד צו הערען די ווייטערדיגע פאסירונג? — האט זי זיי געפרעגט.

— דערצעהל אונז ווייטער, מיר ווילען הערען! — האבען אלע מיט אמאל אויסגערופען. יעדער איינער איז געווען אנגעשטרענגט און מיט גרויס שפאנונג געוואלט הערען דאס ווייטערדיגע.

דבורה האט פארטגעזעצט:

"ווען די בעאמטע זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט צו די פלאקס, האט זיך זייער הויפט אנגערופען: "פארוואס זאלען מיר פארלירען צייט, זיי וועלען דאך געוויס נישט זיין אונטער די פלאקס!"

"אין א וויילע ארום איז שוין רחב געשטאנען נעבען די צוויי מרגלים און אויסגערופען:

— איהר קענט שוין ארויסקומען! די געפאהר איז פאראיבער... דעם קעניג'ס שלוחים האבען זיך ארויסגעלאזען אייך זוכען.

— דו האסט אונזערע לעבענס געראטעוועט! — האבען די מרגלים זיך צו איהר אפגערופען, —געבענשט זאלסטו זיין פון גאט.

— איך וויים אז גאט וועט אייך איבערגעבען אונזער לאנד! — האט רחב צו זיי געזאגט, — אלע איינוואהנער פון לאנד ציטערען פאר אייך, ווייל מיר האבען געהערט ווי אזוי גאט האט פאר אייך אויסגעטריקענט דעם ים סוף, ווען איהר זייט ארויס פון מצרים, און מיר ווייסען אויך וואס איהר האט געטהאן צו צוויי מעכטיגע קעניגע, סיחון און עוג, און ווען מיר האבען דאס דערהערט זיינען אונזערע הערצער צוגאנגען געווארען. מיר האבען פארלארען אונזער מוטה, ווייל איך וויים אז אייער גאט, וועלכער האט אייך אזוי פיעל וואונדער געוויזען איז דער ריכטיגער גאט וועלכער האט באשאפען הימעל און ערד. און יעצט וועל איך פון אייך פערלאנגען א טובה, — האט זי צו זיי געזאגט, — שווערט מיר צו אין דעם נאמען פון אייער גאט אז איהר זאלט מיט מיר טהאן געפעליגקייט און מיט מיין גאנצער משפחה, אזוי ווי איך האב מיט אייך געטהאן גנאדע און אייערע לעבענס געראטעוועט, אזוי זאלט איהר ראטעווען מיין לעבען און די לעבענס פון מיין פאטער, מוטער, מיינע ברידער און שוועסטער און אלע מיינע קרובים.

— מיר וועלען טהאן דיין פערלאנג!

— האבען איהר די מרגלים געענטפערט,

— אבער דו מוזט צושטימען צו דיזען בעדינג.

— איך וועל פאלגען אלעם וואס איהר וועט מיר הייסען! — האט רחב זיי געענטפערט.

— אויב דאס וועט בלייבען א סוד און קיינער א חוץ דיין משפחה וועט דערפון ניט וויסען, דאן, ווען גאט וועט אונז דיזע לאנד איבערגעבען, וועלען מיר דיך און דיינע קרובים ראטעווען פון טויט, יא, מיר זיינען פעראנטווארטליך פאר אייערע לעבענס, אבער אויב דו וועסט דיזע ווערטער דערצעהלען צו אימיצען אנדערש וועט עס זיין דיין אייגענע שולד אויב דו וועסט ניט געראטעוועט ווערען.

רחב האט די מרגלים ארונטערגעלאזען דורך איהר פענסטער מיט א רויטען שטריק און זיי האבען איהר געהייסען אנבינדען דיזען שטריק אין פענסטער, דאס זאל זיין א סימן צו ראטעווען די אלע וועלכע וועלען זיך געפינען אין דיזען הויז.

רחב האט זיי אנגעוויזען א וועג ווי אויסצומיידען די נאכיאגער, און די מרגלים האבען זיך אומגעקעהרט צו יהושע'ן, און איהם איבערגעגעבען ווי אזוי אלע איינוואהנער ציטערען פאר זיי און אז אלעם צייגט אז זיי וועלען אייננעהמען די שטאדט.

גלייך נאכדעם האט יהושע גענומען צוגרייטען דאס פאלק און ווען די אידען האבען אריינגעשטעקט זייערע פיס אין דעם ירדן האט דארט גאט בעוויזען א

נס אזוי ווי ער האָט געטהאָן צו משה'ן אין ים סוף. דאָס וואסער פון ירדן האָט זיך געשפּאלטען אין צוויי׳ען. דאָס לויפען פון וואסער איז אָפּגעשטעלט געוואָרען ווי דורך א וואנד, און דאָס איבעריגע וואסער איז אוועק נאָך דעם ים המלח, דער פּלאַץ פון ירדן ביז דעם ים המלח איז געווען טרוקען, און אזוי זיינען אלע אידען אריבערגעגאנגען דעם ירדן אין דער טריקעניש.

— און אויב עס איז פאראן צווישען אייך צווייפלער, וואָלט איך זיי געראטהען מאכען א רייזע נאָך גלגל וואָס איז ניט ווייט פון יריחו. דאָרטען וועלען זיי דערזעהען צוועלף גרויסע שטיינער, וואָס זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרען אלס אנדענקונג אז די צוועלף שבטים זיינען אריבערגעגאנגען דעם ירדן אין דער טריקעניש. דאַן וועלען זיי זעהען די וואונדער וואָס גאָט האָט געטהאָן מיט אונזערע עלטערען.

די אלע פערזאמעלטע זיינען געשטאַנען בעצויבערט פון דבורה'ס רייד. איהרע רייד האָבען אויף זיי געהאט אן אונגעהייער גרויסע ווירקונג, איהרע ווערטער האָבען זיך ווי פּערעל פון איהר מויל נעשאָטען. און ווען דבורה האָט זיך אָפּגעשטעלט זיינען אלע געבליבען שטעהען בעווּגלאָז אויף זייערע פּלעצער.

— עס וועט זיין גענוג אויף היינט! — האָט דבורה זיך צו זיי אָפּגערופען — מאָרגען וועל איך דערצעהלען וועגען די מלחמות וואָס יהושע האָט געפיהרט מיט די מלכים פון דיעזען לאנד ביז וואנען ער האָט איינגענומען און צוטהיילט דאָס לאנד צו די שבטים.

---

לפּידות וועלכער איז געשטאַנען ניט ווייט פון דבורה'ן, האָט די גאנצע צייט פון איהר זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען, ער האָט געשלונגען יעדען וואָרט וואָס זי האָט ארויסגערעדט, און ווען זי האָט געענדיגט ריידען, האָט ער בעמערקט וואָס פאר א רושם איהרע ווערטער האָבען געמאכט אויף אלע צוהערער, ער האָט געזעהען ווי בעגייסטערט יעדער איז געוואָרען פון איהרע רייד, ער האָט ניט געוואגט צוצוגעהן צו איהר, א היבשע ווײלע נאָכדעם ווי דער עולם איז זיך צוגאנגען איז לפּידות געבליבען שטעהען אויף זיין פּלאַץ, און ווען דבורה האָט איהם בעמערקט איז זי צו איהם צוגעגאנגען.

— אָה, מיין הארינטע! — האָט זיך לפּידות א נייג געטהאָן — דו האָסט אונז אלעמען געגעבען ליכט, מיר זיינען געווען אזוי אומוויסענד, דיינע רייד זיינען פאר אונז געווען ווי קאַלטעס פרישעס וואסער פאר א מיעדען אין דער מדבר, דו האָסט אונז ערקוויקט און ערפרישט.

— איך האָף צו גאָט אז מיינע רייד זאָלען האָבען די געווינשטע רעזולטאטען. אלע שבטים זאָלען ווידער אמאָל זיין פעראייניגט ווי אין די צייטען פון יהושע.

— און יעצט, ערלויב מיר מיין הארינטע און איך וועל דיך איינלאדען אין מיין פאָטער'ס הויז, דו וועסט זיך דאָרטען אויסרוהען פון וועג.

דבורה האָט די איינלאדונג אָנגענומען, און דאָס אָרימע הויז פון לפּידות'ס עלטערען איז פּלוצלינג פול געוואָרען מיט פרייד. די מוטער פון לפּידות איז גליקליך געווען צו זעהען אז די הייליגע דבורה, ווי מען האָט איהר אָנגעפאנגען צו רופען גלייך נאָכדעם ווי זי האָט געענדיגט ריידען, געפינט זיך אין איהר הויז. זי האָט געמאכט א פיינעם מאָלצייט, און איהר אָפּגעגעבען דעם בעסטען צימער פון הויז צו שלאָפען.

אויף מאָרגען האָט זיך דאָס פאָלק גענומען פערזאמלען, עס זיינען געקומען נאָך מעהר מענשען, וועלכע זיינען געווען נייגעריג צו זעהען און הערען די הייליגע יונגע פרוי.

דבורה האָט אָנגעפאנגען ווייטער צו ריידען:

— זעהר א גרויסע אויפגאבע האָט יהושע געהאט אין איינעהמען די שטאָדט יריחו. נאָכדעם ווי די פעלקער האָבען זיך דערוואוסט אז די אידען זיינען אריבער דעם ירדן, איז זייער מוה"א

נאך שטארקער געווארען, זיי האבען בעפעסטיגט די שטאדט יריחו וואס האט געהאט א דיקען מויער ארום דער שטאדט. די טויערען פון שטאדט זיינען געווען פערשלאסען, קיינער איז ניט ערלויבט געווען אריינצוגעהן אדער ארויסצוגעהן פון שטאדט.

יהושע און אלע העלדען פון מלחמה, זיינען געגאנגען ארום דער שטאדט, אזוי האבען זיי געטהאן זעקס טעג; די כהנים האבען געטראגען דעם הייליגען ארון מיט די לוחות, דערזעלבער ארון געפינט זיך יעצט אין שלה און נעבען דיעזען ארון האב איך מיט א פאר טעג צוריק מתפלל געווען צו גאט, יא עס זיינען געווען צייטען ווען פון אלע שבטים פלעגט מען געהן נאך שלה דארט מתפלל זיין צו גאט, אבער יעצט איז שלה פוסט. דער משכן און דער ארון זיינען פערלאזען. אבער וועגען דעם וועל איך מיט אייך ריידען שפעטער, יא, די כהנים האבען געטראגען דעם ארון און זיעבען כהנים האבען געטראגען זיעבען שופרות. אזוי האבען זיי ארומגערינגעלט די שטאדט זעקס טעג, אויף דעם זיבעטען טאג האבען זיי ארומגערינגעלט די שטאדט זיעבען מאל, אויף דעם זיבעטען מאל האבען די כהנים גענומען בלאזען מיט די שופרות, דאס פאלק האט גענומען שאלען און שטורמען און די פעסטע וואנט פון יריחו איז געפאלען, גלייך איז יהושע אריין אין שטאדט און מען האט פערניכטעט דעם שונא, רחב'ן און איהר משפחה האבען די מרגלים געהאט געראטעוועט אזוי ווי זיי האבען פערשפראכען. יהושע האט אנגעזאגט אלעמען אז אזוי ווי יריחו איז געווען די ערשטע שטאדט וואס גאט האט איבערגעגעבען אין זייערע הענד, דעריבער זאל דאס גאנצע גאלד און זילבער און אלע אנדערע ווערטהפאלע זאכען געהערען צו גאט, אין דעם אוצר פון גאט'ס הויז זאל דאס אלעס אפגעגעבען ווערען און קיינער טאר גאר ניט נעהמען פאר זיך, עס וועט זיין א חרם.

די פרייד פון ישראל איז געווען גרויס, דאס איז געווען זייער ערשטער זיעג און דאס האט אלעמען ערמוטהיגט. זיי האבען געזעהען אז גאט איז מיט זיי און זיי זיינען ערפאלגרייך אין אלעם וואס זיי טהוען. באלד אבער האט א גרויס טרויער אלעמען אנגענומען, יהושע האט געשיקט אייניגע מענשען זיי זאלען אויסשפיאנירען די שטאדט עי, און זיי האבען געבראכט א תשובה אז די שטאדט איז א קליינע און די איינוואהנער זיינען זעהר ווינציג, און זיי האבען געראטהען יהושע'ן ניט צו שיקען אלעמען בלויז ארום דריי טויזענד מענשען. און ווען די דריי טויזענד אידישע העלדען זיינען געגאנגען מלחמה האלטען מיט דער קליינער מלוכה, עי, איז צו אלעמענס גרויסער ענטטוישונג, האבען די אידען ערליטען א מפלה און זיינען געווען געצוואונגען צו אנטלויפען. דאס פאלק האט זיך שטארק דערשראקען, יהושע האט זיינע קליידער צוריסען, און מתפלל געווען צו גאט.

„אה, מיין האר גאט! — האט ער מתפלל געווען — פארוואס האסטו אונז אריבערגעפיהרט דעם ירדן? אונז איבערצוגעבען אין די הענד פון דעם אמורי, ער זאל אונז אין גאנצען פערניכטען? ס'וואלט דאך געווען א סך בעסער פאר אונז ווען מיר וואלטען פערבליבען אויף יענעם זייט ירדן. איך בעט דיך גאט! וואס קען איך זאגען דעם פאלק, ווי אזוי קען איך זיי יעצט געבען מוטה, נאכדעם ווי זיי זיינען אנטלאפען געווארען פון זייערע שונאים? יעצט וועט דער כנעני, און די איבעריגע פעלקער וועלכע זיצען אין דיעזען לאנד, דערהערען, אז מען האט אונז בעזיעגט, וועלען זיי זיך אלע צוזאמענגעהמען און אונז ארומרינגלען און פון אונז קיין געדעכענים ניט איבערלאזען!"

און דאן האט גאט געענטפערט יהושע'ן: ישראל האט געזינדיגט, זיי האבען גענומען פון דעם חרם, זיי האבען גע'גנב'עט און דעריבער וועל איך מעהר מיט זיי ניט זיין ביז וואנען איהר וועט ניט אפראמען דעם חרם פון אייך.

דעריבער זאלסטו מארגען מאכען אן אויספארשונג, דו זאלסט ווארפען גורל און דער שולדיגער זאל שטארק בעשטראפט ווערען.

אויף מארגען האט יהושע צוזאמען מיט די זקנים גענומען אויספארשען ווער עס האט דיעזען פערברעכען בעגאנגען, און נאך א לאנגער חקירה און דרישה און ווארפען גורל איז דער גורל געפאלען אויף עכן דער זוהן פון כרמי פון דעם שבט יהודה. עכן האט זיך גלייך מודה געווען אז ער האט גע'גנב'עט צוויי הונדערט זילבער שקלים און א שטיק גאלד, און נאך זאכען. און ער האט עס בעהאלטען אין דער ערד אונטער זיין געצעלט. עכן האט זיין שטראף בעקומען, מען האט איהם פערשטיינערט מיט שטיינער. נאכדעם האט יהושע זעהר גרינג איינגענומען די שטאדט עי.

— יעצט זעהט איהר מיינע ברידער אז איין איד איז פעראנטווארטליך פאר דעם צווייטען, און אז איינער פון איין שבט זינדיגט וועלען אויך אנדערע שבטים ליידען ווייל מיר זיינען פערעכענט פאר קינדער פון איין פאטער, אבער וואס טוען מיר יעצט? איין שבט איז אפגעזונדערט פון צווייטען, און ווען איין שבט געפינט זיך אין נויט, קומען דען די ברידער שבטים איהם צו הילף? אט דריקט יבין דער קעניג פון חצור די שבטים נפתלי, זבולון און אשר, קומען דען די אנדערע שבטים זיי צו הילף? מיינט איהר אז אויב מיר זיינען דערווייל געזיכערט פון שונא, וועט עס אזוי בלייבען אויף אימער?! און וואס איז מיט אונזערע שונאים פון מזרח, פון מערב און דרום? ווען זיי וועלען זיך נאר דערוויסען פון אונזער צושפליטערונג וועלען זיי זיך שנעל בענוצען מיט דער געלעגענהייט און אונז נעהמען אונטערדריקען. איהר דארפט וויסען אז ניט אזוי גרינג איז אנגעקומען יהושע'ן און אונזערע עלטערען, די העלדען איינצונעהמען דאס לאנד, מיט איין און דרייסיג מלכים האט ער געקעמפט ביז וואנען גאט האט זיי איבערגעגעבען אין זיינע הענד. דערנאך האט יהושע געזעהן איינצוטהיילען דאס לאנד דורך גורל און ווען יאהרען זיינען פאראיבער און יהושע איז גאנץ אלט געווען די קינדער פון ישראל האבען זיך גענומען איינפונדעווען אין זייער לאנד, גאט האט זיי צורוה געלאזען פון זייערע שונאים, דאן האט יהושע געשיקט רופען די הויפטען, און שופטים פון אלע שבטים און ער האט זיך צו זיי אפגערופען:

— איך בין שוין אלט, מיינע טעג זיינען געצעהלטע, איהר האט אלע צוגעזעהען וואס גאט האט געטהאן צו די אלע פעלקער וועלכע האבען דא געוואהנט, זעהט צו היטען און צו טהאן אלעם וואס איז געשריבען אין דער תורה פון משה, איהר זאלט ניט אפנייגען אויף רעכטס און לינקס, איהר זאלט זיך ניט צונויפמישען מיט די פעלקער וועלכע געפינען זיך ארום אייך, איהר זאלט ניט דיענען צו זייערע געטער, ווייל איהר זאלט וויסען זיין אז אזוי שנעל ווי איהר וועט זיך נעהמען דערנעהנטערען צו די פעלקער, און איהר וועט זיך מיט זיי מתחתן זיין און איהר וועט אריינבריינגען זייערע געטער אין אייערע שטעדט, איהר וועט אננעהמען זייערע מנהגים און געוואהנהייטען, זאלט איהר וויסען אז גאט וועט זיך פון אייך אפקערען, און דיעזע פעלקער וועלען אייך אזוי דריקען און שטיקען ביז וואנען איהר וועט אין גאנצען פערטיליגט ווערען, און איהר דארפט וויסען זיין אז אזוי ווי גאט האט מקיים געווען זיין הבטחה און אייך געגעבען אלעס גוטעס, אזוי וועט ער אויך אויף אייך בריינגען די שלעכטעס אויב איהר וועט איהם ניט פאלגען און ניט טהאן אלעס וואס עס איז געשריבען אין דער תורה.

— און יעצט מיינע ברידער, כל זמן יהושע האט געלעבט, האבען די אידען געטהאן אלעס וואס זיי זיינען פערזאגט געווארען, זיי זיינען געגאנגען אין די וועגען פון אונזער הייליגער תורה, די שבטים זיינען געווען פעראייניגט און די ארומיגע פעלקער האבען ניט נאר

ניט געוואגט אַנצופאנגען מיט ישראל, אָבער זיי האָבען זיי נאָך געצאָהלט צינזען. אָבער זינט יהושע און די זקנים וועלכע זיינען געווען אין דערזעלבער צייט, זיינען געשטאָרבען, האָבען די קינדער פון ישראל ביסלעכווייז אָנגעפאנגען צו פערגעסען אָהן גאָט וועלכער האָט פאר זיי געטהאָן אזוי פיעל גוטעס. יעדער שבט האָט גענומען זאָרגען בלויז פאר זיך, פּיעלע האָבען גענומען נאָכטהאָן די ביישפּיעלען פון די אנדערע פעלקער, זייערע שכנים, זיי האָבען אָנגענומען זייערע געטער, און זיי דיענען צו זיי. עס האָט דערגרייכט אזוי אז פיעלע פון אייך מיינען אז מען קען אנדערש ניט דיענען גאָט ווי דורך דער פערמיטלונג פון די פּסלים און תרפים (אָפּגעטער), די שטאָדט שלה איז ליידיג, דער משכן און דער הייליגער ארון איז פּערלאָזען, איז דען א וואונדער אז גאָט האָט זיך אָן אונז פארגעסען און געגעבען אונזערע שונאים די אויבערהאנד. פיעלע פון אייך געדענקען נאָך די צרות וואָס מיר האָבען געליטען פון עגלון דעם קעניג פון מואב, ביז וואַנען די אידען האָבען גענומען תשובה טהאָן, דאן האָט גאָט צוגעשיקט אהוד דעם זוהן פון גרא פון דעם שבט בנימין און געוויס ווייסט איהר אויך וואָס יענער גבור האָט אויפגעטהאָן פאר זיין פאָלק. ער האָט זיין לעבען אין געפאהר געשטעלט ביז וואנען איהם איז געלונגען צוצוקומען צום פּאַלאַץ פון עגלון, מיט אן אויסרייד אז ער ברייננגט איהם א מתנה, און דאן האָט ער דעם קעניג דערשטאָכען און בעפּרייט די אידען פון זיין יאָך, און געוויס האָט איהר אלע געהערט פון דעם העלד שמגר דעם זוהן פון ענת ווי אזוי ער האָט מיט אן אייזערנעם שטאנג געטויטעט זעקס הונדערט פּלשתים, אָבער יעצט האָבען מיר דאָס אלעם ווידער פערגעסען... אונזערע שונאים נעהמען אונז דריקען.

— און ווייסט איהר אלע! — האָט דבורה פּערענדיגט אז אויב מיר וועלען זיין אזוי אָפּגעלאָזען און ניט פעראייניגט צווישען זיך וועט לאנג ניט געדויערען און דער שונא פון צפון, יבין דער קעניג פון חצור און זיין גענעראל סיסרא וועלען פערנעמען אונזער גאנצעם לאנד. אָבער זאָל גאָט בעהיטען דאָס זאָל פּאסירען, איך וואָלט בעסער געוואָלט זיין טויט איידער צוצוזעהען די שלעכטעם וואָס וועט טרעפען מיין פאָלק! און דעריבער זאָג איך נביאות אז מיר וועלען זיין אלע פעראייניגט און מיט גאָטעס הילף וועלען מיר בעזיעגען דעם שטארקען שונא יבין. מיר וועלען ווערטה זיין ביי גאָט, און ער וועט אונז צושיקען א העלד וועלכער וועט קעמפען געגען סיסרא'ן און זיי אין גאנצען פערניכטען, און דאן וועלען מיר אלע ווידער אמאָל גליקליך זיין. מיר וועלען קענען מיט זיכערהייט געהן נאָך שלה דורך די גלייכע וועגען און ניט דארפען מעהר מורא האָבען פאר אונזערע שונאים.

— מיר וועלען טהאָן אלעם וואָס דו וועסט אונז זאָגען, דו געטליכע דבורה!

— האָבען זיך געהערט שטימען צווישען פאָלק — מיר ווילען לערנען די תורה און וויסען ווי אזוי צו דיענען צו אונזער גאָט.

— לפּידות וועט איבערשרייבען די תורה און ער וועט פאר אייך עס פאָרלייענען יעדען שבת און יום טוב! — האָט דבורה ווייטער געזאָגט—און ווען אונזערע גרויסע ימים טובים, פּסח, שבועות און סוכות וועלען קומען וועט איהר אלע עולי רגל זיין נאָך שלה וואו דער כהן וועט אייך ווייזען ווי אזוי צו דיענען צו אונזער גאָט, דעם גאָט פון אונזערע אבות, אברהם, יצחק און יעקב. אָבער איידער איהר געהט דאָס טהאָן, מוזט איהר מיר אלע פערשפּרעכען אויסצוראמען געצענדינעריי פון אייערע הייזער, אויב איהר האָט הילצערנע אָפּגעטער פערברענט זיי, די גאָלדענע און זילבערנע געטער צושמעלצט און דיענט בלויז צו דעם איינציגען גאָט, איז הימעל.

דבורה האָט ארומגערייזט פון איין שטאָדט צו דער צווייטער און אזוי גע־

רעדט, געלערענט דעם פאלק, זי האט דערצעהלט פון דער פערגאנגענהייט און זיי ערמונטערט זיך צו פעראייניגען.

באלד איז איהר נאמען בעוואוסט געווארען אויך צווישען די איבעריגע שבטים און אויך דארטען האבען איהרע רייד געהאט א געוואלדיגע ווירקונג. אלע האבען איהר גרויס כבוד אפגעגעבען, און מען האט איהר גערופען דבורה די נביאה.

---

דבורה האט ארומגערייזט גאנץ אליין זי האט זיך צוגעקוקט צו דעם ארט לעבען פון די אידען, און וואו זי האט געזעהען אז די געצענדינערייי איז נאך ניט אפגעשוואכט געווארען, פלעגט זי דארטען אזוי לאנג פערבלייבען און ערקלערען די איינוואהנער ווי גרויס דער פארברעכען פון געצענדינעריי איז, ביז וואנען יענע פלעגען צושמעטערען זייערע געצען.

פיעל שוועריגקייטען האט דבורה געהאט אין איהר אייגענער שטאדט אויף דעם בארג אפרים. נישט אויף אלעמען האבען איהרע ווערטער געהאט די געווינשטע ווירקונג.

אין דערזעלבער שטאדט אויף דעם הר אפרים האט געוואהנט א מאן מיט דעם נאמען מיכה מיט זיין מוטער, א רייכע אלמנה. מיכה׳ס מוטער האט בעשלאסען מיטצונעהמען איהרע געלד אין שלה און אפגעבען דאס פאר דעם משכן. זי האט זיך גענומען צוגרייטען צו דער רייזע, פלוצלונג האט זי בעמערקט אז איהר גאנצע געלד, טויזענד און הונדערט שטיקער זילבער זיינען פון איהר אוועקגע׳גנב׳עט געווארען.

די אלמנה האט גענומען שרייען און שילטען.

— ווער איז דאס געווען נעכטען אין מיין הויז? — האט זי געפרעגט איהר זוהן מיכה.

— דא איז קיינער נישט געווען אויסער לפידות, דער פאסטוך פון רמה— האט מיכה איהר געענטפערט.

— און וואס האט ער פערלאנגט?
—האט די אלמנה געפרעגט.

ער איז געקומען און צו מיר געזאגט: אזוי ווי דו האסט א בעזונדערע גרויסע הויז, וואלט איך וועלען אז דו זאלסט אונז ערלויבען צו קומען אין דיין הויז און לערנען די תורה, ביז יעצט פלעג איך פערזאמלען די אידען אין אפענעם פעלד און פאר זיי לייענען אלעם וואס עס איז געשריבען אין דער תורה, אבער יעצט קומט אן די צייט פון רעגען, און אין דיין הויז איז די איינציגע גרויסע הויז, וואו פיעלע מענשען קענען זיך פערזאמלען, דעריבער בין איך צו דיר געקומען בעטען דו זאלסט אונז לאזען צוזאמענקומען אין דיזען הויז.

— און וואס האסטו איהם געזאגט?
—האט איהם די מוטער געפרעגט.

— איך האב איהם ענטזאגט! — האט מיכה געענטפערט.

— פארוואס?

— ווייל איך פלאנעווע אליין צו מאכען אונזער הויז פאר א פלאץ וואו מען זאל קענען קומען דינען גאט! איך האב בעשלאסען צו מאכען איינעם פון מיינע זיהן פאר א כהן. יעצט זעהסטו מוטער אז איך האב גוט געטאהן וואס איך האב איהם ענטזאגט, ווען ער וואלט דא גאנץ אפט אריינגעקומען וואלטען נאך פיעלע זאכען געפעהלט.

— און דו ביזט איהם חושד אז ער, לפידות, האט גע׳גנב׳עט די טויזענד און הונדערט שטיקער זילבער? — האט איהם די מוטער געפרעגט.

— אויב ער איז דער איינציגער וואס איז געווען אין אונזער הויז, האט ער עס געוויס צוגע׳גנב׳עט. איך ווייס אז ער איז אריינגעקומען בעטראכטען די צימערען און ווען איך האב נישט בעמערקט, האט ער דאן צוגענומען די געלט.

— פערשאלטען זאל דער גנב ווערען צו גאט! — האט די אלמנה אויסגעשריען—איך וועל לויפען צו די עלטסטע פון שטאדט און זאל מען איהם איינשפארען אין געפענגנים ביז וואנען

ער וועט מיר אומקעהרען דאס געלד.

די אלמנה איז גלייך אוועק צו די עלטסטע און אויסגערופען:

— וויניציג גנבים געפינען זיך אין אונזער אייגענער שטאדט, אז זיי זאלען נאך אהער קומען פון רמה!

— וואס האט פאסירט? — האט מען איהר געפרעגט.

— דער מאן, לפידות, פון רמה, איז נעכטען אריינגעקומען צו מיר אין הויז און פון דארטען אוועקגע׳גנב׳עט מיין גאנצען פערמעגען, טויזענד און הונדערט שטיקער זילבער.

די זקנים האבען גלייך געשיקט רופען לפידות׳ן און ווען ער איז ערשינען פאר זיי, איז די אלמנה ארויפגעפאלען אויף איהם מיט קללות. לפידות האט איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— ביזטו געוועזן אין איהר הויז, נעכטען? — האט איינער פון די זקנים איהם געפרעגט.

— יע, איך בין געוועזן! — האט לפידות געענטפערט.

— און פאר וואס האסטו ביי איהר אוועקגע׳גנב׳עט איהר רייכטום?

— ניין, מיין האר! — האט לפידות געענטפערט—איך בין נישט קיין גנב, דא האט געמוזט פארקומען א טעות!

— דו האסט זיך דאך אליין מודה געוועזן אז דו ביזט געוועזן אין הויז פון דער אלמנה.

— געוויס איז ער געוועזן! — האט זי אויסגעשריען מיט א קוויטשענדיגע שטימע — און ווי ער האט מיין הויז פערלאזען האט געפעהלט די געלד.

— זיי זיך מודה און גיב איהר אפ צוריק דאס געלד! — האבען די זקנים געראטהען לפידות׳ן—אז נישט וועסטו ערגער מאכען.

— אבער מיינע הארען, איך בין אונשולדיג! — האט לפידות אויסגערופען.

— אויב אזוי טו וואס האסטו געטהאן אין איהר הויז?

— איהר ווייסט דאך מיינע הארען, אז מיר האט זעהר לאנג גענומען ביז וואנען מיר איז געלונגען איבערצושרייבען די תורה וואס עס האט זיך געפונען ביי דעם זיידען פון דבורה, די נביאה. איך האב איבערגעשריבען ווארט ביי ווארט און ווען איך בין פארטיג געווארען, האב איך פערזאמעלט פיעלע מענשען פון שטאדט און פאר זיי געלייענט די תורה און יעצט אז עס איז געווארען הערבסט, און די רעגענס זיינען געקומען, איז שוין געווען אונמעגליך צו פערזאמלען די מענשען און לייענען פאר זיי די תורה אונטער׳ן פרייען הימעל, האט מען מיר איבערגעגעבען אז מיכה, דער זוהן פון דיזער אלמנה בעזיצט זעהר א גרויסע הויז, בין איך דאס נעכטען אוועק צו איהם און געבעטען ער זאל אונז ערלויבען זיך צו בענוצען מיט זיין הויז פאר אונזערע פערזאמלונגען, און ווען ער האט מיר ענטזאגט בין איך גלייך אוועק איך האב גאר נישט גענומען פון דארטען. מיט ליידיגען בין איך געקומען און מיט ליידיגען בין איך אוועק!

— דו ביזט א ליגנער און א גנב! — האט די אלמנה זיך נאך שטארקער פארנאנדערגעשריען—דיזע געלד האב איך געפלאנעוועט אפצוגעבען פאר גאט אין משכן, און יעצט איז ער געקומען און האט עס פון מיר אוועקגע׳גנב׳עט.

— מיר וועלען דיר מוזען איינשפארען אין תפיסה ביז וואנען דו וועסט זיך מודה זיין און אונז אנצייגען וואו דו האסט אהינגעטאהן די געלט וואס דו האסט גע׳גנב׳עט פון דער אלמנה! — האט דער עלטסטער פון די זקנים זיך אפגערופען — איך פערשטעה אז דו האסט עס זיכער געטהאן אויס נקמה, ווייל איהר זוהן האט דיר נישט געוואלט ערלויבען זיך צו בענוצען מיט זיין הויז. דעריבער ראטהען מיר דיר דו זאלסט עס גלייך צוריקברייגנען, און דאן וועלען מיר דיר בעפרייען פון שטראף!

— אבער איך שווער ביי גאט אז איך ווייס נישט פון וואס צו זאגען. ווי אזוי וועל איך גאר קענען בעגעהן אזא פערברעכען, שטעהט דען נישט געשריבען

אין אונזער הייליגער תורה אז מען טאָר נישט גנב'ענען?

— געוויס שטעהט אזוי געשריבען— האָט דער זקן געזאָגט—און דערפאַר אז מען וועט די גנבה געפינען ביי דיר, איידער דו ביזט זיך אליין מודה, וועסטו דארפען בעצאָהלען צוויי מאָל אזוי פיל פאר דעם.

— איך בין קיין מאָל קיין גנב נישט געווען! — האט ליפּדות אויסגערופען —גאָט איז מיין עדות אז איך בין אומשולדיג. מיט דעם שוויים פון מיין פּנים האב איך שטענדיג מיין ברויט פערדינט. ביז וואנען דבורה די נביאה האט מיינע אויגען געעפענט און איך האב אנגעהויבען איינצוזעהן אז מיר זינדיגען געגען גאָט דאמיט וואס מיר דינען צו איהם דורך די תרפים. איך האב דאן אין גאנצען פערניכטעט די אפּגעטער, און יעצט זעה איך אויסצואיבען מיין איינפלוס אויף די אלע וועלכע האבען נאָך זייערע אפּגעטער נישט צושמעטערט, אז זיי זאלען דאס טהאָן. און גאָט זאָל מיר אויסהיטען, אז איך זאָל אנריהרען זאכען וואס בעלאנגען נישט צו מיר!

— דו וועסט פאר מיר נישט קענען פערלייקענען! — האט די אלמנה אויסגעשריען. — מיין זוהן האָט גלייך פערשטאנען אז דו ביזט עס דער גנב!

— דו וועסט זיך ניש ארויסדרעהען! —האָט א צווייטער זקן זיך צו איהם עגווענדעט—דיין שטראָף וועט זיין גרויס, ווייל דו פערשעהמסט אונזער גאנצען שבט אפרים. מיר האבען אלע מאָל שטאָלצירט מיט די זיהן פון אונזער שבט, אז זיי זיינען עהרליכע מענשען און טוען נישט קיין עוולות איינער צום צווייטען, און יעצט קומסטו און גנב'עסט געלד פון אן אלמנה! אויב דו וועסט זיך באלד נישט מודה זיין, וועסטו דיין שטראָף בעקומען!

— איך בין אין אייערע הענט, און איהר קענט טהאָן מיט מיר וואָס אייך געפעלט! — האט לפּידות זיך אפּגערופען—איך האב געשווארען ביי גאָט אז איך בין אומשולדיג, און איהר ווילט מיר נישט גלויבען! קען איך אייך דען איבערצייגען אז איך האב דאס געלד נישט גענומען?

— דו וואלסט אונז געקענט איבערצייגען בלויז דאן ווען דו וואלסט אונז פערזיכערט אז דו האסט איהר הויז קיינמאָל נישט בעזוכט, אבער ווען דו אליין האסט זיך מודה געווען אז דו ביזט אין איהר הויז געווען, און גלייך נאכדעם איז דאס געלט פערשוואונדען, ווי אזוי קענען מיר אנדערש גלויבען. יע, מיר זיינען איבערצייגט אז די אלמנה האט רעכט און דו ביזט דער גנב.

— פערשפּארט איהם אין תפיסה! — האט דער עלטסטער זיך אפּגערופען.

— זאָלען מיר געהן רופען די וועכטער. זיי זאָלען איהם בינדען? — האָט איינער געפרעגט.

— אויב ער וועט ארויסצייגען דעם קלענסטען ווידערשטאנד, וועלען מיר שיקען נאָך זיי.

איינינגע פון די זקנים האבען איהם אנגענומען אונטער די ארעמס און אוועקגעפיהרט לפּידות'ן אין תפיסה.

— יעצט אז ער איז פערהאלטען, — האט דער עלטסטער אויסגערופען — זאלען אוועקגעהן עטליכע מענשען צו דעם פּלאַץ וואו לפּידות האט זיך געפונען, און זוכען אין יעדען פּלאַץ, פּיליכט וועלען מיר נאָך געפינען דאס געלט.

— מיין זוהן וועט מיט אייך מיטגעהן! — האט די אלמנה געזאגט — איך וועל איהם גלייך אריבערשיקען צו אייך.

עטליכע פון די זקנים זיינען אוועק צו דעם הויז וואו לפּידות האט זיך אויפגעהאלטען און זיי האבען איבעראל געזוכט און נישט געפונען.

די אלמנה האָט ניט אויפגעהערט צו שטורעמען און שעלטען, אָבער די געלט האָט זיך נישט אפּגעזוכט.

אין שטאָדט גופא האָט אויסגעבראָכען א קריגעריי צווישען די זקנים. איי־

ניגע האָבען געהאַלטען, אַז לפּידות איז אומשולדיג.

— ווי אַזוי איז דאָס מעגליך, אַז אַזאַ מאַן, וועלכער האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו לערנען די תורה מיט דעם אומוויסענדען המון, זאָל באַגעהן אַזאַ פאַרברעכען?

— דאַן איז דאָך דער פּאַרדרוס נאָך גרעסער! — האָט אַן אַנדערער געזאָגט. — דעם פאָלק לערענט ער, אַז מען טאָר נישט גנב'ענען און אַליין גנב'עט ער!

— האָט מען דאָך אָבער ביי איהם דאָס געלט נישט געפונען!

— אַזאַ נאַר וועט ער זיין! אויב ער האָט גע'גנב'עט די אַלמנה'ס געלט, האָט ער שוין מסתמא באַזאָרגט, אַז מען זאָל עס נישט געפינען!

— וואָס איך פאַרשטעה נישט איז, ווי אַזוי האָט ער גאָר געקענט אוועקטראָגען אַזוי פיל געלט מיט אַמאָל? לויט מיכה'ס רייד איז לפּידות דאָרט געווען בלויז איינמאָל.

— יע, איינמאָל איז ער געווען, ווען מיכה האָט איהם געזעהן, אָבער וויפיל מאָל איז ער דאָרט געווען, אַז קיינער האָט איהם נישט געזעהן... מיר איז לפּידות גלייך נישט געפעלען געוואָרען. ווער האָט עס איהם געגעבען דאָס רעכט צו געהן פון הויז צו הויז און צושמעטערען די "תרפים" און פּסלים!

— ער האָט דאָך אָבער קיינעם נישט געצוואונגען עס צו טאָן! ער האָט בלויז אַלעמען איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ זינד געגען גאָט. יע, ער האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר אונזער שטאָדט.

— און דערצו נאָך האָט איהם דבורה די נביאה באַשטימט ער זאָל פאַרלייענען די תורה יעדען שבת. ווי איז דאָס מעגליך, אַז ער זאָל פּלוצלונג אַליין אַזאַ פאַרברעכען באַגעהן?

— ווען דבורה וואָלט איצט געווען אין שטאָדט וואָלט זי שוין אויסגעפונען ווער דער ריכטיגער גנב איז! איך האָב געהערט, אַז אין וועלכע שטאָדט זי געפינט זיך, קומט מען צו איהר זיך משפּט'ן, ווייל אויסער דעם וואָס זי איז געלערענט אין דער תורה, איז זי זעהר קלוג און זי משפט אַלעמען מיט גערעכטיגקייט!

— עס דאַרף גאָר ביי קיינעם קיין צווייפעל נישט זיין! — האָט אַ מיטעליעהריגער איד אויסגערופען, — אַז לפּידות איז דער גנב. קיינער האָט ניט קיין צוטריט אין הויז פון דער אַלמנה, און ווי באַלד, אַז ער איז געווען דער איינציגער וואָס איז דאָרט געווען, האָט ער געוויס דאָס געלט צוגענומען.

— און איך גלויב, אַז די זקנים האָבען געמאַכט אַן איבעראיילטען שריט מיט דעם, וואָס זיי האָבען אַריינגעזעצט לפּידות'ען אין געפענגניש אָהן אַ גרינדליכע אויספאָרשונג.

— וואו ביזטו געווען פריהער? — האָט איהם אַ צווייטער פאַרגעוואָרפען. — דו אַליין, דוכט מיר, ביזט געווען איינער פון די, וועלכע האָבען איהם באַשולדיגט.

— איך האָב איהם נישט באַשולדיגט איך האָב בלויז געהאָלפען צו מאַכען די אויספאָרשונגען.

אייניגע טעג האָט מען נאָך אין שטאָדט גערעדט וועגען דער גנבה. די אַלמנה האָט נישט אויפגעהערט צו קומען יעדען טאָג צו דער פאַרזאַמלונג פון די זקנים און געשאָלטען לפּידות'ן.

— זינט ער איז געקומען אין אונזער שטאָדט און געווירקט אויף אַלעמען, אַז מיר זאָלען פאַרניכטען די תרפים, ווערען מיר נאָך מעהר באַשטראָפט. אויסער דעם וואָס מיין מאַן איז געשטאָרבען, האָט נאָך ביי מיר אין הויז ביז איצט קיין אומגליק נישט פּאַסירט, און זינט די אָפּגעטער געפינען זיך נישט אין מיין הויז — האָט מיר אַזאַ אומגליק געטראָפען, און מיין גאַנצע געלט, וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט, האָט ער ביי מיר צוגע'גנב'עט. איך וועל צוריק מוזען איינפיהרען די תרפים אין מיין הויז, ווייל איך בין זיכער, אַז ווען זיי וואָלטען נאָך ביז איצט געווען, וואָלטען זיי

מיר באשיצט און איך וואָלט נישט ערליטען אזא גרויסען פארלוסט.

— אָבער איך פארשטעה דיך נישט!

— האָט זיך צו איהר אָפּגערופען איינער פון די זקנים. — דו אליין האָסט צוגעגעבען, אז די געלט האָסטו געוואָלט אָפּגעבען אין שלה פאר דעם משכן און ווי אזוי רעדסטו איצט וועגען אָפּגעטער.

— זעהסטו דען נישט, אז צוליב דעם וואָס איך האָב געוואָלט אָפּגעבען מיין פארמעגען פאר׳׳ן משכן, האָבען מיר די געטער באשטראָפט! — האָט די אלמנה אויסגערופען. — און טאקע דער זעלבער, וועלכער האָט די גאנצע צייט גערעדט אין נאָמען פון גאָט, האָט מיר באַגנב׳עט!

---

אין דער צייט, וואָס לפּידות איז געזעסען אין תפיסה פלעגען צו איהם קומען די אלמנה מיט איהר זוהן מיכה און עטליכע פון די זקנים און פון איהם פארלאנגט ער זאָל זיך מודה זיין און אומקעהרען די געלט צוריק.

לפּידות, אָבער האָט גע׳טענה׳ט, אז ער ווייס נישט פון וואָס צו זאָגען און, אז מען באשטראָפט איהם אומזיסט.

— איצט האָב איך זיך דערמאָנט!

— האָט מיכה אויסגערופען, — ווען דו האָסט פארלאָזט מיין הויז, האָסטו מיט זיך עטוואָס געהאט.

— ניין, דו מאכסט א טעות! איך האָב ביי זיך גאָרנישט געהאט, — האָט לפּידות געזאָגט. — זאָל דיר גאָט באשטראָפען פאר דעם, וואָס דו האָסט א בלבול אויסגעטראכט אויף מיר!

— דו האָסט נאָך די חוצפּה צו שעלטען מיין זוהן! — האָט די אלמנה אויסגערופען מיט כעס. — גיב מיר אָפּ מיין געלט!

— זאָל דיר יענער אָפּגעבען, וועלכער האָט ביי דיר גע׳גנב׳עט! — האָט לפּידות געענטפערט. — איך האָב אזוי פיל געלט אין מיין לעבען נישט אנגעזעהן.

---

עטליכע וואָכען איז לפּידות אָפּגעזעסען אין תפיסה, קיינער האָט זיך צו איהם נישט צוגעהערט. ווען זיין משפּחה אין רמה האָט זיך דערוואוסט, זיינען זיי גלייך געקומען און געפאָדערט אז מען זאָל איהם באפרייען. אָבער קיינער האָט זיך צו זיי נישט צוגעהערט. זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט אנטוישטע.

ווען דבורה האָט זיך צוריקגעקעהרט פון א רייזע צווישען די שבטים, האָט מען איהר באַלד איבערגעגעבען, וואָס עס האָט פּאסירט מיט לפּידות׳ן.

— איך גלויב, אז אומרעכט איז דאָ באגאנגען געוואָרען! האָט דבורה אויסגערופען. — לפּידות איז אן ערליכער מאן. האָט איהר גוט אויסגעפאָרשט די זאך? — האָט זי זיך געווענדעט צו די זקנים.

— יע, מיין הארינטע, מיר האָבען אלעס אויסגעפאָרשט און זינט דאן איז ביי קיינעם קיין צווייפעל נישט, אז לפּדות איז באגאנגען די גנבה.

— מיר וועלען דארפען דיזען משפּט נאָך אמאָל באטראכטען, — האָט א צווייטער זיך אָפּגערופען. — איך קען אויך זיך נישט פאָרשטעלען, אז לפּידות זאָל טאָן אזא זאך.

— זאָל מען דעם משפּט פאָרברייננגען פאר מיר! — האָט דבורה באפוילען. — איך וועל זעהן פריהער אויסצופאָרשען די זאך.

מען האָט געבראכט לפּידות׳ן פאר דבורה׳ן נאכהער איז געקומען די אלמנה מיט איהר זוהן.

לפּידות איז געשטאנען א פארשעהמטער, מיט א געבויגענעם קאָפּ.

— דערצעהל מיר נאָך אמאָל ווי אזוי ביזטו געקומען צו דעם הויז פון דער אלמנה! — האָט דבורה זיך געווענדעט צו לפּידות׳ן.

לפּידות האָט איהר דערצעהלט, ווי אזוי ער איז געקומען בעטען ערלויבעניש מען זאָל זיך קענען פארזאמלען אין איהר הויז, כדי צו לערנען די תורה, און מיכה האָט איהם אנטזאגט. גלייך נאָכ־

דעם האָט ער דאָס הויז פאַלאָזען, און אויף מאָרגען איז געקומען מיכה מיט זיין מוטער און אויף איהם א בלבול געמאַכט.

— עס איז נישט קיין בלבול! — האָט מיכה אויסגעשריען, — איך האָב אליין געזעהן ווי ער האָט פון אונזער הויז דאָס געלט ארויסגעטראָגען.

— אויב דו האָסט עס געזעהן פאַרוואָס האָסטו עס דערלאָזען? — האָט דבורה איהם גלייך געפרעגט.

מיכה איז א ווייל געשטאַנען א צוטומעלטער, באַלד אָבער איז ער צו זיך געקומען און געענטפערט.

— ווען איך האָב איהם געזעהן ארויסנעהמענדיג דאָס געלט פון מיין הויז, איז מיר בעת מעשה נישט איינגעפאַלען, אז לפידות האָט אונז באַ'גנב'עט, ערשט אויפ'ן צווייטען טאָג, ווען מיין מוטער האָט זיך געכאַפּט, אז דאָס געלט פעהלט איהר, האָב איך זיך דערמאָנט אָן דעם, וואָס איך האָב געזעהן, און מיין פארדאַכט איז גלייך געפאַלען אויף איהם.

— און דו האָסט געוואוסט, וואו דיין מוטער האָט געהאַלטען איהר געלט? — האָט איהם דבורה געפרעגט.

— המ... יע, איך מיין, אז ביז וואַנען דאָס געלט איז גע'גנב'עט געוואָרען, האָב איך דערפון נישט געוואוסט. נאָכדעם ווי זי האָט זיך געכאַפּט, אז דאָס געלט פעהלט איהר, האָט זי מיר געציינט דעם פּלאַץ.

—ביזטו זיכער, אז דו האָסט דעם פּלאַץ נישט געוואוסט פריהער? — האָט דבורה איהם ווייטער געפרעגט.

— איך בין זיכער!

— און דו האָסט איהר קיינמאָל ניט געפרעגט וואו זי האַלט דאָס געלט?

— ניין!

— פאַרוואָס?

— ווייל איך האָב געזעהן, אז זי וויל נישט, אז מען זאָל וויסען, האָב איך איהר נישט געוואָלט באַלעסטיגען.

— פאַרוואָס האָסטו נישט געוואָלט, אז דיין זוהן זאָל וויסען, וואו דו באַהאַלטסט דיין געלט? — האָט דבורה זיך געווענדעט צו דער אלמנה.

— ווייל איך האָב דאָס געלט געוואָלט אוועקגעבען פאַר דעם משכן, און איך האָב נישט געוואָלט, אז מיין זוהן זאָל מיר שטערען.

— און דעריבער האָסטו עס באַהאַלטען אין אזא פּלאַץ, אז דיין זוהן זאָל נישט אויסגעפינען?

— יע, — האָט די אלמנה צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— און ווי לאַנג איז דאָס, אז דאָס געלט איז געלעגען באַהאַלטען אין דיין הויז?

— שוין עטליכע יאָהר.

— און דיין זוהן האָט די גאַנצע צייט דערפון נישט געוואוסט.

— געווים נישט, ווייל איך האָב דאָס באַהאַלטען אין אזא פּלאַץ, וואו איהם וואָלט גאָר קיינמאָל נישט איינגעפאַלען דאָרט צו זוכען.

— איצט וויל איך אייך אלעמען פרעגען — האָט דבורה זיך געווענדיט צו די זקנים, — אויב איהר זוהן, וועלכער וואוינט צוזאַמען מיט זיין מוטער די גאַנצע צייט, האָט נישט געקענט אויסגעפינען, וואו דאָס געלט געפינט זיך, היינט ווי אזוי זשע איז דאָס געווען מעגליך פאַר לפידות'ן, וועלכער איז דאָרט געווען בלויז איינמאָל צו געפינען דאָס געלט און פון דאָרט עס אוועקנעהמען.

די זקנים, די אלמנה און די איבעריגע, וועלכע זיינען געווען אנוועזענד, זיינען געבליבען שטעהן אין גרויס ערשטוינונג. מען האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען.

א ווייל זיינען אלע געבליבען שטיל. מען האָט מיט גרויס שפּאַנונג געוואַרט צו הערען דבורה'ס אורטייל.

— יעצט זעהט איהר אלע, אז לפידות איז אומשולדיג — האָט זיך דבורה אָפּגערופען.

— אָבער אויב נישט לפידות,

טו

— ווער דען האט עס גע'גנב'עט? — האט די אלמנה אויסגעשריען—מיין זוהן פרעמדער איז דאך אין מיין הויז נישט געווען, אויסער איהם, און מיט א טאג פריהער האב איך אליין געזעהען דאס געלט.

— דיין זוהן מיכה איז דאך אבער יע געווען אין דיין הויז! — האט דבורה איהר געענטפערט.

— מיין זוהן, א גנב! אה, ניין! — האט די אלמנה אויגעשריען—מיין זוהן האט ביי מיר נישט גע'גנב'עט.

— עס איז נאטירליך אז דו זאלסט אזוי טראכטען פון דיין זוהן! — האט דבורה זיך אפגערופען — און מיר טוט עס זעהר לייד, דיר צו זאגען, אבער עס איז קיין צווייפעל נישט אז מיכה האט דיין געלט גענומען און לפידות איז ריין און אומשולדיג. ער מוז גלייך בעפרייט ווערען.

— מיין זוהן איז אן עהרליכער מאן! —האט זיך די אלמנה גע'כעס'ט — לפידות איז דער גנב, און ער מוז זיין שטראף בעקומען.

— זאל מען נעהמען זוכען דאס געלט אין איהר אייגענע הויז! — האט דבורה געגעבען א בעפעהל צו די עלטסטע.

— וואס הייסט מען וועט געהן ביי מיר זוכען! — האט די אלמנה פראטעסטירט—איך זאג אז מיין געלט איז גע'גנב'עט געווארען פון מיר, און יעצט הייסט דבורה מען זאל דאס זוכען ביי מיר אין הויז? וואו איז יושר? וואו איז גערעכטיגקייט?

— איז דען א יושר צו בעשולדיגען אן אומשולדיגען מאן און איהם פערשפארען אין תפיסה פאר א פארברעכען וואס ער איז נישט בעגאנגען? — האט איהר דבורה געפרעגט.

— ער איז נישט אומשולדיג! — האט די אלמנה געשטורעמט. דעם טאג וואס ער האט בעזוכט מיין הויז, האט דאס געלט געפעהלט.

— אבער די אויספארשער וועלען מור־זען געהן זוכען אין דיין הויז! — האט דבורה געזאגט.

— מיט וואס פאר א רעכט?!

— מיט דעם זעלבען רעכט וואס מען האט געזוכט ביי לפידות'ן אין וואהנונג!

— ניין, איך וועל נישט דערלאזען! דאס איז א בעליידיגונג פאר מיין זוהן!

— דאן האסטו קיין רעכט נישט צו בעשולדיגען א צווייטען!

— מוטער! — האט מיכה זיך אפגערופען מיט א נידעריגע שטימע — דבורה די נביאה איז גערעכט. לפידות איז אומשולדיג,

— אויב אזוי טו ווער דען האט עס פון מיר אוועקגע'גנב'עט? — האט זי זיך צו מיכה'ן אפגערופען.

— איך האב עס געטאהן! — האט ער אויסגערופען—איך האב גענומען דאס געלט. יע, די עלף הונדערט זילבער וואס עס איז גענומען געווארען ביי דיר, איז אין מיין רשות!

— וואס, מיין זוהן? דאס געלט איז ביי דיר?! — האט זיין מוטער אויסגערופען.

— איך ווייס, מוטער, אז דו האסט געשאלטען דעם יעניגען וועלכער האט דיין געלט גענומען, און דבורה די נביאה האט גלייך פערשטאנען אז איך האב עס גענומען. אבער דו מעגסט מיר גלויבען, מוטער, אז איך האב דאס געלט ניט גענומען פאר זיך, איך האב געהאט אין זינען צו מאכען א פסל (אפגאט) פון זילבער, אבער יעצט וועל איך דאס צו דיר באלד צוריקקעהרען.

— זיי געבענשט צו גאט, מיין זוהן! — האט די אלמנה אויסגערופען—ווען איך האב געשאלטען, האב איך נישט געמיינט דיר. איך האב געמיינט אז....

— אז לפידות האט עס גענומען!— האט מיכה פערענדיגט—יע, עס איז א ביסעל זיין שולד אויך ווען ער וואלט יענעם טאג צו מיר נישט געקומען און פערלאנגט דאס הויז פאר די מענשען זיך צו פערזאמלען, וואלט מיר נישט איינגעפאלען דער געדאנק אז איך קען מיין

הויז פערוואנדלען אין א היילינגען פלאץ וואו מען וועט קענען דינען גאט.

— און דאן וואלסטו אויך נישט געהאט אויף וועמען צו ווארפען דעם בלבול! — האט דבורה צוגעגעבען מיט א שמייכעל.

— נו, יע, ווען ער וואלט נישט געווען, וואלט איך עס געוויס נישט געטאהן, ווייל מיין מוטער וואלט גליך מיר חושד געווען! — האט מיכה עטוואס פערשעהמט געזאגט.

— אבער מיין זוהן, דו האסט קיין פערברעכען נישט בעגאנגען, דאס געלד האב איך אלץ איינס געוואלט אפגעבען פאר גאט. יעצט וועל איך דאס איבערגעבען צו דיר און דו וועסט טהאן ווי דו האסט געפלאנעוועט פריהער. דאס הויז איז גרויס און עס וועט נישט זיין גאנץ שווער צו פערוואנדלען אין א הייליג הויז.

— ווייסטו דען נישט אז דו בעגעהסט א זינד געגען אונזער גאט ווען דו וועסט איינפיהרען אין דיין הויז דעם פסל! — האט זיך לפידות אפגערופען —די נביאה דבורה רייזט ארום פון שטאדט צו שטאדט און ווירקט אויף יעדען איינעם מען זאל צושמעטערן די אפגעטער און די פסלים, און דא ווילסטו איינפיהרען די געצענדינערייי אין דיזער שטאדט.

— עס איז מיין געלד און קיינער קען מיר נישט זאגען וואס צו טאהן! — האט די אלמנה אויסגערופען מיט צארן. —מיין זוהן וויים ווי זיך צו בעגעהן מיט פסלים און אויב עס וועט נויטיג זיין וועט ער קריגען א לוי פון משכן, זיי זיינען פאראן גענוג, און יענער וועט בעדינען די פסלים! אבער איהר מעגט אלע וויסען אז מיין זוהן איז נישט קיין גנב!

— אבער ער איז א ליגנער און א בלבול מאכער! — האט איינער פון די זקנים זיך אפגערופען—און פאר דעם אליין האט ער פארדיענט א שטראף.

— מיין זוהן איז אומשולדיג! — האט זיך די אלמנה געשטעלט צווישען איהר זוהן און די זקנים ווי זי וואלט איהם געוואלט בעשיצען—איהם קומט נישט קיין שטראף.

— טוט איהם קיין שלעכטעס נישט — האט דבורה זיך אפגערופען צו די זקנים — ער האט זיך אליין מודה געווען, און זיין מוטער האט איהם מוחל געווען.

— אבער מיכה וויל דאך מאכען א פסל! — האט אימיצער אויסגערופען.

— עס וועט קומען א צייט און ער וועט זיך אליין ארומזעהן ווי נאריש דאס איז, אבער צווינגען איהם ער זאל דינען צו גאט קענען מיר ביי דיזער צייט נישט. איך האב בלויז געוואלט אז גערעכטיגקייט זאל געטאהן ווערען. יעצט וויסען אלע אז לפידות איז בעשטראפט געווארען אומשולדיגערהייט.

אלע אנוועזענדע האבען באוואונדערט ווי קלוג דבורה האט געפיהרט דעם משפט. די זקנים האבען זיך געפיהלט שטארק נידערגעשלאגען און פערשעהמט אז זיי האבען בעשטראפט לפידות׳ן, וועלכער האט אזוי פיעל אויפגעטאהן פאר זייער שטאדט און ארויסגעהאלפען דבורה׳ן צו לערנען דעם אונוויסענדען המון די הייליגע תורה.

— מיר האבען געזינדיגט געגען אונזער גאט און געגען לפידות׳ן — האט דער הויפט פון די זקנים זיך אפגערופען — מיר האבען נישט ריכטיג געמשפט, און יעצט פערלאנגען מיר פון לפידות׳ן ער זאל אונז מוחל זיין!

— לפידות וויים אז איהר האט עס נישט געטאהן אבזיכטליך, איהר זייט פערפיהרט געווארען דורך די אומשטענדען. ווען מיכה און זיין מוטער האבען אייך איבערגעגעבען די איינצעלהייטען, וואלט פאר יעדען שופט געווען זעהר לייכט צו מאכען דיזען טעות, און איך אליין וואלט מעגליך אויך נישט געקענט מיט זיכערהייט זאגען אז דאס איז ניט אזוי, ווען איך וואלט לפידות׳ן בעסער נישט געקענט, און געוואוסט וואס פאר אן עהרליכער מאן ער איז און אז ער בעזיצט א ריינע נאבעלע נשמה. ביי

מיר איז קיין ספק נישט געווען אז לפידות איז אומשולדיג און נאטירליך, האב איך מיט זיכערהייט געקענט זאגען אז מיכה האט עס געטאהן.

— און איך וויל נאך אמאל פאר אלעמען ערקלעהרען—האט די אלמנה אויסגערופען—אז מיין זוהן איז נישט קיין גנב און איך שענק איהם אוועק דאס געלט. קום, מיין זוהן! דו דארפסט ביי זיך נישט זיין געפאלען, מיין געלט בעלאנגט צו דיר און ווען דו האסט עס גענומען, האסטו קיינעם נישט בערויבט.

— אויסער לפידות'ן! — האט איינער אויסגערופען.

— ער האט ביי לפידות'ן גאר נישט גערויבט ער איז דאך יעצט פריי! — האט די אלמנה בייז א זאג געטאהן.

— ער האט גאר ביי איהם נישט גערויבט אויסער צוויי וואכען פרייהייט!

— האט דער הויפט פון די זקנים זיך צו איהר אפגערופען.

די אלמנה האט איהם גאר נישט געענטפערט, זי האט מיט איהר זוהן פערלאזען דעם פלאץ.

— געבענטשט זאלסטו זיין צו גאט!

— האט דער עלטסטער פון די זקנים זיך אפגערופען צו דבורה'ן—דו האסט אונז פערהיט פון צו בעגעהן א פערברעכען! און יעצט וואלטען מיר דיך געבעטען אז דו זאלסט שטענדיג פערבלייבען אין אונזער שטאדט, אלס א שופטת (ריכטערין), דו וועסט משפט'ן די אידען.

— איך מוז אבער ארומרייזען אויך צווישען אנדערע שטעדט—האט דבורה געזאגט — מיין פליכט איז צו לערנען אלעמען די וועגען פון גאט.

— גאט האט אונזער שטאדט געבענשט מיט אזא געטליכע פרוי ווי דו ביזט, און דעריבער זיינען מיר בערעכטיגט אז דו זאלסט שטענדיג בלייבען צווישען אונז, און ווען די מענשען פון אנדערע שבטים וועלען צווישען זיך האבען א סכסוך און די דארטיגע זקנים וועלען נישט קענען בעשליסען ווער עס איז גערעכט און ווער אומגערעכט, ווע־לען זיי זיך מטריח זיין און קומען צו דיר זיך משפט'ן.

— יע, מיין הארינטע! — האט לפידות צוגעגעבען—דו וועסט מיעד ווערען פון צופיעל וואנדערן. דאס פאלק ווייס שוין יעצט וואו צו געפינען גערעכטיגקייט, און מיר וואלטען זיך אלע געשעצט גליקליך ווען דו פערבלייבסט דא.

— מיר האבען שוין בעשטימט א גוטען פלאץ פאר דיר, א הייליגע נביאה אין מיטען שטאדט וואו דער גרויסער פאלם־בוים געפינט זיך דארטען האבען מיר א שטוהל געשטעלט. די זון וועט צו דיר נישט צוקומען און דארטען וועסטו זיצען און משפט'ן ישראל. דארטען וועלען אויך אלע קומען צו דיר צו הערען די רייד פון גאט, דו וועסט ערקלעהרען דעם פאלק זיין תורה.

דבורה האט צוגעשטימט, און איז אוועק מיט לפידות'ן צו דעם פלאץ, זי האט געזעהען דעם שטוהל פון גערעכטיגקייט וואס דאס פאלק האט אוועקגעשטעלט און זי האט זיך דארטען אוועקגעזעצט צו משפט'ן דעם פאלק.

באלד איז דבורה'ס נאמען בעריהמט געווארען און פון איבעראל איז מען צו איהר געקומען זוכען גערעכטיגקייט.

לפידות האט דבורה'ן א סך געהאלפען און ווען עס זיינען פיעלע מענשען געווען און דבורה האט נישט בעוויזען פארטיג צו ווערען דעם טאג, דאן פלעגט לפידות זיי פערזאמלען און פארלייענען די תורה.

האבען אלע אידען געבענשט דבורה די נביאה פאר איהרע קלוגע עצות און גערעכטע משפטים, און אין דער זעלבער צייט האט מען געבענשט לפידות'ן, וועלכער האט דבורה'ן געהאלפען פערשפרייטען די תורה צווישען די אומוויסענדע.

## פערטער קאפיטעל
## יעל, די פרוי פון חבר.

אין צפון זייט פון קדש נפתלי נישט ווייט פון דעם טייך קישון האט זיך גע־

פונען א משפחה פון דעם שבט קיני. דער הויפט פון דער משפחה איז געווען חבר (חעווער), א בראַוווער יונגער מאַן וואס איז בעריהמט געווארען דורך זיין העלדישקייט.

חבר האט געשטאמט פון דעם שבט מדין פון דער משפחה פון יתרו משה'ס שווער. ווען משה האט געפיהרט די אי־דען אין דער מדבר, האבען זיינע אור־עלטערען צוגעשטימט צו משה'ס פאר־שלאַג צו געהן מיט זיי צוזאמען און זיך בעזעצען אין כנען. ווען יהושע האט איינגענומען כנען האט זיך דיעזע משפחה וועלכע האט זיך גערופען מיט'ן נאַמען קיני, בעזעצט אין דער נחלה פון שבט יהודה. די קינים אַבער האבען זיך נישט בעשעפטיגט מיט ערד ארבייט, זיי פלעגען ארומוואנדערען מיט זייערע סטאדעס אין דרום מזרח זייט פון כנען.

איינמאַל, ווען חבר האט געפּאשעט זיינע שאַף נישט ווייט פון ים המלח, האט ער פון ווייטען בעמערקט ווי א יונגע פרוי לויפט אין זיין ריכטונג. ווען די פרוי איז צוגעקומען גאַנץ נאַהענט האט זי אויסגערופען: העלף מיר! זיי קומען נאַך מיר.

חבר האט גלייך בעמערקט, אז זי איז נאַך גאר יונג און זעהר א שעהנע פרוי. שנעל, האט ער ארויסגענומען זיין בויגען און פיילען. פון ווייטען האט ער בע־מערקט ווי צוויי רייטער דערנעהענטער; זיך צו איהם.

— אַה, זיי קומען! זיי קומען! — האט די פרוי היסטעריש געשריען, העלף מיר!

חבר האט זיך געציעלעוועט מיט זיין בויגען און האט דער'הרג'עט ביידע רייטער מיט זייערע אייזלען.

— בערוהיג זיך, דו שעהנע צאַרטע בלום! — איז חבר צוגעגאַנגען צו דער פרעמדער וועלכע איז נאַך אלץ געשטאַ־נען און געציטערט ווי א בלאַט — דיינע נאַכיאַגער זיינען טויט.

חבר האט איהר ארייננגעפיהרט אין זיין געצעלט און האט איהר געגעבען א ביסעל וואסער.

זי האט געטרונקען און ווען זי איז צו זיך געקומען האט זי מיד אַפּגערופען:

— איך דאנק דיר מיין האר, דו האסט מיר געראַטעוועט פון א זיכערען טויט.

— ווער ביזטו און וואס האט מיט דיר פּאסירט, — האט איהר חבר גע־פרעגט.

— איך שטאם פון דעם שבט קדר (קיידאַר) — האט זי געענטפערט — מיין פּאַטער איז געווען דער קעניג פון אונ־זער שבט און מיר האבען זיך געלעבט צופריעדען. מיר האבען קיינעם קיין שלעכטעס נישט געטהאן. איינמאַל איז צו מיין פּאַטער געקומען א גענעראל פון עמלק, און האט אין נאַמען פון זיין קע־ניג פערלאַנגט, אז מיין פּאַטער זאל איהם צאַהלען צינזען, אויב נישט וועט ער ארויסגעהן אויף מלחמה און אוועק־נעהמען אונזער גאנצע לאנד.

מיין פּאַטער האט צוגעשטימט צו צאַהלען צינזען. מיר האבען אלע גע־וואוסט, אז די עמלקים זיינען א שטארק פאַלק, און כאַטש זיי האבען אמאַל גע־כאפּט א גרויסע מפּלה פון ישראל, ווען זיי זיינען געקומען מלחמה האלטען מיט זיי אין דער מדבר, זיינען זיי דאך גענוג שטארק און ווארפען אַן א שרעק אויף די קלענערע פעלקער פון ארום. א לאנגע צייט האט געדויערט ביז וואנען דער גע־נעראל פון עמלק האט זיך אויסגעגלייכט מיט מיין פּאַטער וועגען די צינזען. און ער האט שוין געזאלט צוריקגעהן צו זיין לאנד, האט ער דורך א צופאל מיך בע־מערקט, און ער האט שוין אזוי שטעל נישט געוואלט אוועקגעהן. ער האט זיך אַפּגערופען צו מיין פּאַטער: "אויב דו וועסט מיר אַפּגעבען דיין טאָכטער פאר מיין פרוי, וועל איך זעהן, אז מיין קעניג זאל שליסען א בונד פון שלום מיט דיר, און דו וועסט נישט מעהר דארפען צאַה־לען די צינזען.

מיין פּאַטער האט געוואוסט ווי שטארק איך האס דעם גענעראל, וועל־

בער האט פערבראכט אין אונזער פאלאץ עטליכע טעג, און מיר איז די גאנצע צייט געלונגען איהם אויסצומיידען, ביז וואנען ער האט מיר דאך בעמערקט.

— און דיין פאטער האט איהם ענטזאגט ? — האט חבר געפרעגט מיט גרויס נייגיעריגקייט.

— מיין פאטער האט איהם געזאגט, אז ער וועט מיר פרעגען אויב איך שטים איין. ווען איך האב איהם ענטזאגט איז ער שטארק אין כעס געווארען אויף מיין פאטער און ווען ער האט זיך צוריק געקעהרט צו דעם קעניג פון עמלק, האט ער איהם איבערגעגעבען, אז מיין פאטער וויל קיין צינזען נישט צאהלען. דאן האט דער קעניג פון עמלק פערזאמעלט א גרויסע ארמעע און איהם געשיקט מלחמה האלטען מיט מיין פאטער, וועלכער איז גארנישט געווען געגרייט צו א מלחמה. אונזערע סאלדאטען האבען געקעמפפט מיט גרויס העלדישקייט, אבער זיי זיינען בעזיעגט געווארען פון די עמלקים, דאן איז דער גענעראל צוגעקומען צו מיין פאטער׳ס פאלאץ, און געטויטעט מיין פאטער און אונזער גאנצע משפחה, מיר איז געלונגען צו ענטלויפען און זיך בעהאלטען אין דעם קליינעם וועלדעל, וואס עס איז נישט וויט פון אונזער פאלאץ.

דריי טעג בין איך דארטען געלעגען בעהאלטען און זיך געגעהרט פון די פרוכט וואס איך האב דארטען געפונען. ביז וואנען אימיצער האט מיר בעמערקט און איז געגאנגען איהם אנזאגען. איך האב גלייך פערשטאנען, אז ער וועט נאך מיר באלד קומען, און איך האב גענומען לויפען. איך האב נישט געוואוסט וואוהין איך לויף, אבער ווען איך האב אומגעדרעהט מיין קאפ, האב איך איהם פון וויטען דערזעהן לויפענדיג מיט נאך איינעם. מיין הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט שרעק... ער איז שוין געווען נישט וויט פון מיר. איך האב געזעהן, אז ווייטער לויפען וועט זיין נוצלאז, אבער די געטער האבען מיט מיר א נס געטהאן, זיין אייזעל האט זיך איינגעעקשנ׳ט און איך האב בימערקט ווי ער שלאגט איהם זעהר שטארק, און דער אייזעל וויל זיך נישט ריהרען פון ארט. איך האב בעשלאסען ווייטער צו לויפען ביז וואנען איך בין צוגעקומען צו דיר... און דו האסט מיר געראטעוועט פון זיינע הענט...

— האב איך דען דערשאסען דעם גענעראל פון די עמלקים ? ! — האט חבר זיך אגערופען פערוואונדערט.

— יע, דאס איז ער ! און מיר טארען דא מעהר נישט פערבלייבען, ווייל אויב מען וועט אונז דא געפינען, וועלען זיי זיך מיט אונז ביידען אפרעכענען.

— מיר וועלען מוזען דערווייל פערדעקען יעדען שפור ! — האט חבר זיך אפגערופען — דא נישט וויט געפינט זיך א טיפע גרוב, איך וועל זייערע קערפערם אהין אריינשליידערען און פערדעקען מיט בלעטער און צווייגען פון די ביימער. אבער זאג מיר, ווי הייסטו ?

— מיין נאמען איז יעל (יאאייל) — האט זי געענטפערט.

— גוט, יעל ! — האט חבר זיך צו איהר אפגערופען — דו ווארט צו א ווילע אין מיין געצעלט, ביז וואנען איך וועל פארטיג ווערען מיט זייערע קערפערם. איך וועל מוזען פערדעקען יעדען בלוט שפור, ווייל איך בין זיכער, ווען זיינע מענשען וועלען זעהן, אז זייער גענעראל זאמט זיך, וועלען זיי איהם געהן זוכען.

— יע, דעריבער זאג איך, אז מיר וועלען דא לאנג נישט קענען בלייבען.

— מיר וועלען גלייך פערלאזען דיזען פלאץ ! — האט איהר חבר געזאגט — מיר וועלען געהן צו אונזער משפחה וואס געפינט זיך אין דעם לאנד פון דעם שבט יהודה.

חבר איז שנעל פארטיג געווארען מיט די טוידטע קערפערם. ער האט געגעבען יעל׳ן עטוואס שפייז צו עסען און צוזאמענטרייבענדיג זיינע שאף, האט ער זיך פערנומען אויף דעם וועג פון יהודה.

ווען ער איז אנגעקומען צו זיין

משפחה, האט ער אלעמען דערצעהלט וואס עס האט פאסירט מיט יעל'ן, ווי אזוי ער האט איהר געראטעוועט פון די הענט פון דעם גענעראל פון די עמלקים

— און איהר דארפט נישט פערגעסען —האט חבר פארענדיגט זיין ערצעהלונג צו זיינע פריינד און קרובים.—אז יעל איז א פרינצעסין.

— דו וועסט נאך אויף אונז אלעמען ברענגען אן אומגליק—האט זיך איינער פון די קינים צו איהם אפגערופען— ווען דער קעניג פון עמלק וועט זיך דערוויסען וואס דו האסט געטהאן צו זיין גענעראל, וועט ער דען נישט קומען מלחמה האלטען מיט אונז.

— דאן וועלען מיר קיין אנדער ברירה נישט האבען ווי דיר ארויסצוגעבען צוזאמען מיט דיין פרינצעסין — האט איינער זיך אפגערופען מיט א שטימע פון קנאה.

— איך וועל נישט דערלאזען, אז מען זאל יעל'ן עפעס שלעכטעס טהאן! —האט חבר זיך אפגערופען — איבער מיין טויטען קערפער וועט מען איהר פון מיר אוועקנעהמען.

— דעריבער וואלטען מיר דיר געראטהען—האט אן עלטערער מאן פון די קינים זיך אפגערופען,—אז דו זאלסט פייערען דיין חתונה מיט איהר דא און גלייך אפרייזען מיט דיין יונגע פרוי נאך צפון, גאנץ ווייט פון דאנען, דאמיט וועסטו זיך ראטעווען צוזאמען מיט יעל'ן און אויך פערמיידען אן אומגליק אויף אונז אלעמען.

— המ... איך ווייס נישט, אויב זי וועט צושטימען צו ווערען מיין פרוי— האט חבר גענומען שטאמלען.—איהר דארפט געדענקען, אז זי איז דאך געווען די טאכטער פון קעניג פון קדר. און ווער בין איך, אז זי זאל צושטימען צו ווערען מיין פרוי.

— האסטו איהר דען נישט געראטעוועט פון טויט ?—האט חבר'ס פאטער זיך צו איהם אפגערופען—איך בין זיכער, אז זי האט דיר פאר דעם אויך ליעב בעקומען און ווען דו וועסט האבען מוטה, וועט זי דיר נישט ענטזאגען, ווי זי האט עס געטהאן צו דעם גענעראל פון עמלק.

חבר האט געזעהן צו מאכען יעל'ן בעקוועם דורך דער צייט וואס זי איז געשטאנען אין זיין פאטער'ס הויז, און ווען עטליכע טעג זיינען פאראיבער און יעל איז שוין געווען בערוהיגט און אויסגערוהט, האט חבר איהר געזאגט וועגען דער געפאהר וואס וועט אויף זיי לויערען די גאנצע צייט, וואס זיי וועלען פערבלייבען דא.

— עס וועט זעהר לאנג נישט נעהמען און דער קעניג פון עמלק וועט זיך דערוויסען וואס עס האט פאסירט מיט זיין גענעראל, דאן וועט ער זוכען אונז ביידען צו בעשטראפען.

— און וואס זאלען מיר טהאן ? -- האט יעל איהם געפרעגט מיט שרעק.

— מיר מוזען פון דאנען אפרייזען. מיר וועלען זיך מוזען בעזעצען אין צפון, גאנץ ווייט פון דאנען, דארטען וועלען מיר קענען זיין רוהיג. דער שבט יהודה איז זעהר פריינדליך צו אונז און לאזט מיין שטאם וואהנען צווישען זיי און דעריבער וועט זיין נישט ריכטיג פון מיין זייט איך זאל זיי אלעמען פעראורזאכען צרות.

— וואס דו וועסט זאגען אזוי וועל איך טהאן !—האט יעל איהם געענטפערט.

— אויב דו וועסט נישט האבען דאגעגען—האט חבר זיך אפגערופען — וואלט איך פון דיר עטוואס פערלאנגט

— דאגעגען ? אה ניין, מיין האר, איך וועל אלע דיינע וואונשען ערפילען, אויב עס וועט נאר פאר מיר מעגליך זיין.

— אויב אזוי—האט ער שוין געקראגען מעהר מוטה—פערלאנג איך דו זאלסט ווערען מיין פרוי.

יעל'ס פנים איז בעדעקט געווארען מיט א רויטקייט, זי האט זיך עטוואס פערשעהמט און ארונטערגעלאזען איהרע אויגען און געשוויגען.

**— האסטו מיר דען נישט ליעב ?— האט חבר איהר געפרעגט.**

— מיין האר, איך געהער צו דיר ! דו האסט מיר געראטעוועט, דו האסט מיט דיין העלדישקייט מיין הארץ געוואונען און איך וועל זיך גליקליך שעצען צו זיין דיינע !

חבר האט איהר ארומגענומען און א קוש געטהאן. טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין יעל'ס אויגען.

— איך האב פערלארען מיין פאטער און מוטער, אבער איך האב דיר געפונען !—האט זי געזאגט און איהם ארומגענומען.

אין א פאר טעג ארום האט דער גאנצער שבט פון קיני געפייערט די חתונה פון חבר'ן מיט יעל'ן און ווען די זיעבען טעג פון דער פייערונג זיינען פאריבער, האט חבר צוזאמענגענומען זיין פערמעגען און זיין יונגע פרוי און האט זיך גענומען זעגענען מיט זיין משפחה און מיט די איבעריגע משפחות פון דעם שבט קיני.

— מיר קענען דיר נישט פערלאזען! —האבען זיך חבר'ס עלטערען צו איהם אפגערופען—וואוהין דו וועסט געהן, וועלען מיר אויך מיטגעהן.

— און מיר אויך !—האבען זיינע ברידער און שוועסטער זיך אפגערופען.

אזוי האט חבר'ס גאנצע משפחה זיך אפגעטיילט פון די איבעריגע משפחות פון קין, און זיי האבען אויסגעוואנדערט מיט זייערע שאף און רינדער און מיט זייערע פרויען און קינדער נאך צפון, ביז זיי זיינען אנגעקומען פון צפון זייט פון דער שטאדט קדש, נישט ווייט פון דעם טייך קישון.

דארטען האט זיך די משפחה בעזעצט, חבר איז געווארען דער הויפט פון זיין משפחה און ער האט געפיטערט זיינע שאף נישט ווייט פון קדש.

חבר האט זיך שטארק באפריינדעט מיט די ארומיגע פאסטוכער פון די צידונים און פלעגט מיט זיי פארברייננגען. זיי פלעגען קומען איהם בעזוכען און ער מיט יעל'ן פלעגען בעזוכען זייערע שכנים.

— איך וואלט דיר געראטען ! — האט איינער פון זיינע נייע פריינד צו איהם געזאגט, אז דו זאלסט זעהן שליסען א בונד פון פריינדשאפט מיט אונזער קעניג יבין, דאן וועסטו פאר קיינעם נישט דארפען מורא האבען.

— דער הויפט גענעראל פון יבין'ס ארמעען, סיסרא וועט אין גיכען דורכמארשירען אונזער דארף, וועלען מיר דיר פאר איהם פארשטעלען און ער וועט שוין זעהן אז דער בונד פון שלום זאל געשלאסען ווערען.

— איך ווייס נישט אויב עס איז ראטהזאם אז דאס זאל דורכגעהן דורך סיסרא'ן — האט זיך חבר'ס ערשטער פריינד אפגערופען — אמת, סיסרא איז זעהר א העלדישער מאן, און שטארק בעליעבט ביי אונזער קעניג, אבער ער האט א שוואכקייט צו פרויען, איבערהויפט צו שעהנע פרויען. און מיר ווייסען אז די געטער האבען דיר געבענשט מיט זעהר א שעהנע פרוי. דאריבער איז מיין עצה אז דו זאלסט שליסען א בונד פון שלום מיט אונזער קעניג אהן דער פערמיטלונג פון סיסרא'ן.

— ווי עס ווייזט אויס זיינען אלע גענעראלען גליך ! — האט חבר א שמייכעל געטהאן, און זיך באלד פערכאפט, איך האב געקענט נאך איינינגע שטארקע גענעראלען מיט א שוואכקייט צו פרויען — אבער ווי אזוי קען איך צוקומען צו אייער קעניג.

— קלייב אויס אביסעל פון דיינע בעסטע שאף, און געה אוועק קיין חציר, די הויפט שטאדט, און דו וועסט מעלדען אז דו האסט געבראכט א מתנה פאר'ן קעניג, און דו זאלסט אויך נישט פארגעסען צוצוגעבען אז דו ביזט נישט קיין ישראל, ווייל יבין האסט די אידען זעהר פיעל און ער וועט מיט זיי קיינמאל נישט שליסען קיין בונד פון שלום. און ווען דו וועסט יבין'ס קנעכט זאגען דיין אפשטאמונג, וועלען זיי דאס גלייך מעלדען דעם קעניג און ער וועט דיר

אויפנעהמען מיט גרויס פריינדשאפט. דו מעגסט עס וויסען, אז יבין זוכט צו לעבען בשלום מיט אלע אנדערע פעלקער וועלכע געפינען זיך ארום זיין מלוכה, אויסער די שבטים פון ישראל.

חבר איז אוועק אהיים און האט איבערגעגעבען זיין פרוי יעל'ן וואס זיינע פריינד האבען איהם געראטהען.

— איך וועל מיט דיר מיטרייזען נאך חצור! — האט יעל זיך אפגערופען צו איהר מאן.

— ניין, מיין ליעבע יעל — האט חבר געזאגט — איך וויים זעהר ווינציג וועגען דעם קעניג פון חצור, וואס פאר א כאראקטער ער בעזיצט און ווי זיין בעציהונג איז צו פרעמדע... איך האב מורא אז ווען ער וועט דערזעהן אזא שעהנע פרוי ווי דו ביזט, דאס ער זאל דיר גאר פון מיר נישט אוועקנעמען!

— אין דיינע אויגען בין איך פיליכט שעהן! — האט יעל איהם געענטפערט מיט א שמייכעל — אבער אין די אויגען פון אנדערע בין איך א פרוי ווי אלע פרויען. איך וואלט מיט דיר וועלען געהן, ווייל איך וועל זעהר אומרוהיג זיין אויב דו וועסט אליין געהן.

— דו האסט נישט וואס מורא צו האבען! — האט איהר חבר בערוהיגט — לויט ווי איך האב געהערט איז יבין גאנץ פריינדליך צו די איבעריגע פעלקער אויסער די אידען, און ער וועט זיין העכסט צופרידען צו שליסען א בונד פון שלום מיט מיר.

— איין זאך וועל איך דיר בעטען, מיין מאן! — האט יעל זיך אפגערופען — ווען דו שליסט א בונד פון שלום מיט איהם זאלסטו איהם קיינע פערשפרעכען נישט מאכען איהם צו העלפען געגען ישראל. דו ווייסט דאך ווי פריינדליך די אידען זיינען צו דיינע ברידער, און ווי פריינדליך זיי זיינען צו אונז ביידען געוועזען, ווען מיר זיינען אנגעקומען צו דעם שבט יהודה אנטלויפענדיג פון די עמלקים... איך וועל קיינמאל נישט פארגעסען דעם חסד וואס די הויפטען פון יהודה האבען מיט אונז געטהאן; זיי האבען אונז פערשפראכען צו בעשיצען אין פאל די עמלקים וועלען מאכען א פערזוך אונז צו בעפאלען. יע, די ישראלים האבען אונז בעהאנדעלט א סך בעסער ווי די מענשען פון דיין אייגענעם שבט, וועלכע האבען מורא געהאט אז צוליעב אונז זאלען זיי נישט ליידען. פארשפרעכסטו מיר, חבר, נישט צו שליסען קיין אפמאך מיט איהם געגען ישראל?

— איך וועל זעהן ווי ווייט מעגליך אויסצומיידען נישט צו ריידען וועגען די ישראלים מיט דעם קעניג, ווייל איך אליין בין אויך גאנץ פריינדליך געשטימט צו די אידען... איך האב אימער צו שטאלצירט מיט דעם וואס מיינע אורעלטערען זיינען געוועזען פערוואנדעט צו משה'ן, דעם גרויסען אידישען פיהרער און געזעצגעבער. אבער דאך וועל איך פאר דעם קעניג נישט טארען ארויסצייגען אז איך בין א פריינד צו די אידען, וועלכע זיינען זיינע גרעסטע שונאים. און איך קען דיר זאגען אז אפילו ווען איך זאל זיין געצוואונגען צוצוזאגען דעם קעניג איהם ארויסצוהעלפען אין פאל פון א מלחמה מיט ישראל, וועל איך דאן, ווען די צייט וועט קומען, געפינען אן אויסוועג, איך זאל נישט דארפען האנדלען פיינדליך געגען די אידען. איך וועל אבער מיזען באלד שליסען שלום מיט איהם, כדי זיין גענעראל און סאלדאטען, וועלכע מארשירען גאנץ אפט דורך אונזער לאנד זאלען אונז קיין שלעכטס נישט טהאן.

— אויב אזוי געה מיט פריערען, מיין מאן — האט יעל איהם געקושט — און בעגליק דיין וועג.

חבר האט מיטגענומען עטליכע פון זיינע בעסטע שאף און איז אוועק נאך חצור. ער האט געמאלדען די דינער פון קעניג וועגען זיין בעזוך צום קעניג, און עס האט לאנג נישט געדויערט און חבר איז אריינגעקומען צום קעניג.

— איך און מיין משפחה האבען זיך בעזעצט נעבען די גרעניצען פון דיין לאנד. איך האב זיך אפגעטיילט פון

מיין שבט קין, און איך בין געקומען אהער מיט מיינע שאָף. יעצט וואָלט איך וועלען שליסען א בונד פון פריינדשאַפט מיט מיין האר קעניג.

— איך וועל זיין העכסט צופרידען צו שליסען אזא בונד מיט דיר — האָט יבין געזאָגט — ווייל דו דארפסט וויסען זיין אז די שבטים פון ישראל זיינען מיינע ערגסטע שונאים, און כאָטש אין דער יעצטיגער צייט זיינען זיי אונטערגעוואָרפען מיין יאָך און צאָהלען מיר גרויסע צינזען, האָבען זיי אין די עטליכע יאָהר געמאכט פיעלע פערזוכען צו מאכען אן אויפשטאנד און מלחמה האלטען מיט אונז. און דעריבער וועל איך שליסען מיט דיר א בונד פון שלום, און אין פאַל די שבטים פון ישראל וועלען דיר זוכען שלעכטעס צו טהאָן וועל איך דיר פון ז ייבעשיצען, און ווען איך וועל ארויסגעהן מלחמה האלטען מיט זיי וועסטו קומען אונז צו הילף.

— מיין האר קעניג, — האָט חבר געענטפערט — איך און די מיטגלידער פון מיין משפחה זיינען פריעדליכע פאסטוכער און מיר זיינען נישט געאיבט אין מלחמה, ווען מיינע מענשען זאָלען זיך אַנשליסען אין דיין ארמעע, וועלען זיי בלויז פאלען צו לאסט. דעריבער וואָלט איך פאָרגעשלאָגען אז אין דער צייט פון א מלחמה, וועלען מיר העלפען דיינע סאָלדאטען מיט שפּייז, און ווען זיי וועלען זיך נויטיגען אין אנדערע זאַכען וועלען מיר דאָס פון זיי נישט פארמיידען.

— איך בין צופרידען מיט דעם! — האָט דער קעניג יבין געזאָגט צו חבר'ן.

מען האָט גלייך געשאָכטען א שעפּס און יבין האָט געשלאָסען א בונד פון שלום מיט חבר'ן דעם קיני.

צוויי טעג האָט זיך חבר פערזאמט אין חצור, און נאָכדעם האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אהיים צו זיין פרוי.

יעל איז איהם אנטקעגען געקומען און איהם גלייך געפרעגט אויב ער איז געווען ערפאָלגרייך.

— יע, טייערע יעל, איך האָב געשלאָסען א בונד פון שלום, אזוי ווי מיר האָבען געוואונשען. דער קעניג האָט געוואָלט ארייגשטעלען א פּונקט, אז איך זאָל איהם העלפען אין צייט פון א מלחמה געגען ישראל, אָבער איך האָב איהם ערקלערט אז מיינע מענשען טויגען נישט פאר מלחמה און דערפאר האָב איך איהם אָנגעבאָטען צו שטיצען מיט שפּייז ווען זיינע סאָלדאטען וועלען זיך נויטיגען.

— געליובט און געבענשט זאָלען זיין די געטער! — האָט יעל זיך אָפּגערופען מיט צופרידענהייט. איך האָב זיך זעהר שטארק געשראָקען אז דו וועסט זיך צוריקקעהרען מיט ליידיגע. דאן, וואָלטען מיר געצוואונגען געווען גלייך צו פערלאָזען דיעזען פּלאַץ.

— פארוואָס? — האָט איהר חבר געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— ווייל דער גענעראל סיסרא איז דאָ געווען!

— סיסרא! ווען איז ער דאָ געווען?

— איין טאָג נאָכדעם ווי דו ביזט אוועק נאָך חצור.

— ווי אזוי קומט ער צו אונז!

— ווי עס ווייזט אוים האָט מען איהם פון אונז דערצעהלט און ער איז געקומען זיך זעהן מיט דיר. א חבר, איך בין אזוי צופרידען וואָס ער האָט דיר נישט געטראָפען.

— פארוואָס?

— ווייל איך בין זיכער אז ווען ער וואָלט דיר געטראָפען דאָ, וואָלט ער שוין געזעהן דו זאָלסט צום קעניג נישט געהן. ער וואָלט מיט דיר געשלאָסען אן אָפּמאַך כדי דו זאָלסט האָבען פערפליכטונגען צו איהם און איהם דאנקבאר זיין פאר דעם.

— האָט ער דיר דען געגעבען אן אורזאכע צו דענקען אזוי? — האָט חבר איהר געפרעגט.

— דו ווייסט דאָך מיין מאן, די ערפאהרונג וואָס איך האָב געהאט מיט דעם גענעראל פון עמלק, זינט דאן האָב איך א גוטע אורזאכע צו האסען געגע־

ראַלען פון אַרמעען. און סיסרא האָט אויך אויף מיר געמאַכט זעהר אַ שלעכטען איינדרוק. איך האָב נישט געקענט פערליידען זיינע פאַלשע קאָמפּלימענטען... און איך האָב אָן איהם גלייך געקענט דערקענען, אַז ער וואָלט זעהר געוואונשען דאָס דער קעניג זאָל מיט דיר קיין בונד נישט שליסען. כדי מיר זאָלען דאַרפען אָנקומען צו איהם נאָך שוץ. ער האָט מיר געזאָגט אַז דו האָסט זיך זעהר בענאַרישט וואָס דו ביזט אַליין אַוועק צום קעניג, און אַז דו וועסט נישט זיין ערפאָלגרייך, סיידען ער זאָל זיך אַריינמישען. און יעצט בין איך דאַנקבאַר צו די געטער אַז מיר האָבען צו איהם נישט געדאַרפט אָנקומען.

— און ווי זעהט ער אויס? — האָט זיך חבר פעראינטערעסירט. איז ער יונג און שטאַרק?

ער איז אין די מיטעלע יאָהרען. ער שיינט זעהר שטאַרק צו זיין אָבער פון זיינע אויגען האָב איך געקענט דערקענען אַז ער איז זעהר אַ גרויסער רשע. ער האָט זיך פאַר מיר בעריהמט אַז ער האָט געוואונען פיעלע מלחמות, און ווען ער נעהמט איין אַ שטאָדט, דאַן קוילעט ער אויס אַלעמען אָהן רחמנות, בלויז די יונגע שעהנע פרויען לאָזט ער לעבען. און ער גיט זיי אָפּ פאַר דינסטען צו זיינע גוטע פריינד... מאַנכע פון די יונגע געזונטע מענער לאָזט ער איבער פאַר שקלאַפען. דיזע שקלאַפען בעדינען איהם. איינמאָל האָט אַזאַ שקלאַף געמאַכט אַ פערזוך צו ענטלויפען — האָט ער מיר דערציהלט, און פון דאַן אָן לאָזט ער די שקלאַפען נישט זיין אַליין. יעדע צוויי פון די שקלאַפען זיינען געקייטעלט איינער צום צווייטען מיט אייזערנע קייטען. און איך מוז דיר זאָגען חבר, אַז מיין האַרץ האָט אין מיר שטאַרק וועה געטהאָן ווען איך האָב דערזעהן צוויי פון זיינע שקלאַפען.

— האָסטו געקענט באַמערקען פון וואַנען די שקלאַפען שטאַמען? — האָט איהר חבר געפרעגט.

— מיר דוכט זיך אַז איינער האָט געשטאַמט פון ישראל. איך האָב עס געקענט דערקענען פון זיינע איידעלע געזיכטסציגע, פון זיין טיעפען טרויער, וואָס האָט אַרויסגעשלאָגען פון זיינע ווייכע אויגען. סיסרא האָט געוואָלט פאַר מיר ציינען ווי ער בעהאַנדעלט זיי, האָט זיי גענומען אַזוי מערדערליך שלאָגען, אַז איך האָב איהם מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען ער זאָל זיי צו רוה לאָזען.

— ער האָט זיין רשעות גלייך אַרויסגעציינט פאַר דיר, — האָט חבר זיך אָפּגערופען — אָבער מיר האָבען נישט וואָס מורא צו האָבען פאַר איהם. דער בונד וואָס איך האָב געשלאָסען מיט דעם קעניג וועט אונז אויך פון איהם בעשיצען... דאָך דאַרפען מיר זעהן ווי ווייט מעגליך איהם אַרויסצוציינען פריינדשאַפט ווען ער קומט אונז בעזוכען, כדי ער זאָל נאָכהער קיין אויסרייד נישט האָבען, אַז מיר פיהרען נישט דורך דעם אָפּמאַך פון אונזער בונד.

— דעריבער וואָלט איך פון דיר פערלאַנגט, מיין ליעבער מאַן, דו זאָלסט זיך נישט ערוויטערען מיט די שאַף פון אונזערע געצעלטען, ווייל אין פאַל סיסרא וועט קומען אַ צווייטען מאָל אונז בעזוכען, וועט זיין אַ סך בעסער פאַר מיר דו זאָלסט זיין נאָהענט, כדי איך זאָל קענען דורך אימיצען דיר גלייך אָנזאָגען.

— איך פערשטעה דיר, מיין ליעבע, יעל, — האָט איהר חבר אַ קוש געטהאָן — איך וועל דיין פערלאַנג ערפיהלען. די פּאַשע אַרום אונז איז נאָך גוט און איך וועל אַלץ איינם נישט זיין געצוואונגען צו זוכען פּאַשע אַנדערשוואו. דאָך, יעל, האָסטו יעצט גאָרנישט וואָס מורא צו האָבען פאַר איהם. ער וועט אונז קיין שלעכטעס נישט קענען טהאָן, אָבער עס וועט נישט שאַדען אַז מיר זאָלען איהם אַרויסציינען פריינדשאַפט ווען ער וועט אונז אָפּשטאַטען אַ בעזוך.

— איך האָב איהם אויפגענומען מיט פריינדליכקייט, אָבער דו דאַרפסט נישט פערגעסען ווי אַזוי אַזאַ מאַן ווי סיסרא

קען דאס אויסטייטשען, אין דער צייט ווען דו ביסט אין דער היים נישטא.

— פונדעסטוועגען גלויב איך, יעל, אז דו ביזט נאך יעצט אונטער דעם איינדרוק פון יענער טרויעריגער ערפאהרונג. דו דארפסט אבער נישט פערגעסען, אז דאן ביזטו נישט געוועזען פערהייראטה, און יעצט געהערסטו צו מיר און קיינער אין דער וועלט וועט דיר פון מיר נישט קענען אוועקנעהמען... פאר א פערהייראטער פרוי האבען כנענים און צידונים דרך ארץ.

— מעגליך, אז דו האסט רעכט!— האט יעל געזאגט מיט א שמייכעל — מיין שרעק איז אומבעגרינדעט, אבער ווען דו ווערסט אליין זעהען סיסרא'ן וועסטו קענען פארשטעהן פארוואס ער איז מיר אזוי דערווידער, זיין רשעות איז שטארק בולט, זיין גרויזאמע בעהאנדלונג צו זיינע קנעכט האט אויף מיר זעהר א שלעכטען איינדרוק געמאכט.

— מיין ליעבע יעל, אזוי האנדלען אלע מענשען, וועלכע קריגען אריין מאכט אין זייערע הענט... בפרט אין זייערע בעציהונגען מיט זייערע שונאים. עס איז אבער ביי מיר קיין צווייפעל נישט אז צו פריינד בעציהט זיך אפילו סיסרא מיט מעהר צערטליכקייט.

---

חבר און זיין משפחה האבען זיך שנעל צוגעוואהנט צו זייער נייעם פלאץ. זיי האבען אויפגעשטעלט געצעלטען און זיך רוהיג געפיטערט זייערע שאף.

הערבסט איז געקומען. די רעגענס האבען זיך אנגעפאנגען, די שאף האבען זיך מעהר נישט געקענט פאשען אין פעלד: חבר האט געמוזט געהן אין די נאהענטע דערפער און שטעדטלעך אויפצוקויפען שפייז פאר זיין משפחה און פאר די בהמות.

ער איז מיט איניגע פון זיינע קנעכט אוועק צו דעם נאהענטסטען דארף וואס איז נישט ווייט פון קדש, מיטנעהמענדיג מיט זיך פוהרען און אייזלען.

איידער זיי זיינען צוגעקומען צו דעם דארף האט שוין די זון געהאלטען ביים אונטערגעהן.

— אויב מיר וועלען שנעל נישט געפינען א פלאץ וואו איבערצונעכטיגען וועלען מיר זיין געצוואונגען צו נעכטיגען אין דרויסען—האט זיך חבר אפגערופען צו זיינע קנעכט—עס ווערט שוין גוט פינסטער און עס וועט אומעגליך זיין פארצוזעצען אונזער רייזע ווייטער.

— מיין עצה איז, אז מיר זאלען אריינפאהרען אין קדש. אין אזא שטאדט וועלען מיר זיכער קענען קריגען א נאכטלעגער, עס מאכט נישט ווי שפעט מיר וועלען אהין אנקומען—האט איינער פון די קנעכט זיך אפגערופען—די אידען אין קדש זיינען זעהר גאסטפריינדליך און וועלען זיין גאנץ צופריעדען אונז אויפצונעהמען.

— ווייסטו גוט דעם וועג נאך קדש?—האט חבר איהם געפרעגט.

— איך ווייס גאנץ גוט דעם וועג, און אויב מיר וועלען זיך צו איילען וועלען מיר קענען אנקומען אין קדש איידער עס וועט פינסטער ווערען.

— אויב אזוי לאמיר זיך צו איילען!—האט חבר זיך אפגערופען.

דער קנעכט האט אנגעצייגט דעם וועג און חבר האט גענומען שנעל טרייבען די אייזלען נאך קדש.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו די טויערען פון שטאדט איז שוין געווען גוט פינסטער.

חבר איז ארונטער פון זיין אייזעל און איז צוגעגאנגען צו די שומרים.

— ווער ביזטו, און וואס פערלאנגסטו?—האבען איהם די שומרים געפרעגט.

— איך בין א קיני און איך וואהן נישט ווייט פון אייער שטאדט. איך בין אהער געקומען מיט מיינע קנעכט צו קויפען שפייז און אנדערע זאכען פאר מיין משפחה.

— מיר קענען נישט ארייגלאזען קיין פרעמדע אין אונזער שטאדט אזוי

שפעט !—האט מען איהם געענטפערט.

— אָבער איך וועל קיינעם קיין שלעכטעס נישט טהאן, איך וועל בעצאהלען פאר אלעם וואס איך וועל דאָ קריגען !—האט חבר געזאגט.

דער הויפּט פון אונזער שטאָדט האט אונז אָנגעזאגט נישט אריינצולאָזען קיין פרעמדע מענשען ביינאכט, סיידען מיר זיינען זיכער, אז זיי זיינען נישט פון אונזערע שונאים.

— איך בין נישט קיין שונא פון ישראל !—האט חבר אויסגערופען — איך און מיין משפחה האבען לאנג געוואהנט צווישען דעם שבט יהודה ! און איך בין אלע מאָל געווען א פריינד פון די אידען, עס איז בלויז א קורצע צייט זינט איך געפין זיך אין דיזען לאנד ניט ווייט פון אייער שטאָדט.

די שומרים האבען זיך צווישען זיך שטילערהייט דורכגערעדט.

— לאָמיר איהם הייסען דאָ צוואווארטען און מיר וועלען מעלדען ברק'ן— האט איינער זיך אָפּגערופען—פון זיין אויסשפּראך קען מען דערקאָנען, אז ער איז נישט קיין כנעני און געוויס נישט קיין צידוני.

— אויב דו ועסט א ווילע צוואווארטען וועלען מיר שיקען אימיצען צו מעלדען דעם הויפּט פון אונזער שטאָדט, ווייל בלויז ער אליין קען בעשליסען, אויב מיר זאלען דיר אריינלאָזען אין שטאָדט אדער ניט.

— איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין, אויב איהר וועט מיר טהאן דיזע געפעלינקייט !—האט חבר זיך אָפּגערופען.

איינער פון די שומרים איז אריין אין שטאָדט און איז שנעל געלאפען צו ברק'ן אין הויז.

— א מאן, וועלכער זאגט, אז ער איז א קיני,, איז צוגעקומען מיט זיינע קנעכט צו אונזער שטאָדט און פערלאנגט, אז מיר זאלען איהם אריינלאָזען איבערצונעכטיגען.

— איז ער פיעלייכט איינער פון די צידונים ?—האט ברק געפרעגט.

— לויט זיין אויסזעהן און שפּראך דוכט זיך, אז ער איז נישט קיין כנעני אדער צידוני, אָבער וויפיעל מאל האט מען שוין אונז אָפּגענארט און אייניגע פון אונזערע שונאים האָבען אונז אייניגע שאדען אָנגעטהאן ווען מיר האבען זיי אריינגעלאזען.

— דעריבער טאקע גלויב איך, אז איהר האט גוט געטהאן וואס איהר האט איהם נישט אריינגעלאזען.

— ער האָט אונז דערצעהלט, אז ער איז נישט לאנג אָנגעקומען מיט זיין משפּחה, און פריהער האט ער געוואהנט צווישען דעם שבט יהודה.

— מעגליך, אז ער האָט רעכט ! — האט זיך ברק אָפּגערופען—איך וועל אליין ארויסגעהן און זיך מיט איהם דורכרעדען.

ברק איז ארויסגעגאנגען צו חבר'ן. אייניגע פון די שומרים האָבען געהאלטען פאקעלען מיט פייער.

— ווער ביזטו מיין האר ?—האט איהר ברק געפרעגט.

— דיין קנעכט שטאמט פון די קינים, מיינע אורעלטערען זיינען געווען פערוואנדעט צו אייער גרויסען פיהרער משה —האט חבר זיך פאר איהם פערנייגט.

— איז דאס אמת, אז דו האסט געוואהנט צווישען דעם שבט יהודה ?—האט איהם ברק ווייטער געפרעגט.

— יע, אלע מיינע יאָהרען האב איך דאָרטען פערבראכט, ביז נישט לאנג צוריק.

— און פארוואס האָסטו זיך אָפּגעטהיילט פון זיי ?

חבר האט איהם דערצעהלט אלעס וואס מיט איהם האט פּאסירט, ווי אזוי ער האט געטראָפען זיין יעצטיגע פרוי יעל, ווי אזוי זיי האבען געמוזט פערלאָזען דעם שבט יהודה צוליעב דער מורא, אז עמלק זאל נישט קומען זיך אָפּרעכענען מיט איהם פאר דעם טויט פון זייער גענעראל.

ברק האט פערשטאנען פון זיינע רייד, אז ער זאגט איהם דעם אמת, און ער

האט באלד בעפוילען צו עפענען דעם טויער פאר איהם און זיינע קנעכט.

— דו וועסט איינשטעהן ביי מיר דיעזע נאכט! — האט ברק חבר'ן אייננעלאדען.

— איך דאנק דיר זעהר מיין האר, אבער איך וויל דיר נישט פאלען צום לאסט.

— עס איז פאר מיר א גרויס פערגעניגען זיין דיר אויפצונעהמען אין מיין הויז! — האט ברק איהם געענטפערט — מיין הויז איז גרויס און ברייט און עס וועט זיין גענוג פלאץ פאר דיר און דיינע קנעכט.

חבר האט זיך נאך אמאל פערנייגט און איהם בעדאנקט.

— איך וויים נישט פארוואס איך האב געפונען גנאדע אין דיינע אויגען, האט ער געזאגט.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס די שומרים האבען דיר פעראורזאכט א סך אונאנגענעהמעס — אבער דו מוזט אונז ענטשולדיגען! — האט ברק זיך פערענטפערט — מיר לעבען יעצט דורך זעהר א שרעקליכע צייט. מיר האבען זעהר פיעל שונאים און עס האט ניט איינמאל געטראפען, אז זיי פלעגען אריינקומען צו אונז אין שטאדט און מאכען איבערפאלען. פיעלע מאל האבען זיי זיך אריינגע'גנב'עט ביינאכט און אונטערגעצונדען אייניגע הייזער, און יעצט האבען מיר בעשלאסען קיינעם נישט אריינצולאזען אין שטאדט ביי נאכט, סיידען מיר וועלען זיך איבערציינגען, אז יענער איז נישט קיין שונא.

חבר איז פערפאהרען צו ברק'ן, וואו מען האט איהם גאנץ פיין אויפגענומען.

ברק'ס פרוי האט געמאכט א גרויסארטיגען מאהלצייט פאר חבר'ן.

נאך דעם עסען האט חבר פאר זיי דערצעהלט אלע איינצעלהייטען, פון זיין לעבען צווישען דעם שבט יהודה. ער האט אויך פאר ברק'ן דערצעהלט וועגען זיין בונט וואס ער האט געשלאסען מיט יבין דעם קעניג פון חצור.

— איך וועל דיר פארזיכערען מיין האר, — האט חבר געזאגט צו ברק'ן, אז דער בונט וואס איך האב מיט איהם געשלאסען איז ניט געווען געציעלט נעגען דיינע ברידער, וועגען דעם האט שוין מיין פרוי יעל, געזארגט, איידער איך בין אוועק האט זי פון מיר פערלאנגט, אז ווען איך וועל שליסען א בונד מיט דעם קעניג פון חצור, זאל איך איהם קיינע פערשפרעכען נישט מאכען איהם צו העלפען געגען ישראל. און איך האב איהר געענטפערט, אז איך אליין בין אויך גאנץ פריינדליך צו די אידען און אז איך האב אימער געשטאלצירט מיט דעם וואס מיינע אורעלטערן זיינען געווען פערוואנדעט צו אייער געטליכען משה'ן.

— האט דען דער קעניג פון דיר ניט פערלאנגט, אז דו זאלסט איהם קומען צו הילף אין פאל פון מלחמה? — האט ברק איהם געפרעגט.

— יע, דאס איז געווען איינע פון זיינע הויפט בעדינגונגען, אבער איך האב איהם געזאגט, אז איך און די מיטגליעדער פון מיין משפחה זיינען פריעדליכע פאסטוכער און מיר זיינען נישט געאיבט אין מלחמה, און מיר וואלטען בלויז געפאלען צו לאסט ווען מיר' זאלען זיך אנשליסען אין זיין ארמעען, אבער איך האב איהם פערשפראכען צו העלפען זיינע סאלדאטען מיט שפייז, ווען זיי וועלען זיך געפינען אין מיינע גרעניצען... דו וועסט געווים מיר פערשטעהן, אז איך האב קיין אנדער ברירה נישט געהאט.

— איך פערשטעה דיר גאנץ גוט, חבר! — האט ברק צו איהם געזאגט — איך וויים, אז דיין פריינדשאפט צו אונז וועט זיין שטארקער ווי דיין פריינדשאפט צו יבין און לאמיר האפען, אז עס וועט קומען א צייט ווען מיר וועלען נישט זיין געצוואונגען צו פערבארגען אונזער פריינדשאפט.

— איך וועל זיך שעצען זעהר גליקליך ווען דו וועסט אונז קומען בעזוכען! — האט חבר זיך אפגערופען צו ברק'ן —

— און וואו געפינען זיך דיינע געצעלטען?—האט איהם ברק געפרעגט.

— מיינע געצעלטען האב איך אויפגעשטעלט אין אלון צעננים, נישט ווייט פון דער טייך קישון.

ביז שפעט אין דער נאכט האט ברק פערבראכט מיט חבר'ן. זיי האבען גערעדט וועגען פערשיעדענע זאכען און זייער פריינדשאפט איז געווארען גאנץ שטארק.

אויף מארגען, האט ברק איהם אנגעציינט וואו צו קויפען די שפייז און קליידער. דעם גאנצען טאג זיינען זיי געווען פערנומען. אין אבענד האט מען ברק'ן אנגעזאגט, אז אבינעם, זיין פאטער, קומט אן פון שלה.

— איך וויל אז דו זאלסט זיך בעקענען אויך מיט מיין פאטער! — האט ברק געזאגט צו חבר'ן—ער קומט נאר וואס אן פון שלה, וואו ער האט מתפלל געווען צו גאט, און געוויס וועט ער האבען א סך צו דערצעהלען פון זיין רייזע דארט.

ברק איז געאנגען בעגעגענען זיין פאטער און אין א ווײלע ארום זיינען זיי שוין געזעסען צוזאמען מיט ברק'ס שוועסטער...

ברק האט חבר'ן פארגעשטעלט פאר זיין פאטער און אבינעם האט פאר אלעמען דערצעהלט וואס עס האט מיט איהם פאסירט אין שלה.

— וויסט איהר מיינע קינדער, — האט אבינעם זיך אפגערופען צו זיין זוהן און טאכטער מיט וועמען איך האב זיך געטראפען אין שלה אין משכן?

ברק און זיין שוועסטער האבען אנגעקוקט זייער פאטער מיט נייגיעריגע בליקען.

— איך האב דארט געטראפען דבורה'ן!

— דבורה'ן?!—האבעןביידע מיט אמאל אויסגערופען—ווער איז זי דאס?

— האסטו דען נישט געהערט איהר נאמען?—האט זיך אבינעם געווענדעט צו זיין טאכטער?

— יע, איך האב איהר נאמען געהערט!—האט זי זיך ווי דערמאנט — איז דאס מעגליך, אז דו האסט בעגעגענט יואש'ס שוועסטער.

— איך האב בעגעגענט די שוועסטער פון דיין מאן אין דעם משכן פון שלה!—האט אבינעם אויסגערופען—זי איז אהין אויך געקומען ווי איך מתפלל צו זיין פאר יואש'ן!—און לויט ווי מיר האט דער כהן נאכהער איבערגעגעבען איז זי א הייליגע פרוי.

— און וואס האט זי דיר דערצעהלט?—האט ברק געפרעגט.

— זי האט מיר דערצעהלט, אז איהרע עלטערען זיינען געשטארבען פון גרויס עגמת נפש.

חבר האט זיי אלעמען אנגעקוקט מיט ערשטוינונג, ער האט נישט פערשטאנען וועגען וואס עס האנדעלט זיך.

ברק האט איהם דערצעהלט אלעס וואס איז פארגעקומען.

— איך האב מיט עטליכע יאהר צוריק געוואנדערט דורך די שבטים און געמאכט א פערזוך צו קריגען גענוג פרייוויליגע וועלכע זאלען זיך אנשליסען אין מיין קליינער ארמעע און מיר העלפען ארונטערווארפען דעם יאך פון יבין דעם קעניג פון חצור. ווען איך בין געווען אין דעם הר אפרים, האב איך זיך באגעגענט מיט איינעם א העלדישען יונגען מאן מיט'ן נאמען יואש. ער איז געווען שטארק בעגייסטערט פאר דעם געדאנק צו געהן מלחמה האלטען מיט אונזערע שונאים. און ער האט מיר געהאלפען צונויפשטעלען א קליינע ארמעע. אבער עס איז ניט געווען גענוג זיך געגענצושטעלען די גרויסע ארמעען פון סיסרא. און אין א קליינער שלאכט האבען מיר פארלארען און יואש איז גענומען געווארען געפאנגען ביי סיסרא'ן, א וואך נאכדעם ווי ער האט געהייראט מיט מיין שוועסטער.

טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין ברק'ס שוועסטער'ס אויגען.

— גאט ווייס אויב ער לעבט, האט זי קוים ארויסגערעדט.

— און אפילו ווען ער לעבט, וואס

פאר א ווערדע האט א לעבען אלס א שקלאף ביי סיסרא'ן? האט אבינעם א זיפץ געטהאן.

— יע, ווי איך האב געהערט בענעהט זיך סיסרא מיט גרויזאמקייט צו זיינע שקלאפען—האט חבר זיך אפגערופען—ניט לאנג צוריק איז סיסרא געקומען אויף א בעזוך צו מיר אין דער צייט ווען איך בין אין דער היים ניט געוועזן, האט מיר מיין פרוי דערצעהלט, אז זי האט געזעהען ווי זיינע שקלאפען זיינען צור־געקייטעלט איינער צום אנדערען, ווייל ער האט מורא זיי זאלען פון איהם ניט אנטלויפען.

— ווייסטו פיליכט ווי די שקלאפען האבען אויסגעזעהען? — האט ברק זיך צו איהם געווענדעט.

— ניין, איך האב זיי דאך ניט געזעהען, אבער מיין פרוי יעל, האט מיר געזאגט אז איינער האט געשיינט צו זיין א איד.

— א איד! — האט אבינעם אויסגערופען.

— יע, ווענינ אידישע שקלאפען געפינען זיך ביי סיסרא'ן? — האט ברק צוגעגעבען.

— ווען איהר וועט קומען מיר בעזוכען!—האט חבר זיך אפגערופען — וועט מיין פרוי זיכער קענען איבערגעבען ווי אזוי דער אידישער שקלאף האט אויסגעקוקט. זי האט זיי גוט בעטראכט, איהר הארץ האט געבלוטעט צוצוזעהען ווי שרעקליך סיסרא בעהאנדעלט זיינע שקלאפען.

— וועט דען דיר נישט שאדען ווען דער קעניג וועט אויסגעפינען, אז דו ביזט פריינדליך צו אונז?—האט איהם ברק געפרעגט.

— יבין און סיסרא וועלען דאס קיינמאל נישט אויסגעפינען—האט חבר געזאגט—אפילו ווען זיי וועלען דיר אמאל טרעפען אלס מיין גאסט... איך האב דאך א רעכט אויפצונעהמען א פרעמדען מיט וועמען קיין מלחמה עקזיסטירט נישט.

— איך וואלט פון דיר פערלאנגט א געפעליגקייט—האט ברק זיך אפגערופען צו חבר'ן—עס איז מעגליך, אז מיין שוואגער, יואש איז געווארען סיסרא'ס לייבליכער שקלאף און ער בעדינט איהם אויך אין דער צייט ווען ער רייזט ארום. אין פאל סיסרא וועט א צווייטען מאל זיך אפשטעלען מיט זיין ארמעע, עבען דיינע געצעלטען, זאלסטו שיקען איינעם פון דיינע פערטרויענסווערטהע קנעכט מיר אנזאגען. איך און מיין שוועסטער וועלען זיך פערשטעלען פאר כנענים און מיר וועלען צו דיר צוקומען, פיעלייכט וועט גאט געבען, אז מיר וועלען צווישען זיינע שקלאפען דערקענען יואש'ן דעם מאן פון מיין שוועסטער.

— דאס איז זעהר א ריזיקאלישע אויפגאבע!—האט חבר געזאגט—ווען סיסרא זאל עפּעס פערדעכטיגען—דאן וועסטו און דיין שוועסטער זיכער פערלירען אייערע לעבענס. דו זעהסט דאך, מיין פריינד, אז איך האב דאך נישט וואס מורא צו האבען, איך וועל קענען זאגען, אז איך ווייס נישט ווער איהר זייט, און קיין שלעכטעס וועט צו מיר נישט געשעהן. אבער אויב דו ווילסט וועל איך דאס טהאן פאר דיר, ווען סיסרא וועט אנקומען מיט זיינע שקלאפען, וועל איך, אין דער צייט וואס מיין פרוי וועט איהם אונטערהאלטען, ארויסגעהן בעטראכטען זיינע שקלאפען, און יעדען איינער וועלכער שיינט צו זיין א ישראל וועל איך פרעגען אויב זיין נאמען איז יואש און דאן וועל איך איהם אפגעבען א גערוס פון זיין פרוי און פון דיר.

— דו זאלסט איהם אויך זאגען, אז זיין פרוי האט געבארען א זוהן און זיין נאמען איז גדעון. ער איז שוין דריי יאהר אלט און איז זעהר א שעהן געראטען קינד!—האט ברק צוגעגעבען.

— דאס איז געוויס א בעסערער פלאן ווי דער, אז מיינע קינדער זאלען קומען צו דיר אין דער צייט ווען סיסרא וועט זיין—האט אבינעם געזאגט—אויב גאט וועט געבען און דו וועסט ווירקליך טרע־פען מיין אידעם צווישען סיסרא'ס

שקלאַפען זאָלסטו אונז גלייך לאָזען ווי־
סען, וועלען מיר פּיעלייכט קענען פאַר־
האַנדלען מיט סיסראַ׳ן און ער וועט צו־
שטימען צו נעהמען פאַר איהם אויס־
לייז געלד.

— דאס וועל איך גערן טהאָן! —
האָט חבר געזאָגט — און אין פאַל איך
וועל נישט זיין אין דער היים אין יענער
צייט וועל איך אָנזאָגען מיין פרוי וועגען
דעם פּיעלייכט וועט איהר אויך געלינ־
גען אויסצוגעפינען אויב יאָאש איז איי־
נער פון דעם גענעראַל׳ס שקלאַפען.

— איך וואָלט דיר מיין האר געבעי־
טען נאָך א געפעליגקייט — האָט ברק׳ס
שוועסטער זיך אָפּגערופען צו חבר׳ן —
איך וואָלט זיך זעהר גערן געוואָלט בעי־
פריינדען מיט דיין פרוי יעל, פּיליכט
וואָלסטו מיט איהר אונז געקענט ווי־
דער בעזוכען, איך וועל זיך גליקליך שע־
צען איהר צו קענען.

— מיין פרוי וועט דיין איינלאַדונג
מיט גרויס פערגעניגען אָננעהמען! —
האָט חבר געזאָגט — און איך וועל זעהן
גאַר אין גיכען צו קומען אהער מיט מיין
פרוי כדי מיר ביידע זאָלען איך קענען
אָפּדאַנקען פאַר אייער גאַסטפריינד־
ליכקייט.

חבר האָט זיך מיט ברק׳ן און זיין
משפחה געזעגענט און צונויפנעהמענדיג
די אויפגעקויפטע זאַכען האָט ער מיט
זיינע קנעכט פערלאָזען די שטאָדט
קדש.

---

פינפטער קאַפּיטעל
## דבורה און לפּידות.

א קורצע צייט איז פאַריבער און
דבורה די נביאה איז בעליעבט געוואָרען
איבער גאַנץ ארץ ישראל. פון אלע
שבטים האָט מען געשטראָמט צו דעם
הר אפרים צו הערען פון דבורה׳ס מויל
די לעהרע פון גאָט. יעדער איינער וועל־
כער האָט א שווערע אויפגאַבע און נישט
געוואוסט ווי אזוי צו האַנדלען, איז גע־
קומען צו דבורה׳ן זיך האַלטען אַן עצה.
ווען א סכסוך האָט אויסגעבראָכען צווי־
שען צוויי פּערזאָנען און די ריכטער פון
יענער שטאָדט האָבען נישט געקענט
בעשליסען ווער עס איז גערעכט, פלעגט
מען דעם משפּט פאַרברייגגען פאַר
דבורה׳ן, און ווי זי האָט גע׳פּסק׳נט אזוי
האָט מען געטהאָן.

דעם גאַנצען טאָג איז דבורה געווען
שטאַרק פערנומען. מיט יעדען טאָג האָ־
בען זיך די רייהען פון וואַרטענדע פער־
זאָנען פערגרעסערט.

לפּידות האָט דבורה׳ן ארויסגעהאָל־
פען וויפיעל עס איז נאָר פאַר איהם
מעגליך געווען. ווען מען איז געקומען
צו איהר פרעגען פראַגען פון דער תורה
פלעגט לפּידות יענע ענטפערען. ער איז
שוין געווען גוט בעהאַוועגט אין דער
תורה, ווייל זינט ער האָט איפּ[illegible]
דאס פּיטערען פון זיינע שאָף, איז ער
די גאַנצע צייט געווען ארי[illegible]
לערנען די תורה, פאַר זיך און מיט אנ־
דערע.

אײדער א סכסוך איז פאַרגעבראַכט
געוואָרען פאַר דבורה׳ן, האָט לפּידות
עס אויסגעהערט און ווען ער האָט גע־
זעהן, אז ער קען קיין פּשרה נישט מאַ־
כען, האָט ער דאס געבראַכט פאַר
דבורה׳ן.

איינמאָל, זיינען געקומען צו דבורה׳ן
צוויי עלטערע אידען צום משפּט: נאָך
זיי איז אריינגעקומען א גאַנץ יונגע
מיידעל, איהר פּנים איז געווען בעד[illegible]
מיט א שלייער. זי איז געבליבען שטעהן
נעבען איינעם פון די עלטערע אידען.

פּיעלע פון די הויפּטען פון שטאָדט
זיינען געקומען זיך צוהערען צו דיזען
משפּט, ווייל ווי מען האָט זיי איבערגע־
בען איז איינער פון די אָנגעקומענע א
גאַנץ רייכער מאַן פון דעם שבט אפרים.

ווען זייער רייהע איז געקומען, זיי־
נען זיי צוגעגאַנגען צו דבורה׳ן און זיך
פערנייגט.

— ווי איז דיין נאָמען און פון וואַנען
קומסטו? האָט דבורה געפרעגט דעם
וועלכער איז געשטאַנען נעהענטער צו
איהר.

— מיין נאָמען איז אחירע, און מיין

נחלה געפינט זיך נישט ווייט פון דיזער שטאדט, גאט האט מיר געבענשט מיט רייכטהום אבער מיין פרוי איז אן עקרה און האט קיין קינדער נישט געהאט. איינמאל, ווען איך בין געקומען קיין בית לחם צו בעזוכען די עלטערען פון מיין פרוי, האב איך בעגעגענט אין פעלד דיזען מאן מיט זיין טאכטער וועלכע האט איהם ארויסגעהאלפען מיט דעד ארבייט. איך האב זיך גוט צוגעקוקט און געזעהן ווי שווער זיי ביידע ארבייטען. האב איך זיך צו איהם אפגערופען :

— דו וועסט מיר ענטשולדיגען מיין האר וואס איך מיש זיך אריין אין אן ענין וואס בעלאנגט נישט צו מיר, אבער עס איז נישט רעכט פון דיר צו דערלאזען אז אזא יונגע צארטע מיידעל זאל דארפען אזוי שווער ארבייטען. אזעלכע ארבייט איז בלויז פאר געזונטע מענער.

— וואס זאל איך טהאן—האט ער מיר געענטפערט,—אז איך בין ארים, און קיין זיהן האב איך נישט ווער עס זאל מיר ארויסהעלפען. מיין טאכטער איז די איינציגע וועלכע קען מיר ארויסהעלפען, מיין פרוי איז קראנק און איך נויטיג זיך אין געלט.

— הער זיך איין !—האב איך זיך צו איהם אפגערופען—גיעב מיר אפ דיין טאכטער פאר א דינסט, אין מיין הויז וועט זי נישט דארפען ארבייטען אזוי שווער, און איך וועל דיר פאר איהר בעצאהלען. ער איז געווען זעהר צופריעדען פון מיין אנבאט, און איך האב איהם געגעבען פופציג שקלים. נאכהער איז ער צוגעגאנגען צו זיין טאכטער און איהר דערצעהלט וועגען דעם. זי האט זיך פארנאנדערגעוויינט און ווי איך האב געזעהן, האט זי קיין שטארקען חשק ניט געהאט צו געהן. איך האב געגעבען איהר פאטער נאך עטליכע שקלים און איך האב איהר געזאגט, אז עוויג וועט זי דאך נישט דארפען זיין קיין דינסט... בלויז זעקס יאהר, און גאר אין גיכען וועט פיליכט אויסגערופען ווערען א יובל יאהר ווען אלע אידישע קנעכט און דינסטען ווערען בעפרייט. האט זי איינגעשטימט צו געהן מיט מיר.

ווען זי איז אנגעקומען אין מיין הויז, איז מיין פרוי זעהר נישט געווען צופריעדען פון דעם. זי האט מורא געהאט אז איך זאל איהר נישט אפגט'ן און נעהמען מיין דינסט פאר א פרוי. זי האט איהר גענומען שלעכט בעהאנדלען, און איך האב בעמערקט, אז די דינסט פיהלט זיך שטארק דערשלאגען און פערביטערט. איך האב אויף איהר שטארק רחמנות געקראגען און איך האב אויסגערעדט מיין פרוי. דאן האט מיין פרוי מיר אויסגעזאגט דעם אמת, פארוואס זי טהוט עס. איך האב איהר צוגעשווארען, אז איך וועל איהר נישט גט'ן און אז איך וועל מיט דער דינסט קיינמאל נישט חתונה האבען. זי האט אנגעהויבען צו בעהאנדלען די דינסט בעסער.ווען א יאהר איז פאראיבער און מיין פרוי האט נאך אלץ קיין קינד נישט געבארען, האב איך איהר דערצעהלט די מעשה פון אברהם און שרה'ן, ווי אזוי שרה האט אליין אפגעגעבען איהר דינסט הגר'ן צו אברהם און דערפאר איז זי אויך געבענשט געווארען מיט א זוהן. פריהער האט זי פון דעם נישט געוואלט הערען אבער ווען איך האב איהר געזאגט א פלגש (קעבסווייב) איז נישט פעררעכענט פאר א ריכטיגע ווייב, זי האט נישט אלע רעכט פון א פרוי, און אפילו ווען איך זאל איהר נעהמען אלס מיין פלגש אהן איהר הסכמה, וועט דאס נאך אלץ נישט מיינען, אז איך ברעך מיין שבועה, האט זי צוגעשמיט.

דעם זעלבען טאג האב איך זיך אפגערופען צו מיין דינסט, אז איך וויל מיט איהר אפרייזען נאך בית לחם, ווייל איך דארף זיך דורכריידען מיט איהר פאטער וועגען זעהר א וויכטיגען ענין.

מיר זיינען ביידע אפגעפאהרען. איך האב מיט זיך מיטגענומען פיעל גאלד און זילבער און מתנות.

ווען מיר זיינען אנגעקומען אין בית לחם, האט איהר פאטער אונז זעהר פיין אויפגענומען און געמאכט א מאהלצייט

פאר אונז. נאך דעם מאהלצייט האב איך איהם ארויסגערופען פון הויז און איך האב איהם געזאגט, אז זיין טאכטער האט געפונען חן אין מיינע אויגען און איך וויל איהר נעהמען פאר מיין פילגש. מיר זיינען דורכגעקומען וועגען מהר (נדן) און איך האב איהם געגעבען נאך מעהר ווי ער האט פון מיר פערלאנגט, ווייל זיין טאכטער איז מיר זעהר געפעהלען געווארען. אויף דעם צווייטען טאג האב איך מיט דער דינסט אפגערייזט פון בית לחם צו מיין הויז. ווען מיר זיינען אנגעקומען אהיים האב איך איהר געזאגט וועגען דעם אפמאך. האט זי זיך שטארק פאנאנדערגעוויינט. און ווען איך בין צו איהר צוגעשטאנען, האט זי מיר אפגעזידעלט און גערופען "אלטער נאר". איך האב איהר געדראהט, אז איך קען איהר צווינגען, האט זי זיך פאר מיר מודה געווען, אז זי איז שוין פון לאנג פער'קנס'ט פאר א יונגען מאן פון דעם שבט יהודה. האב איך איהר געפרעגט אויב איהר פאטער ווייסט דערפון. זי האט מיר געזאגט אז נישט. דאן האב איך איהר געזאגט מיט'ן הארבען ווארט, אז זי בעלאנגט צו מיר... זי האט ווייטער געוויינט, אבער איך האב זיך געטראכט זאל זי זיך דורכוויינען און צונאכט וועט איהר גרינגען ווערען. אבער ווי גרויס מיין ערשטוינונג איז געווען, ווען איך בין אריין ביינאכט אין איהר צימער און איהר דארטען נישט געפונען... איך האב איהר אומעטום אויסגעזוכט אבער אומזיסט.

— האט דיין פרוי יענעם טאג מיט איהר גערעדט? — האט דבורה איהם געפרעגט.

— ניין! מיין פרוי האט מיט איהר יענעם טאג א ווארט ניט אויסגערעדט — האט אחירע געענטפערט.

— און וואס איז געווען ווייטער? — האט דבורה זיך אנגערופען — דירצעהל!

— איך האב געווארט צוויי טעג, און ווען איך האב געזעהן, אז זי קומט ניט האב איך איינגעשפאנט מיין אייזעל און מיט כעס איהם געפרעגט אויב ער און אוועקגעפאהרען נאך אמאל קיין בית לחם.

ווען איך בין צוגעקומין צו איהר פאטער'ס הויז איז איהר פאטער ארויסגעקומען צו מיר.

— וואו איז דיין טאכטער? — האב איך איהם גלייך געפרעגט.

— זי איז אין מיין הויז! — האט ער מיר טרוקען געענטפערט.

— ווייסטו וואס זי האט צו מיר געטהאן? — האב איך איהם געפרעגט.

— יע, איך ווייס! — האט ער געענטפערט — זי האט ריכטיג געהאנדעלט.

איך בין זעהר אויפגערעגט געווארען און מיט כעס איהם געפריגט אויב ער אליין האט נישט צוגעשטימט, אז איך זאל נעהמען זיין טאכטער פאר מיין פילגש. ער האט אנגעהויבען צו לייקענען, מיין צארן האט אין מיר געברענט און איך האב אויפגעהויבען מיין האנט און איהם ארונטערגעלאזען א פאטש. פלוצלונג איז פון זיין הויז ארויסגעלאפען א יונגער מאן און מיר גענמען אפשטויסען פון דארטען. איך האב א וואונק געטאן צו מיינע קנעכט און זיי זיינען מיר גלייך געקומען צו הילף. אבער דער יונגער מאן האט זיי ביידען אזוי שטארק צושלאגען, אז זיי זיינען אנטלאפען.

— גיעב מיר צוריק מיין געלט און די מתנות וואס איך האב דיר געגעבען פאר דיין טאכטער! — האב איך צו איהם געשריען. אבער ער האט מיר געזאגט, אז ער דארף דאס מיר נישט צוריקקעהרען, ווייל עס איז מיין אייגען שולד. ער האט מיר געזאגט, אז ווען איך האב מיט איהם אפגעמאכט וועגען זיין טאכטער, האב איך איהם געזאגט, אז איך וועל איהר נעהמען פאר מיין פרוי און נישט פאר מיין פילגש.

— ביזטו זיכער, אז דו האסט מיט איהם אויסדריקליך אויסגערעדט צו נעהמען זיין טאכטער פאר דיין פילגש!

— געוויס !—האט אחירע אויסגערופען.

— עס איז א ליגען ! — האט דער צווייטער מאן אויסגעשריען—ער האט מיר געזאגט, אז ער וועט איהר נעהמען פאר זיין פרוי.

דבורה האט דעם צווייטען מאן געבעטען שווייגען.

— דו וועסט א ווײלע צו ווארטען ביז וואנען איך וועל אויסהערען זיינע טענות און נאכהער וועסטו פאר מיר פארלייגען דיינע טענות.

— איך האב דיר בעצאהלט פאר איהר, זי זאל זיין מיין דינסט פאר זעקס יאהר, נאכהער האב איך דיר געגעבען נאך געלט און מתנות זי זאל ווערען מיין קעבס־ווייב. און אויב זי וויל נישט צושטימען, מוזטו מיר צוריקקעהרען, נישט נאר די מהר און מתנות, נאר אויך די געלד וואס איך האב דיר פאר איהר בעצאהלט אלס דינסט. ער האט אבער מיר געענטפערט, אז איך האב זיין טאכטער בעליידיגט און דעריבער וועט ער מיר נישט אומקעהרען מיין געלט און די מתנות. מיר זיינען געגאנגען צו די שופטים אין בית לחם און איך האב גלייך געזעהן, אז זיי האבען פאראורטהיילען געגען איינעם פון א צווייטען שבט. און אזוי ווי מיר האבען געהערט פון די גערעכטע משפטים וואס דו, מיין הארינטע גיעסט ארויס, דעריבער האט דער פאטער פון מיין דינסט צוגעשטימט צו געהן צו דיר, און ווי דו וועסט פסק'נען אזוי וועלען מיר טהאן.

— און יעצט לאמיר הערען וואס דו האסט צו זאגען ?—האט דבורה זיך געווענדעט צום צווייטען מאן, זאג מיר ווי איז דיין נאמען.

— מיין נאמען איז עכרן !—האט ער געענפערט — איך בין אן ארימער אכר פון בית לחם, איידער אחירע איז געקומען האב איך זיך געפיהלט גליקליך, וויל איך האב מיין טאכטער ליעב געהאט. זי פלעגט מיר ארויסהעלפען אין אלע מיינע ארבייט אין הויז און אין פעלד. ווען ער איז געקומען און האט מיר פארגעווארפען, אז מיין טאכטער טהוט זעהר שווערע ארבייט, האב איך צוגעשטימט איהר אפצוגעבען פאר א דינסט צו איהם. מיין הארץ האט מיר וועה געטהאן צוזעהענדיג די ליידען פון מיין טאכטער, אבער איך בין געווען הילפלאז. צום יאהר איז אחירע געקומען מיט מיין טאכטער צו מיר אויף א בעזוך. זי האט מיר וויינענדיג דערצעהלט די צרות וואס זי איז אויסגעשטאנען פון אחירע'ס פרוי, און איך האב מיטגעוויינט מיט איהר וויסענדיג אז זי דארף אזוי ליידען נאך פינף יאהר.

דאן איז אחירע צו מיר צוגעקומען און מיר אריינגערוימט א סוד, אז ער וויל חתונה האבען מיט מיין טאכטער.

— עס איז א ליגען ! — האט אחירע איהם אונטערבראכען—איך האב איהם געזאגט בלויז, אז איך וועל איהר נעהמען אלס מיין פילגש.

— אה, ניין, ער האט מיר דייטליך געזאגט, אז ער וועט איהר נעמען פאר זיין פרוי... ווארום אויב נישט, וואלט איך קיינמאל נישט צוגעשטימט. וויים איך דען נישט דעם טרויעריגען גורל פון א קעבס־ווייב... מיר איז בעוואוסט אלע צרות און נגישות וואס די ריכטיגע ווייבער טהוען אן צו די קעבס־ווייבער. און מיין טאכטער איז דאך נאך אזוי יונג און צארט ! ניין, איך וואלט דערצו ניט איינגעשטימט אפילו ווען ער וואלט מיר אנגעשאטען א פולען הויז מיט גאלד. איך האב זיך אויסגערעכענט אזוי ווי זי וועט ווערען זיין ריכטיגע פרוי, וועט שוין זיין ערשטע פרוי נישט וואגען איהר שלעכטעס צו טהאן... און דערצו האט ער מיר געבראכט דעם מהר וואס עס ווערט געגעבען פאר א בתולה ווען זי ווערט גענומען פאר א ריכטיגע פרוי. איך האב איהם מיין ברכה געגעבען.

— און פארוואס האסטו נישט געפייערט די חתונה אין דיין אייגענער שטאדט ?—האט איהם דבורה געפרעגט.

— איך האב דאס טאקע פארגעלעגט פאר אחירע'ן, אבער ער האט מיר דערפון אבגערעדט. ער האט מיר געזאגט,

אז אין זיין געבורטסשטאָדט וועט ער בעסער קענען פייערען זיין חתונה מיט מיין טאָכטער!

— עס איז א ליגען! — האט אהירע איהם ווייטער אונטערבראָכען — ער אליין, האט זיך ארומגעזעהן, אז עס וועט זיין גלייכער ווען איך וועל פייערען די חתונה ביי מיר אין דער היים, ווייל ער האט ניט געוואָלט, אז איהר קראנקע מוטער זאל זיך דערפון דערוויסען, כדי זי זאל דערפון קיין עגמת נפשר נישט האבען.

— יע, דאס איז אויך ריכטיג! — האט עכרן צוגעגעבען — דאס איז אויך געוועזן איינע פון די אורזאכען, ווײלע איך ווייס וויפיעל צער איך האב געהאט דערפון, וואס מיין יונג טאָכטער וועט דארפען ווערען די פרוי פון אזא אלטען מאן, און ווען די שמחה וואלט פאָרגעקומען אין מיין הויז וואלט עס פאר אונז אלעמען אין טרויער פערוואנדעלט געווארען.

— דאן ביזטו אליין מודה — האט זיך דבורה געווענדעט צו אהירע'ן, אז דו האסט מיט איהם געזאלט חתונה האבען לויט די געזעצען פון אונזער הייליגער תורה!

— איך האב... המ... איך מיין... — האט ער גענומען שטאמלען — אז איך האב געמיינט בלויז צו מאכען א מאהלצייט און נישט קיין ריכטיגע חתונה.

— אבער ווען דו האסט פערהאנדעלט מיט איהר פאָטער נישט צו מאכען די שמחה אין זיין הויז, האסטו דען נישט גערעדט דייטליך וועגען א חתונה! — האט איהם דבורה ווייטער געפרעגט.

— המ... איך האב איהם געזאגט, אבער איך האב געמיינט אלס א קעבס־ווייב.

— ווייסטו דען נישט, אז פאר א קעבס־ווייב מאכט מען נישט קיין חתונה? — האט איהם דבורה געפרעגט.

— זי וואלט ביי מיר געווען די ערשטע קעבס־ווייב, און דעריבער האב איך נישט געוואוסט ווי מען איז זיך נוהג אין אזא פאל.

— אבער יעדענפאלס האסטו צו איהם דעם נאמען קעבס־ווייב נישט דערמאָהנט!

— ניין, אבער איך האב דאך אנדערש נישט געקענט מיינען, ווייל איך האב מיין פרוי א שבועה געגעבען, אז איך וועל מיט מיין דינסט קיינמאל ניט חתונה האבען.

— האסטו דען איהר פאָטער נישט געזאגט וועגען דיין שבועה צו דיין פרוי? — האט איהם דבורה געפרעגט.

— ניין!

— אויב אזוי פון וואנען האט ער געזאלט וויסען, אז דו מיינסט איהר צו נעהמען פאר דיין קעבס־ווייב?

— זיין טאָכטער האט געוואוסט פון מיין שבועה צו מיין פרוי — האט אהירע געענטפערט — ווייל מיין פרוי האט פאר מיר מודה געווען, אז זי האט איהר דערצעהלט וועגען דעם, און איך בין זיכער, אז זי האט איהר פאָטער דאס איבערגעגעבען.

— אבער לויט דיינע פריהערדיגע רייד, פערשטעהע איך אז דיין דינסט האט גאר קיין אהנונג נישט געהאט וועגען דעם וואס דו האסט זיך דורכגערעדט מיט איהר פאָטער!

— יע, איך האב איהר וועגען דעם אפמאך מיט איהר פאָטער געזאגט, ווען מיר האבען זיך צוריקגעקעהרט אהיים. דבורה געווענדעט צו עכרן'ען.

— אין איינינע טעג ארום, ווען איך בין געשטאנען אין פעלד און געטהאן מיין ארבייט, האב איך פלוצלונג פון ווייטען בעמערקט, ווי אימיצער קומט אן. איך האב זיך גוט צוגעקוקט און דערקענט מיין טאָכטער. זי איז געגאנגען לאנגזאם, קוים וואס זי האט איהרע פיס געשלעפט. איך האב פערלאזען מיין אקער אייזען און איהר געלאָפען אנטקעגען. ווען זי האט מיר דערזעהן איז זי מיר אויפ'ן האלז געפאלען און זיך שטארק פאנאנדערגעוויינט.

איך האב זיך זעהר דערשראָקען. איך האב איהר גענומען בערוהיגען און געגעבען א טרונק וואסער פון מיין לאגעל, מיר האָבען זיך ביידע אויפ'ן גראָז צוגעזעצט און ווען זי האט זיך עטוואס בערוהיגט, האב איך איהר גענומען אויספרעגען, וואס עס האט מיט איהר פּאסירט, האט זי זיך ווידער פאנאנדערגעוויינט. א היבשע ווײַלע האט געדויערט איידער זי איז צו זיך געקומען. דאַן האט זי מיר דערצעהלט, אז דער אַלטער אחירע האט איהר געזאגט, אז פון היינט אָן ווערט זי זיין קעבס־ווייב.

איך בין אויפגעציטערט געוואָרען, ווען איך האב דאס דערהערט.

— ער האט דאך מיר פערשפּראָכען, דאס ער וועט דיר פאר זיין פרוי נעהמען! — האב איך אויסגערופען מיט צאָרן.

מיין טאָכטער האט מיר ווייטער דערצעהלט ווי אזוי ער האט זיך צו איהר בענומען און אז ער האט איהר געוואלט צווינגען זי זאל זיך אונטערגעבען, און דעריבער איז זי פון איהם ענטלאָפען...

— מיין טאָכטער! — האָב איך צו איהר זיך אָפּגערופען — איך האב מיט איהם אָפּגעמאכט, אז ער זאל דיר נעהמען פאר זיין פרוי און נישט אלס זיין קעבס־ווייב. און יעצט ווען ער וועט נאָך דיר קומען וועט ער מוזען דאָ מיט דיר פריהער חתונה האבען.

— אָה, דאס איז אומעגליך! — האט מיין טאָכטער אויסגערופען.

— אָבער דו ווייסט דאָך אונזער שרעקליכע לאגע! האב איך איהר געזאגט — ווען דו וועסט נישט צושטימען צו ווערען זיין פרוי, וועל איך איהם מוזען אלעס אומקעהרען, אז נישט וועסטו דארפען נאָך דינען פינף יאָהר.

— ווען איך וועל זיין קעבס־ווייב ווערען, וועל איך דאך מוזען פערבלייבען זיין דינסט אויף עוויג, איך וועל נאָך מעהר ליידען פון זיין פרוי.

— האב איך דיר געזאגט, אז איך וועל נישט דערלאָזען, אז דו זאלסט זיין קעבס־ווייב ווערען. ער וועט מיט דיר מוזען חתונה האבען כדי דו זאלסט האָבען דיזעלבע רעכטע ווי זיין ערשטע פרוי.

דאַן ערשט האט זי מיר נעזאגט וועגען דער שבועה וואס אחירע האט צוגעשוואָרען צו זיין פרוי.

— אויב אזוי! — האב איך זיך צו איהר אָפּגערופען — האט ער געבראָכען דעם אָפּמאך און נישט איך, און ער קען צו מיר קיינע תביעות נישט האבען. מיין טאָכטער האט זיך שטארק דערפרעהט פון מיינע רייד און נאכהער האט זי זיך פאר מיר מודה געווען, אז זי ליעבט איתמר'ן דעם פּאסטוך, וועלכער וואהנט נישט ווייט פון אונז. אויף מאָרגען האב איך איתמר'ן געשיקט רופען, און איהם געפרעגט אויב ער ליעבט ווירקליך מיין טאָכטער.

— איך ליעב איהר מעהר ווי אלעס אין דער וועלט! — האט ער מיר געזאגט מיט טרעהרען פון פרייד.

— אויב אזוי גיב איך אייך ביידען מיין ברכה — האָב איך זיך אָפּגערופען צו איתמר'ן און צו מיין טאָכטער.

עס איז פאר מיר אונמעגליך איבערצוגעבען דעם גליק און פרייד פון ביידע יונגע הערצער, ווען זיי האָבען מיינע רייד געהערט. פּלוצלונג האָבען מיר דערהערט געשרייען. ווען מיר זיינען אין דרויסען ארויסגעקומען, האָבען מיר דערזעהן אחירע'ן.

— דו און דיין טאָכטער בעצאָהלען מיר שלעכטס אנשטאט גוטעס! — האָט ער אויפגעהויבען זיין שטימע — איך האָב דיר אזוי פיעל טובות געטהאָן, איך האָב דיין טאָכטער פאר מיין דינסט גענומען און דיר דערפאר בעצאָהלט. נאָכהער האָב איך איינגעוויליגט צו נעהמען דיין טאָכטער פאר מיין קעבס ווייב און דיר ווידער אמאָל דערפאר געלט געגעבען. איך האָב דיר געגעבען א מהר ווי מען גיט פאר א בתולה וועלכע מען נעהמט פאר א ריכטיגע פרוי און דו האָסט דערצו איינגעשטימט און צום סוף איז גאָר דיין טאָכטער אנטלאָפען געוואָרען פון מיר אין מיטען דער נאכט און

מיר געמאכט צו שאנד און צו שפּאָט פאַר די אויגען פון מיין פרוי.

— איך האָב קיינמאָל נישט איינגעשטימט! — האָב איך איהם געענטפערט אָפּצוגעבען מיין טאָכטער פאַר דיין פלגש, דו האָסט מיר אָפּגענאַרט. דו האָסט מיר געזאָגט אז דו וועסט איהר נעמען פאַר דיין ריכטיגער פרוי. און צום סוף ווילסטו איהר בלויז נעמען פאַר דיין פלגש... האָט דען מיין טאָכטער שוין נישט גענוג געליטען אלס דיין דינסט פון דיין פרוי... אלע ווייסען ווי אזוי א פלגש ווערט בעהאנדעלט און איך וועל דאָס קיינמאָל נישט דערלאָזען! געלויבט איז גאָט וואָס עס איז נאָך נישט צו שפּעט!

— איך וועל דיין טאָכטער מיט געוואָלט אוועקנעמען פון דיר! — האָט ער זיך צושריען — זי געהערט צו מיר. זי איז מיין דיענסט, און איך קען מיט איהר טהאָן וואָס איך וויל.

— מיין טאָכטער וועט שוין מעהר צו דיר נישט געהן! — האָב איך איהם געענטפערט — אויב דער שופט וועט פסק'נען אז איך דאַרף דיר בעצאָהלען וועל איך מיין נחלה פערקויפען און דיר בעצאָהלען. אָבער מיין טאָכטער וועט בלייבען מיט מיר!

דאַן איז ער אריין אין גרויס צאָרן און מיר אראָפּגעלאָזען א פּאטש.

ווען איתמר האָט דאָס דערזעהן איז ער ארויסגעקומען און איהם אָפּגעשטויסען פון מיר. אחירע האָט צוגערופען זיינע צוויי קנעכט און זיי געהייסען שלאָגען אתימר'ן, אָבער איתמר האָט זיי בײדען געוויזען זיין מעכטיגע האַנט ער האָט זיי צושלאָגען אז זיי זיינען אנטלאָפען געוואָרען.

— ווי אלט איז דיין טאָכטער געוועזן, ווען דו האָסט איהר פערקויפט פאַר א דינסט צו אחירע'ן? — האָט דבורה עכרן געפרעגט.

— זי איז געוועזן אכצעהן יאָהר אלט!

—ווייסטו דען נישט אז דו האָסט קיין רעכט נישט געהאט איהר צו פערקויפען פאַר א דינסט אין דיזען עלטער!

— ניין, איך ווייס נישט!

— וואָס איך מיין איז, אז דו האָסט איהר נישט געקענט צווינגען זי זאָל צוגענומען ווערען פאַר א דינסט.

— ווען מיין טאָכטער וואָלט נישט געוואָלט געהן, וואָלט איך איהר זיכער נישט געצוואונגען! — האָט עכרן געזאָגט — אָבער זי אליין האָט דאָך געזעהן מיין שרעקליכע לאַגע, אז איך נויטיג זיך אין געלט צו העלפען איהר קראַנקע מוטער.

—איך וויל אז זי זאָל קומען אַפּדינען נאָך פינף יאָהר, וואָס איז געוועזן לויט אונזער אָפּמאַך! — האָט אחירע זיך אָפּגערופען צו דבורה'ן — יעצט ווען אפילו ער וועט מיר ווען צוריקקעהרען דאָס איבעריגע געלט. וועל איך נישט צושטימען.

— דאמיט וואָס דו האָסט איהר געוואָלט צונעהמען פאַר דיין פלגש, האָסטו איהר גלייך בעפרייט פון צו זיין דיין דינסט! — האָט דבורה איהם געענטפערט און דו קענסט מעהר נישט פערלאַנגען זי זאָל זיך צו דיר צוריקקעהרען!

— דאַן וויל איך אז ער זאָל מיר אומקעהרען מיין גאנצע געלט.

—איידער איך וועל קענען בעשליסען וועגען די געלט וועל איך מוזען אויספרעגען נאָך עדות! — האָט דבורה געזאָגט און ווענדענדיג זיך צו עכרן'ס טאָכטער האָט זי איהר געפרעגט:

— ווען אחירע האָט דיר געזאָגט אז ער וויל מיט דיר מיטפּאָהרען זיך צו זעהן מיט דיין פאָטער וועגען א וויכטיגען ענין, האָסטו קיין אהנונג נישט געהאט וועגען זיינע כונות?

אנשטאט צו ענטפערען, האָט זיך עכרן'ס טאָכטער פאנאנדערגעוויינט.

דבורה האָט א ווײלע צוגעוואַרט, און ווען זי האָט זיך איינגעשטילט האָט זי ווידערהאָלט איהר פראגע.

— ניין, איך האָב זיך קיינמאָל נישט געקענט פאָרשטעלען אז ער טראָגט זיך ארום מיט אזעלכע כונות... ווײלע ער

איז דאָך אזוי אלט, אז עס פּאסט איהם צו זיין מיין זיידע. און אויסער דעם האָב איך זיך דערוואוסט פון זיין שבועה וואָס ער האָט געגעבען זיין פרוי.

— דערצעהל מיר ווי ער האָט דיר די גאנצע צייט בעהאנדעלט — האָט דבורה איהר ווייטער געזאָגט.

— ער איז געווען זעהר גנעדיג צו מיר. ער האָט מיר דעם יאָהר וואָס איך בין ביי איהם געווען, בעהאנדעלט ווי אן אייגענער טאָכטער. און ווען ער האָט בעמערקט ווי גרויזאם זיין פרוי בעהאנדעלט מיר, האָט ער זיך אויף איהר אָנגעבייזערט. אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפען. זי האָט מיר נאָך מעהר געדריקט.

— און ווי לאנג קענסטו זיך מיט דעם פּאסטוך איתמר'ן? — האָט דבורה איהר נעפרעגט.

— זינט מיר זיינען נאָך יונגע קינדער געווען!

— דערצעהל מיר ווי איז דאָס געקומען אז צווישען אייך זאָל זיין אן אָפּמאַך צו הייראטען איינע מיט'ן צווייטען. א רויטקייט האָט בעדעקט איהר פּנים. זי האָט ארונטערגעלאָזען איהר קאָפּ פערשעהמטערהייט.

— געפינט זיך איתמר אויך דאָ? — האָט דבורה זיך אָפּגערופען צו עכרן'ען.

—יע, מיין הארינטע. ער ווארט נעבען דעם טויער. — הייס איהם צוקומען צו מיר! — האָט דבורה איהם געזאָגט.

עכרן איז אוועק און באלד צוריק געקומען מיט איתמר'ן.

— זאָג מיר, קענסטו אָט די דאָזיגע מיידעל?

איתמר האָט געוואָרפען זיינע בליקען אויף עכרן'ס טאָכטער און מיט א צופרידענעם שמייכעל געזאָגט.

— יע, מיין הארינטע. איך קען איהר זעהר גוט, זי איז מיין כלה!

— ווי לאנג איז עס אז זי איז דיין כלה?

— שוין מעהר ווי צוויי יאָהר!

— און איהר פאָטער האָט דערפון די גאנצע צייט נישט געוואוסט?

— ניין!

— פאַרוואָס האָסטו איהר פאָטער וועגען דעם נישט דערצעהלט?

— ווייל איך האָב געוואוסט אז מיר וועלען אזוי שנעל נישט קענען הייראטען, זי האָט איהם ארויסגעהאָלפען אין זיין ארבייט.

— און וואָס האָסטו געטהאָן ווען דו האָסט אויסגעפונען אז איהר פאָטער האָט איהר פערקויפט פאר א דינסט אויף זעקס יאָהר?

— מיר זיינען ביידע שטארק געווען בעזאָרגט וועגען דעם אָבער מיר האָבען זיך געשוואָרען איינער צום צווייטען צו ווארטען ביז וואנען גאָט וועט אונז געבען די מעגליכקייט זיך צו פעראייניגען. און דערווייל האָב איך געארבייט טאָג און נאכט, מיט דער האָפנונג אָנצוקלייבען גענוג געלד אויסצולייזען איהר, ווען די צייט פון איהר בעפרייאונג וועט קומען.

— האָסטו זיך מיט איהר געזעהן אין דער צייט ווען זי איז געקומען אויף א בעזוך מיט אחירען.

—יע, איך האָב איהר געזעהן. זי איז צו מיר אין פעלד געקומען און איך האָב איהר מיט גרויס פרייד דערצעהלט אז מיר איז געלונגען אָפּצושפּאָרען צעהן שקלים, וואָס דאָס וואָלט מעגליך געמאכט אז זי זאָל דארפען דינען מיט א יאָהר ווייניגער!

דבורה האָט די יונגע פּאָר א ווײַלע בעטראכט. א שטילקייט האָט געהערשט ארום. זי האָט געוואָרפען א בליק אויף לפּידות'ן, וועלכער איז די גאנצע צייט געשטאנען נעבען איהר, און זי האָט בעמערקט טרעהרען אין זיינע אויגען.

— אחירע! — האָט זיך דבורה פּלוצלונג אָפּגערופען צו איהם — גיב נאָר א קוק אויף די יונגע פּאָר, זעהסטו דען נישט אז זיי זיינען פון הימעל בעשטימט געוואָרען איינע פאר'ן אנדערען. וואָלסטו דען געהאנדעלט ריכטיג, ווען

דו וואלסט איהר פון איהם אוועקגערויבט, דו וואלסט אומגליקליך געמאכט צוויי יונגע נפשות און פאר זיך וואלסטו אויך קיין גליק נישט געבראכט. אבער אחוץ דעם האסטו נישט ריכטיג געהאנדעלט מיט איהר פאטער, ווען דו האסט געמאכט צו גלויבען אז דו ווילסט זיין טאכטער נעהמען פאר א ווייב אנשטאט א פלגש. און דורכדעם וואס דו האסט איהר בעליידיגט, דארף זי ארויסגעהן פריי פון דיר, אהן געלט. אבער די מהר און מתנות וואס דו האסט געגעבען איהר פאטער, ווען ער האט צוגעשטימט דיר אפצוגעבען זיין טאכטער, דארף דיר עכרן אומקערען.

— איך האב דאס מיטגעבראכט מיט זיך! — האט עכרן אויסגערופען און ער האט דערלאנגט דבורה'ן א פעקעל — דא געפינט זיך דאס גאנצע מהר און די מתנות.

דבורה האט פון איהם גענומען דעם פעקעל און דאס איבערגעגעבען דעם אלטען אחיר'ן, וועלכער איז געשטאנען ווי צוגעשמידט צו זיין פלאץ.

אחירע האט דעם פעקעל גענומען שווייגענדיג, ער האט א קוק געטהאן אויף איתמר'ן און זיין געוועזענע דינסט. טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין זיינע אויגען און ער האט זיך פלוצלונג אפגערופען:

— אה, דבורה. געטליכע פרוי! איך ווייס אז איך האב געזינדיגט געגען גאט און געגען דיזע מענשען! יעצט וויל איך אוועקגעגעבען דעם מהר און מתנות צו דער גליקליכער פאר אלס א מתנה. און איך האף אז זיי וועלען מיר מוחל זיין.

אלע אנוועזענדע זיינען געוועזען גערירט פון דעם אלטענס רייד, און ווען זיי האבען דערזעהן ווי דער אלטער גיט אפ דעם פעקעל צו איתמר'ן און דריקט זיין האנט ווינשענדיג גליק, האבען זיך ביי יעדען געשטעלט טרעהרען אין די אויגען.

— זאל דיר גאט בענשען און ערפילען אלע דיינע פערלאנגען! — האט דבורה געזאגט — איך זעה אז דו האסט קיין שלעכטעס נישט געמיינט. דו האסט געמאכט א טעות און דו ביזט וויליג עס צו אנערקענען אלס א טעות. איך בין זיכער אז זיי האבען דיר אלע מוחל געוועזן.

— און איך וואלט פארגעשלאגען — האט זיך לפידות אפגערופען — אז דאס ערשטע קינד וואס וועט געבארען ווערען צו זיי, זאל גערופען ווערען מיט דיין גנעדיגקייט, זייט איהר צופרידען?

— האט ער זיך געווענדעט צו איתמרן און זיין כלה.

מיט א גליקליכען שמייכעל האבען ביידע צוגעשטימט.

— און יעצט וואלט איך פארגעשלאגען — האט דבורה זיך אפגערופען אז מיר זאלען דא אלע צוזאמען פייערען די חתונה פון דיזע צוויי גליקליכע. און איך בין זיכער אז גאט וועט זיי זיין ברכה געבען.

מען האט שנעל געמאכט די נויטיגע הכנות, און די חתונה איז געפייערט געווארען מיט גרויס פאראד. אחירע איז געוועזן איינער פון די וויכטיגסטע געסט, און ביים מאלצייט, האט ער דער כלה געגעבען א פיינע מתנה.

אלע אנוועזענדע האבען זיך זעהר גליקליך געפיהלט פון אויסגאנג פון דעם משפט, זיי האבען אלע געזעהן ווי קלוג דבורה. די נביאה איז, און ווי אזוי זי האט מיט איהרע צערטליכע, פערנינפטיגע רייד פערוואנדעלט שטארקע שונאים אין גוטע פריינד.

יעדער איז געוועזן שטארק גערירט פון דעם, ווי אזוי דבורה האט דורך איהר קלוגען און גערעכטען משפט גליקליך געמאכט צוויי ליעבענדע הערצער. איבערהויפט, האט דער משפט אונגעריהרט א סטרונע אין לפידות'עס הארץ... ער האט שוין פון לאנג געטראכט וועגען דבורה'ן. נאך פון דער צייט, ווען ער האט איהר צום ערשטען מאל דערזעהן אויפ'ן וועג נאך שילה. דאן האט ער אפילו נישט געוואגט צו

טראכטען וועגען איהר... און יעצט? קען ער דען יעצט רעדען פון דבורה׳ן די נביאה? זי איז דאך אזוי חשוב און וויכטיג. אמת, זי האט איהם ארויסגעציינט זעהר פיעל פריינדשאפט. זי האט איהם בעשטימט אלס איהר ארויסהעלפער, זי האט מיט איהם פיעל געלערענט, כדי ער זאל קענען איבערגעבען די תורה צו דעם איינפאכען המון.

ווען אלע זיינען זיך צוגאנגען. איז לפידות נאך אליין געבליבען שטעהן נעבען דבורה׳ן. ער האט געזעהן ווי זי איז פערטיעפט אין איהרע געדאנקען און איהר נישט געוואלט שטערען. ווען זי זאל נאר וויסען, וואס ביי איהם אין הארצען קומט פאר — האט ער זיך געטראכט.

— האסטו געזעהן ווי גליקליך די צוויי יונגע געליעבטע האבען געפיהלט — האט זיך דבורה אפגערופען צו לפידות׳ן, נאך א קליינע פויזע.

— יע, זייערע פנים׳ער האבען געשיינט פון גליק! — האט לפידות געזאגט — איך גלויב אז אמת׳ע ריינע ליעבע איז געטליך, אבער נישט אלע זיינען ווערטה געליעבט צו ווערען...

— ליעבע איז בעשאפען געווארען אין דער זעלבער צייט, ווען גאט האט פון אדם׳ס ביין די פרוי בעשאפען — האט דבורה געזאגט — און ווען עס איז צווישען אדם און חוה׳ן געוועזן ריינע אמת׳ע ליעבע, האט די שכינה צווישען זיי גערוהט, זיי האבען זיך געלעבט אין גן־עדן... ביז וואנען דער שלאנג האט זיך אריינגעמישט, און א סוף צו זייער ליעבע געמאכט. אדם זוכט צו ווארפען די שולד אויף חוה׳ן. און חוה בעשולדיגט דעם שלאנג, אזוי פון זייער ליעבע און פריעדען איז געווארען קריעג און צושפליטערונג און זיי זיינען פערי‍אגט געווארען פון גן־עדן.

אין לפידות׳עס אויגען האבען זיך טרעהרען בעוויזען. ער איז געבליבען שטיל און פערטראכט. זיינע געדאנקען האבען ווידער גענומען וואנדערען וועגען דבורה׳ן. ער געדענקט נאך פון די ערשטע צייטען, ווען דבורה איז ביי אלעמען אנערקענט געווארען אלס נביאה און ריכטערין... ווי אזוי זי האט מיט איהר קלוגשאפט פון איהם באלד דעם חשד ארונטערגענומען, אז ער האט בע׳גנב׳עט די אלמנה, די מוטער פון מיכה׳ן... זינט דאן איז זי איהם נאך מעהר צוגעבונדען געווארען, און זי האט איהם אזוי פיעל ערמוטיגט... פונדעסטוועגען ווי אזוי קען ער גאר אפילו טראכטען פון איהר...

דבורה האט געווארפען איהרע בליקען אויף לפידות׳ן. זי האט בעמערקט אז זיין פנים, אז א טיעפער צער דריקט איהם און זי האט זיך צו איהם פלוצלונג אפגערופען:

— זאג מיר, לפידות. איך בעט דיר, פערלייקען נישט פון מיר וועגען וואס האסטו נאר וואס געטראכט?

לפידות איז רויט געווארען... ער האט זיך געפיהלט אין א פערלעגענהייט... באלד אבער איז ער צו זיך געקומען און מיט א שמייכעל זיך אפגערופען:

— דו ביזט דאך א נביאה, מיין הארינטע, און דו ווייסט דאך זיכער וואס איך האב געטראכט.

— א נביאה קען פאראויסזאגען וועגען זאכען, וואס וועט ערשט זיין! — האט דבורה שמייכלענדיג געזאגט — אבער דאך וועל איך פרובען טרעפען. זאג מיר דעם אמת, האסטו דען נאר וואס נישט געטראכט פון מיר?...

לפידות האט א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ אויף יע און ער האט ארונטערגעלאזען זיינע אויגען.

— יעצט וועסטו מיר שוין מוזען אויך מודה זיין, וואס דו האסט פון מיר געטראכט — האט דבורה געזאגט מיט א צערטליכע שטימע.

— דו וועסט מיר ענטשולדיגען, מיין הארינטע. איך ווייס אז איך האב קיין רעכט נישט צו טראכטען אזוי פון דיר, אבער קען דען א מענש בעהערשען זיינע געפיהלען און געדאנקען?

— און איך האב פון דיר אויך נאר וואס געטראכט! — האט דבורה צוגע־

געבען — דורך די עטליכע יאהר וואס איך האב דיר געקענט, האב איך געזעהן וואס פאר א נאבעלע און איידעלע נשמה דו בעזיצט. דו האסט פיעל אויפגעטהאן פאר'ן פאלק... און מיט יעדען טאג ביזטו מיר אלץ נעהנטער געווארען... דו ביזט צו מיר געווען ווי א ברודער. יע, ווי מיין פערלוירענער ברודער יאוש, און ווען איך האב פעראורזאכט אז די חתונה פון איתמר'ן מיט זיין געליעבטע זאל פארקומען דא פאר אונזערע אויגען, האב איך אויך פון דיר געטראכט... איך בין ווי א מוטער אין ישראל, אבער דאך פיהל איך זיך איינזאם... מיין פאטער און מוטער זיינען טויט. מיין ברודער איז געפאנגען, און גאט ווייס אויב ער איז צווישען די לעבעדיגע. לעצטענס האב איך אויך מיין זיידען פערלוירען... מיין עלענד איז פאר מיר אונערטרעגליך געווארען, און כאטש איך געפין טרייסט אין דעם, וואס איך קען בריינגען מיין פאלק, פיהל איך דאס נאך שטארקער יעצט.

דבורה איז א ווייל שטיל געבליבען. זי האט בעטראכט לפידות'ן מיט צערטליכע בליקען.

— אה, מיין הארינטע! — האט לפידות אויסגערופען. דיינע רייד האבען מיר געגעבען מוטה... אבער איך ווייס אז איך בין נישט ווערטה די שטויב וואס איז אונטער דיינע פיס... איך וועל אלעס טהאן, כדי איך זאל נאר
— עס ווערט שוין טונקעל! — האט
ווערטה זיין צו טראכטען פון דיר.
דבורה זיך אפגערופען צו לפידות'ן, קום מיט מיר אין מיין הויז, דו וועסט היינט עסען אבענד ברויט צוזאמען מיט מיר. מיר האבען נאך וועגען פיעלע זאכען צו ריידען.

לפידות און דבורה האבען אוועקגעשפאצירט. און ווען זיי זיינען אריין אין איהר הויז, האט שוין די דינסט געהאט צוגעגרייט אבענד ברויט פאר צווייען.

דבורה האט איהם דערצעהלט וועגען איהרע רייזעס צווישען די שבטים, ווי אזוי זי זוכט צו ערמונטערען די אידען פון די בעזונדערע שבטים זיך צו פעראייניגען, כדי ארונטערצוווארפען דעם יאך פון יבין, דעם קעניג פון חצור און פון זיין גענעראל סיסרא.

איך האב דורכגערייזט די דרום שבטים, און גערעדט מיט די עלטסטע פון יעדער שטאדט. איך ווייס אז מיין ארבייט איז נישט אומזיסט... ווען די מענשען ווערען בעקאנט מיט זייער פערגאנגענהייט, ווען זיי דערוויסען זיך פון אונזערע העלדישע עלטערען, וועלכע האבען איינגענומען דאס לאנד כנען. דאן ווערט יעדער פון זיי בעגייסטערט און זיי זיינען גרייט צו קומען מיט דעם ערשטען רוף צום קאמף געגען די שונאים. יעצט האב איך בעשלאסען צו בעזוכען די שבטים פון צפון... אבער דיר איז דאך בעוואוסט ווי געפעהרליך די וועגען זיינען געווארען אין דער לעצטער צייט, דעריבער האב איך בעשלאסען דארט אליין נישט צו וואנדערען. איך וואלט פון דיר פערלאנגט, אז דו זאלסט מיר בעגלייטען... וועסטו דען נישט האבען דאגעגען?

—אה, מיין הארינטע! — האבען לפידות'עס אויגען גענומען לייכטען — ווי גליקליך דיינע רייד מאכען מיך... איך בין דיין קנעכט און וואס דו וועסט וועלען איך זאל טהאן, וועל איך טהאן.

— אבער דו דארפסט ניט פערגעסען, אז איך וועל מיט דיר נישט קענען ארומוואנדערען, אלס מיין קנעכט — האט דבורה געזאגט מיט א שמייכעל.

אויב דו ווילסט מיר ארויסהעלפען אין מיין אונטערנעהמונג, דארפען מיר ביידע זיין שטארקער צוגעבונדען.

לפידות האט איהר אונגעקוקט. ער האט נישט געגלויבט זיינע אויערען...

— מיין הארינטע!

— יע, דו וועסט מיין מאן ווערען!

— האט דבורה געזאגט — איך האב אין דיר געפונען אן עהרליכען מאן, וועלכער איז מיט זיין לייב און לעבען איבערגעגעבען צו זיין גאט און פאלק.

— איך האב געפונען גנאדע אין דיינע אויגען! — האט לפידות אויסגערופען

און זיין פנים האט געפלאמט פון גליק און שמחה.

— די ערשטע שטאדט וואס מיר וועלען ביידע בעזוכען האט דבורה אויסגערופען וועט זיין קדש וואס איז אין דעם שבט נפתלי, וועו איך האב אין שילה בעגעגענט דעם שוועער פון מיין פערפאלענעם ברודער, האב איך איהם פערשפראכען איהם צו בעזוכען. און אין דער זעלבער צייט וועל איך זיך דורכריידען מיט ברק'ן זיין זוהן, וועגען דער לאגע, און זיך בעראטען ווי אזוי מיר וועלען קענען העלפען ארונטערווארפען דעם יאך פון דעם גרויזאמען סיסרא'ן.

---

אין א קורצע צייט ארום איז געפייערט געווארען די חתונה פון דבורה'ן מיט לפידות'ן. עס איז געווען אן אלגעמיינע שמחה, קליין און גרויס, יונג און אלט, האבען געיובעלט און זיך משמח געווען. פון פיעלע שטעדט, נאהענט און ווייט איז מען צונויפגעפאהרען אליין בייצוזיין די חתונה פון דער בעליעבטע דבורה וועלכע איז ביי אלעמען אנגערופען געווארען די "מוטער אין ישראל".

## זעקסטער קאפיטעל
## סיסרא און יעל

שטארק ענטוישט איז דער גענעראל סיסרא געווען, ווען ער האט אויסגעפונען אז יעל'ס מאן, חבר (חעווער) האט געשלאסען א בונד פון שלום מיט זיין קעניג, יבין.

ווען ער האט יעל'ן צום ערשטען מאל דערזעהן האט זי איהם בעצויבערט מיט איהר שעהנקייט. ער האט גלייך געזוכט צו ווערען בעפריינדעט מיט איהר... ער האט מיט איהר גענומען ריידען וועגען זיין גרויסקייט און העלדישקייט, ער האט איהר דערצעהלט וועגען זיין גרויסע השפעה וואס ער איבט אויס אויף דעם קעניג. ווי אזוי ער אונטערדריקט די אידען.

— דו און דיין מאן וועלען זיך זיכער נויטיגען אין מיין שוץ — האט ער דאן צו איהר געזאגט — ווייל אפטע מלחמות קומען פאר אין דיזען געגענד. מיינע ארמעען קומט זעהר אפט אויס דורכצוגעהן דיין לאנד... איך האף אז מיר וועלען זיין שטארק בעפריינדעט און איך וועל שוין זעהן אז קיין שלעכטס זאל צו דיר און צו דיין משפחה נישט געטהאן ווערען.

ווען יעל האט איהם געזאגט אז איהר מאן חבר, איז אוועק צום קעניג צו שליסען א פרידענס בונד, האט סיסרא איהר גלייך פאראויס געזאגט אז זיין גאנצע מיה וועט זיין אומזיסט.

— אהן מיין וויסען וועט דער קעניג מיט קיינעם קיין בונד נישט שליסען!
— האט סיסרא געזאגט — אבער דו דארפסט נישט זיין בעזארגט, איך וועל שוין זעהן אז שלום זאלען הערשען צווישען דעם קעניג און דיין משפחה... איך וועל אויך אנזאגען מיינע סאלדאטען נישט צו פעראורזאכען קיין שאדען ווען זיי וועלען דארפען דורכמארשירען דורך דיין לאנד.

— איך דאנק דיר זעהר מיין האר!
— האט יעל זיך צו איהם אפגערופען — איך וויים נישט מיט וואס איך און מיין משפחה האבען געפונען גנאדע אין דיינע אויגען.

—ווען צווישען דיין משפחה געפינט זיך אזא זעלטענע שעהנהייט ווי דו ביזט, דאן האבען זיי אלע פערדינט צו קריגען מיין שוץ — האט סיסרא צו איהר זיך אפגערופען מיט א פריינדליכע שטימע.

יעל האט זיך פערשעהמט און איהר פנים איז בעדעקט געווארען מיט רויטקייט. זי האט איהם עפעס געוואלט זאגען, אבער זי האט זיך אפגעהאלטען. זי האט גלייך צו איהם דערפיהלט א האס. עפעס איז ער איהר געווארען אפשטויסענד. זי האט זיך גענומען דערמאהנען אן דעם גענעראל פון עמלק, וועמען חבר האט געטויטעט. יע, עס איז זעהר א קליינער אונטערשיעד, זיין מגושמ'דיגער פנים און גרויזאמע אויגען זאגען עדות אז ער איז אויך פערדארבען אזוי ווי יענער. זי האט דאן געזוכט צו פערבארגען איהרע געפיהלען, ווייל זי האט

געוואוסט אז דער גורל פון איהר מאן ליגט אין זיינע הענט, זי איז דאך דאן נישט זיכער געווען אז עס וועט איהר מאן געלונגען צו מאכען שלום מיט יבין'ען, און אפילו ווען עס זאל איהם יע געלונגען, וועט סיסרא קענען איהם שאדען טאן, אויב ער זאל נאר וועלען.

יעל האט זיך דעריבער בעמיהט צו שמייכלען צו סיסרא'ן און איהם ארומציינגען פריינדשאפט. זי האט פאר איהם א מאלצייט געמאכט, און איידער ער איז אוועקגעגאנגען, האט זי איהם איינגעלאדען צו קומען איהר בעזוכען א צווייטען מאל.

—איך האף אז דאן וועסטו, מיין האר, אויך טרעפען מיין מאן, און איך בין זיכער אז דו וועסט אונז אלעמען גרויס כבוד אנטהאן ווען דו וועסט צו אונז קומען.

— איך וועל זיכער זיין ביי דיר א צווייטען מאל — האט סיסרא זיך אפגערופען מיט א שמייכעל נאך גיכער ווי דו ערווארטעסט מיר!

סיסרא האט זיין ווארט געהאלטען. עס איז אוועק א שטיקעל צייט און ער האט יעל'ס פנים נישט געקענט פערגעסען. ער האט מיט גרויס אומגעדולד געווארט אויף א געלעגענהייט זיך מיט איהר ווידער צו טרעפען אבער ער האט איהר בלויז ווידער געוואלט טרעפען אליין, אהן איהר מאן... עס ווייס אז די אנוועזענהייט פון איהר מאן וועט איהם נישט זיין איבעריגס אנגענעהם, בפרט נאך יעצט ווען א בונד פון פריעדען הערשט צווישען איהם און דעם קעניג. ער ווייס אז ווען ער וועט טרעפען חבר'ן וועט ער מוזען האבען א גוטען אויסרייד וועגען זיין פלוצלונגען בעזוך. לאנג האט ער דערפון געטראכט, ער האט זיך בעראטען מיט זיין נאהענסטען פריינד, וועמען ער האט בעשטימט אלס הויפט פון איינעם פון זיינע מחנות.

— דו ווייסט, — האט ער זיך צו איהם אפגערופען — יעל, די פרוי פון חבר דעם קיני, האט געפונען חן אין מיינע אויגען, זי איז בעצויבערנד שעהן, און זינט איך האב איהר געזעהן איז מיין שלאף גערויבט פון מיינע אויגען.

— מיין האר, סיסרא! — האט איהם זיין פריינד געענטפערט דארף דען אזא זאך דיר בעאומרוהיגען. דו קענסט קריגען יעל'ן פאר זיך... דו דארפסט נאר וועלען.

— אבער זי האט א מאן! — האט סיסרא אויסגערופען.

— קען דען איהר מאן זיך מיט דיר פערגלייכען! אה, מיין האר, קיין מאן קען נישט שטעהן צווישען דיר און דער פרוי וועמען דו ליעבסט... פאר דיין מאכט טוען גאנצע פעלקער ציטערען... וואס פאר א ווערדע קען דען האבען איין איינציגער מאן!

— איהר מאן אבער האט זיך בעווארענט! — האט סיסרא מיט פערביטערונג געזאגט — איידער איך האב בעוויזען זיך ארומצוקוקען איז ער שוין ביי דעם קעניג געווען און מיט איהם א בונד פון שלום געשלאסען, און יעצט דארף איך נאך פארזיכטיג זיין איהם קיין שלעכטס נישט טהאן.

— ווען דו מיין האר וועסט נאר וועלען, קען דעם קעניג'ס פריינדשאפט צו חבר דעם קיני, פערוואנדעלט ווערען אין פיינדשאפט.

— ווי אזוי?

— דו ווייסט דאך צוליעב וואס דער קעניג האט געשלאסען א בונד מיט חבר'ן?

— איך ווייס, ער איז צו איהם געקומען און געבראכט מתנות און איהם געזאגט אז ער וויל לעבען מיט איהם בשלום.

— געוויס האט דער קעניג איהם געשטעלט בעדינגונגען, און איך צווייפעל נישט אז איינע פון זיי זיינען געווען, דאס ער זאל קיינע עסקים נישט טהאן מיט די שונאים פון אונזער קעניג!

— נו, געוויס, דאס איז דאך זעלבסטפערשטענדליך!

— וואס וועט ער דאן טהאן ווען דער קעניג געפינט אויס, צום ביישפיעל, אז חבר האט געבראכען איינע פון די הויפט פונקטען פון זייער אפמאך?

— דאן וועט דער בונד זיכער בטל ווערען! — האט סיסרא געענטפערט— און דער קעניג וואלט נאך איהם דערפאר בעשטראפט.

— עס דארף דיר זעהר נישט שווער אנקומען צו בריינגען אזא בעשולדיגונג געגען חבר'ן — האט זיין פריינד איהם געזאגט — ער געפינט זיך נישט ווייט פון דער אידישער שטאדט קדש און עס וועט גרינג זיין צו בעשולדיגען חבר'ן אין פריינדלען זיך מיט ישראל, דעם קעניג'ס גרעסטען שונא.

— צו דעם וועל איך מוזען האבען גענוג בעווייזען — האט סיסרא געזאגט.

— איך האב אויסגעפונען אז חבר קומט אין קדש צו קויפען נויטווענדיגע זאכען.

— דאס אבער איז נאך אלץ קיין בעווייז נישט אז ער איז פריינדליך צו זיי, אין אפמאך שטעהט בפירש אז ער טאר זיי נישט בעהילפיג זיין אין פאל פון א מלחמה, אבער ער מעג דאך מיט זיי האנדלען, בפרט יעצט, ווען קיין אפיציעלע מלחמה עקזיסטירט נישט צווישען יבין און ישראל.

— דאך קענסטו זעהר שנעל געפינען א וועג ווי איהם בעשולדיגען, כדי דער בונט זאל בטל ווערען.

— דאס וועל איך טהאן ווען איך וועל שוין קיין אנדער ברירה נישט האבען — האט סיסרא אויסגערופען — אבער יעצט וואלט איך וועלען פון דיר הערען אן עצה וואס פאר אן אויסרייד איך זאל קענען אנגעבען פאר מיין צווייטען פלוצלונגען בעזוך אין דעם געגענד וואו יעל געפינט זיך, כדי איהר מאן זאל נישט האבען קיין שום פערדאכט.

— דו וועסט קענען געפינען פיעלע אויסריידען — האט ער א שמייכעל געטהאן. אבער ווען דו ווילסט אין גאנצען ארונטערנעמען דעם פערדאכט, זאלסטו איהם זאגען אז דו האסט געהערט אז ער איז זעהר א בראווער מאן און דו ווילסט איהם בעשטימען פאר א הויפט איבער א קליינע אפטיילונג.

— דאס איז שוין באלד אן איינפאל! איך וועל דיזען מאל בלויז געהן מיט דיזען אויסרייד, צו חבר'ן און ווען איך וועל געפינען אז ער איז נישטא, וועל איך דאך דאן קיין אויסרייד נישט דארפען. אז אויב איך וועל איהם טרעפען וועל איך איהם מאכען דיזען אנבאט. עס וועט זיין פאר מיר א סך בעסער ווען איך וועל איהם קענען אוועקשיקען פון זיין פרוי אויף אייניגע וואכען. איך צווייפעל נאר אויב ער וועט נאר וועלען אננעהמען מיין אנבאט.

— וועלכער מאן וועט זיך דאס ענטזאגען פון אזא כבוד — האט סיסרא'ס פריינד אויסגערופען — ער וועט דיר נאך זעהר דאנקבאר זיין דערפאר.

— אויב אזוי וועל איך נאך מארגען אפרייזען צו יעל'ן. איך פיהל אז איך מוז איהר זעהן און מיט איהר ריידען.

— זאל איך מיטרייזען מיט דיר מיין האר! — האט איהם זיין פריינד נעפרעגט.

— ניין! — האט סיסרא איהם נעענטפערט — ווען איך קום בעזוכען א שעהנע פרוי דארף איך דיר נישט האבען אלס מיין בעגלייטער... ווען איך וועל זיך נויטיגען אין נאך אן עצה וועל איך צוריק קומען.

סיסרא האט מיטגענומען עטליכע פון זיינע שטארקע סאלדאטען און אייניגע שקלאפען און האט פערבארגענערהייט אפגערייזט נאך צעננים וואו די געצעלטען פון יעל'ן און חבר'ן זיינען געווען.

זיין קארעטע האט זיך דערנעהנטערט און ווי ער איז דארטען אנגעקומען, האט ער געשיקט איינעם פון זיינע שקלאפען צו פרעגען אויב חבר געפינט זיך יעצט אין דער היים.

דער שקלאף איז אריין אין דעם הויף וואו יעל'ס געצעלט האט זיך געפונען און געפרעגט איינע פון די דינסטען אויב איהר האר געפינט זיך אין דער היים.

— מיין האר איז נישטא! — האט די דינסט געענטפערט—זאל איך פיליכט געהן זאגען מיין הארינטע ווענען דיין קומען.

— דו וועסט מיר טאָהן א גרויס געפעליגקייט! — האט זיך דער שקלאף אפּגערופען — ווייל מיין האר ווארט אין דרויסען.

די דינסט האָט גענומען געהן און זיך באלד צוריקגעקעהרט:

— דו האסט דאָך מיר נישט געזאגט דעם נאָמען פון דיין האר.

— זיין נאָמען איז סיסרא, דער גענעראל סיסרא!

די דינסט איז גלייך אריין אין יעל'ס געצעלט און איבערגעגעבען איהר האַרינטע אז א שקלאף פון דעם גענעראל סיסרא ווארט אין הויף.

— זאל ער אריינקומען! — האט יעל געענטפערט.

באלד איז דער שלאף צוגעקומען צום געצעלט און איז געבליבען שטעהן ביים אריינגאנג.

יעל איז ארויס פון איהר געצעלט און דערזעהענדיג דעם שקלאף האט זי איהם א ווײלע בעטראכט און נאכדעם זיך אבגערופען:

— קום אריין מיין האר אין געצעלט!

ענטשולדיג מיר, מיין האַרינטע! — האט דער שקלאף גענומען שטאמלען — דו מאכסט א טעות, איך בין בלויז דער שקלאף פון סיסרא!

— איך וויים! — האט איהם יעל געענטפערט — דאָך גלויב איך אז איך האב קיין טעות נישט געמאכט ווען איך האב דיר גערופען מיין האר!

דער שקלאף האט ארונטערגעלאָזען זיינע אויגען.

— זאָג מיר, ביזטו נישט יואש, דער איידעם פון אבינעם? — האט יעל איהם דורכגעדרונגען מיט איהרע בליקען.

— מיין הארינטע! — איז ער געבליבען שטעהן פערגאפט פון ערשטוינונג.

— איז דען דיין נאָמען נישט יואש?

— האט יעל ווידערהאָלט איהר פראגע.

— יע, מיין הארינטע, מיין נאָמען איז יואש און איך בין אבינעם'ס איידעם, אבער זאג דאך מיר, מיין האַרינטע, פון וואנען ווייסטו ווער איך בין און ווי אזוי האסטו מיר דערקענט?

— האט ער איהר געפרעגט מיט שרעק.

— דיין פרוי און שוואגער ברק זיינען דאָ נישט לאנג צוריק ביי מיר גֶעווען. זיי האבען מיר דערצעהלט וועגען דיין געפאנגשאפט, און לויט ווי זיי האבען אויסגעמאָלט פאר מיר ווי דו זעהסט אויס האב איך זיי געזאגט אז מיר דוכט זיך אז איך האב דיר געזעהן דעם ערשטען מאָל אלס סיסרא'ס פערזענליכער שקלאף, ווען ער איז ביי מיר געווען אויף א בעזוך, און יעצט ווען איך האב דיר צום צווייטען מאָל דערזעהן האב איך שוין מעהר נישט געצווייפעלט אז דו ביזט עס יואש.

— אָה, זאג מיר מיין הארינטע, וואס מאכט מיין פרוי און איהר משפחה?

— שלום איז צו איהר און צו איהר זוהן! — האט יעל געענטפערט.

— זוהן? — האט יואש אויסגערופען פערוואונדערט.

— אָה, איך האב פערגעסען אז דו ביזט גענומען געווארען אין געפאנגשאפט בלויז איין וואך נאָך דיין חתונה! — האט יעל געזאגט מיט א שמייכעל — אבער דיין פרוי האט דיר געבאָרען א זוהן און זיין נאָמען איז גדעון. מיין מאן האט איהם געזעהען און ער האט מיר געזאגט אז ער איז א זעלטען געראטען און שעהן קינד. ער איז שוין באלד דריי יאהר אלט.

— אָה, געלויבט איז גאָט! — האט יואש אויסגערופען — און זאל דיר דער בעשעפער פון דער וועלט דערפרעהען ווי דו האסט מיר דערפרעהט!

— איך האב זיי פערשפּראכען אז ווען מיר וועט געלינגען זיך מיט דיר נאָך אמאָל צו זעהן, וועל איך אליין קומען זיי איבערגעבען דעם גערוס פון דיר און יעצט זאג איך דיר צו אז ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועל איך אפּרייזען נאָך קדש.

— אבער זאג דאך מיר, מיין האַרינטע, ווי אזוי קומט עס אז דו ביזט אזוי בעפריינדעט געווארען מיט מיין

משפחה? — האט איהר יואש געפרעגט.

— ווען מיין מאן, חבר, איז געווען אין קדש האט דיין שוואגער ברק, וועלכער איז יעצט דער הויפט פון שטאדט, איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען. יע, זייער פריינדשאפט איז פארשטארקט געווארען און ער האט איהם און זיין שוועסטער איינגעלאדען אונז צו בעזוכען און איך מוז דיר זאגען מיין פריינד, אז דו האסט זעהר א שעהנע, איידעלע פרוי. איך האף אז ענן וועט לאנג נישט נעהמען און איהר ביידע וועט ווידער פעראייניגט ווערען...

— איך דאנק דיר מיין הארינע. איך פיהל זיך זעהר גליקליך וואס גאט האט געמאכט איך זאל צו דיר קומען. איך האף צו גאט אז עס וועט לאנג נישט נעהמען און מיינע ברידער וועלען זיך בעפרייען פון דעם יאך פון יבין, דער קעניג פון חצור.

— קיינער וועט ניט טארען וויסען אז איך און מיין מאן זיינען די פריינד פון ברק און זיין משפחה, ווייל ווי דיר איז געוויס בעוואוסט האט מיין מאן דא נישט לאנג געשלאסען א בונד פון שלום מיט דעם קעניג, אבער דו מעגסט רוהיג זיין אז די פריינדשאפט וואס מיר טראגען צו ברק'ן און צו דיין פרוי איז א סך שטארקער ווי די וואס מיר האבען צום קעניג און צו זיין גענעראל סיסרא, און איך האף אז איך וועל אמאל קענען א טובה טהאן דיין פאלק.

— מיין הארינטע! — האט יואש זיך אפגערופען עטוואס א צושראקענער — איך האב שוין דא צו לאנג פערווילט און מיין האר וועט מיר דערפאר שטארק בעשטראפען. ער בעגעהט זיך מיט אלע זיינע שקלאפען מיט גרויס אכזריות און בפרט מיט זיינע אידישע שקלאפען.

— זארג נישט, איך וועל שוין זעהן אז ער זאל דיר קיין שלעכטעס דערפאר נישט טהאן, איך וועל אויף זיך נעהמען די שולד!

— זאל מיר מיין הארינטע ערלויבען איהר צו ווארנען — האט יואש זיך אפגערופען מיט א נידעריגע שטימע—מיין האר סיסרא טראגט זיך ארום מיט זעהר נישט קיין ריינע געדאנקען וועגען דיר, איך האב איהם שוין איינינע מאל געהערט ריידענדיג מיט זיינע פריינד וועגען דיר און דו דארפסט זעהר פארזיכטיג זיין, און ווי איך פערשטעה איז דאס וואס ער איז געקומען פרעגען וועגען דיין מאן איז עס בלויז אן אויסרייד!

— איך האב פאר איהם קיין מורא נישט! — האט יעל געענטפערט—ווען איך האב איהם צום ערשטען מאל דערזעהען האב איך איהם גלייך דערקענט און איך ווייס ווי צו האנדלען מיט אזעלכע ווי ער איז... אויב ער וועט זיך שפילען מיט פייער וועט ער פארברענט ווערען! געה ארויס און זאג איהם אז מיין מאן איז יעצט אין דער היים ניטא, אבער אזוי ווי ער איז שוין געקומען וואלט ער מיר פיליכט דעם כבוד אנגעטהאן און אריין אין מיין געצעלט, צו דערקוויקען זיין הארץ.

— איך וועל אויך ארויסגעהן און שטעהן נעבען טויער פון הויף און ווען איך וועל דערזעהן אז ער וויל דיך בעשטראפען וועל איך אויף זיך נעהמען די שולד.

יואש האט שנעל פערלאזען יעל'ס געצעלט און איז צוגעקומען צו סיסרא'ן וועלכער איז שוין פון גרויס אומגעדולד ארונטערגעגאנגען פון זיין קארעטע.

— אה, דו אומווירדיגער אידישער שקלאף — איז סיסרא צו איהם א שפרונג געטהאן און איהם ארונטערגעלאזען א פאטש — ווי אזוי וואגסטו מיר צו לאזען אזוי לאנג ווארטען.

יואש האט עפעס יעוואלט זאגען אבער סיסרא האט אויפגעהויבען נאך אמאל זיין האנט, אבער איידער ער האט בעוויזען זי ארונטערצולאזען אויף יואש'ס פנים, האט זיך צו זיינע אויערן דערטראגען יעל'ס שטימע.

— אה, מיין גנעדיגער האר, ווילקאמען איז דיין קומען צו מיר.

סיסרא האט זיך עטוואס פערלארען. ער האט אומגעדרעהט זיין קאפ און ווי ער האט דערזעהען יעל'ן שטעהענדיג נעבען טויער, האט ער זיך פאר איהר פארניינט.

— איך האב דיזען פערפלוכטען אידישען קנעכט געשיקט אויסגעפינען אויב דיין מאן געפינט זיך אין דער היים איז ער אוועקגעגאנגען און פערפאלען געווארען. ער האט זיך געווים פערדעדט מיט די דינסטען פון מיין הארינטע.

— אה, ניין, מיין האר! — האט זיך יעל אפגערופען — עס איז נישט געוועזען דער שולד פון דיין שקלאף, איך בין שולדיג אין דעם וואס ער האט זיך פערשפעטיגט. ווען מיין דינסט האט מיר איבערגעגעבען וועגען דעם בעזוך פון דיין שקלאף האב איך איהר אנגעזאגט זי זאל איהם הייסען ווארטען אין מיין הויף, און עס האט מיר גענומען א שטיקעל צייט איידער איך בין ארויסגעקומען, און יעצט איז ער אומזיסט בעשטראפט געווארען.

— אויב ער האט דאס דיזען מאל נישט פארדינט, האט ער דאס זיכער פארדינט פאר א צווייטע זינד. א אידישער שקלאף מוז שטענדיג בעשטראפט ווערען אז נישט ווייס ער נישט זיין פלאץ.

— דערפאר אויב ער וועט א צווייטען מאל פערזינדיגען וועסטו איהם ארונטעררעכענען די שטראף פון דיזען מאל! — האט יעל געזאגט מיט א שמייכעל. — וועסטו, מיין האר, אריינקומען אין מיין געצעלט, דו ביזט זיכער הונגעריג און דורשטיג, דו וועסט זיך אויסרוהען, דערקוויקען דיין הארץ און דערנאך וועסטו מיר זאגען ווען איך האב צו פערדאנקען פאר דעם גרויסען כבוד וואס דו טוסט מיר אן, מיט דיין יעצטיגען בעזוך.

— איך בין זיך געקומען דורכריידען מיט דיין מאן וועגען א וויכטיגען עניין — האט סיסרא זיך צו איהר אפגערופען.

— איז עס וועגען דעם שלום בונד וואס מיין מאן האט געשלאסען מיט דעם האר קעניג? — הא ' יעל געפרעגט.

— ניין, דאס האט דאמיט גאר נישט וואס צו טהאן — האט סיסרא געענטפערט — אבער אויב ער איז יעצט נישטא וועל איך דיר נישט בעלעסטיגען.

— איך פערזיכער מיין האר אז דיין בעזוך איז פאר מיר קיין בעלעסטיגונג. עס איז פאר מיר א גרויסער כבוד און פערגניגען, וועסטו דען נישט אריינקומען אויף א ווײלע?

— איך דאנק דיר, מיין הארינטע!

— האט זיך סיסרא א נייג געטהאן — איך אנערקען דיין גאסט־פריינדשאפט. איך בין ווירקליך דורשטיג און עטוואס הונגעריג, אבער דאך וואלט איך נישט געוואלט דיר צו פאלען צופיעל צו לאסט.

— איך דאנק דיר, מיין האר! — דו האסט זיך מטריח געוועזען אזא לאנגע וועג צו קומען זיך זעהן מיט מיין מאן, איז דאס דען נישט קיין סימן אז דו ביזט גאנץ פריינדליך צו איהם?

— יא, איך האב ווירקליך אין זינען געהאט איהם א טובה צו טהאן — האט סיסרא געזאגט — ווייל איך האב געהערט, אז ער איז א בראווער מאן, וועט וועט ער דען זיך נאך היינט אומקעהרען אהייב?

— געווים! — האט יעל געענטפערט — ער פיטערט די שאף נישט ווייט פון דאנען און איך ערווארט ער זאל זיך אומקעהרען נאך איידער די זון פארגעהט.

— איך ווייס נישט אויב איך וועל קענען ווארטען אזוי לאנג, אבער דאך וועל איך צו דיר אריינקומען.

יעל איז געגאנגען אפריהער, נאך איהר איז סיסרא געגאנגען מיט לאנגזאמע טריט.

זיי זיינען אריינגעקומען אין געצעלט און יעל'ס דיענסטען זיינען גלייך צוגעקומען.

— גרייט צו א גרויסארטיגען מאלצייט פאר דיזען וויכטיגען גאסט! —

האָט יעל זיך אָפּגערופען צו זיי און דערוויל ברענגט אריין וויין, וויל מיין האָר איז זעהר דורשטיג.

די דינסטען האָבען זיך פאַרנייגט און ארויס. אין אַ ווײַלע אַרום איז איין דיענסט אריינגעקומען מיט וויין און צוויי בעכער.

יעל האָט אָנגעפילט אַ בעכער און זי האָט איהם דערלאַנגט.

— און דו, יעל? — האָט איהר סיסרא געפרעגט.

— איך טרינק נישט קיין וויין! — האָט איהם יעל געענטפערט — אָבער לכבוד אזא טייערען גאַסט וועל איך אויך טרינקען.

סיסרא האָט אויפגעהויבען זיין בעכער און אויסגערופען:

— איך טרינק פאַר דער געזונדהייט פון דער שעהנסטער פרוי פון גאַנץ כנען.

— און איך טרינק פאַר דעם שטאַרקסטען און בראַווסטען גענעראַל פון אַלע גענעראַלען! — האָט יעל צוגעטראָגען דעם וויין צו איהרע ליפּען. זי האָט אַביסעל פאַרזוכט און ווען זי האָט געזעהן אַז סיסרא באַמערקט נישט, האָט זי דאָס איבעריגע אויסגעגאָסען.

יעל האָט אָנגעפילט פאַר סיסרא'ן נאָך אַ בעכער וויין, און ער האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטען און איהם אויסגעליידיגט.

ווען ער האָט זיך גוט דערוואַרימט מיט דער וויין, האָט סיסרא אָנגעפאַנגען צו ריידען. ער האָט זיך גענומען באַריהמען פאַר איהר מיט זיינע גבורות, ווי אַזוי ער האָט פאַרניכטעט אַרמעען פון דעם שונא.

— די גרעסטע שונאים וואָס מיר האָבען זיינען די שבטים פון ישראל! — האָט סיסרא געזאָגט — און עס איז געווען אַ צייט, ווען מיין פאָלק, די צידונים, זיינען געווען שוואַך און אונטערגעוואָרפען דעם יאָך פון די אידען. יאָ. דאָס איז געווען אין דער צייט פון זייער העלד יהושע. ער האָט דאַן איינגענומען גאַנץ כנען און איז אויך געקומען צו אונז. ער האָט איינגענומען אונזער לאַנד און פאַרברענט אונזער הויפּט־שטאָדט, חצור. זיין גליק איז דאַן געווען וואָס מיין פאָלק האָט נישט פאַרמאָגט אַזאַ העלד ווי איך. יאָ, ווען איך וואָלט דאַן עקזיסטערט, וואָלט איך איהם פאַריאָגט נאָך איידער ער וואָלט צוגעקומען צו אונזער הויפּטשטאָדט.

— און ווען איז די הויפּטשטאָדט חצור צוריק אויפגעבויט געוואָרען? — האָט איהם יעל געפרעגט.

— דאָס איז אויך געטהאָן געוואָרען פאַר מיין צייט — האָט סיסרא געענטפערט — די כנענים האָבען די שטאָדט צוריקגעבויט, אָבער זיי זיינען אימער געווען אין שרעק פאַר ישראל. ביז וואַנען מיין קעניג יבין האָט מיר פאַר זיין הויפּט־גענעראַל באַשטימט און זינט דאַן איז אונזער פאָלק דאָס מעכטיגסטע פון אַלע פעלקער אין כנען. איך האָב איינגענומען פיעלע שטעדט וואָס האָבען פריהער באַלאַנגט צו די שבטים פון ישראל, און איך האָב זיך אין זיי באַפעסטיגט און יעצט זיינען אַלע אַרומיגע שבטים פון ישראל אונטערדריקט, זיי דאַרפען מיין קעניג צאָהלען גרויסע צינזען און זיי זיינען צופרידען וואָס איך לאָז זיי צורוה.

מיט עטליכע יאָהר צוריק האָבען זיי געמאַכט אַ פאַרזוך אָנצופאַנגען אַ מלחמה מיט מיר, אָבער זיי האָבען געכאַפּט אַזאַ מפּלה, אַז זיי וועלען שוין מעהר קיינמאָל נישט חלומ'ען צו טהאָן אַזאַ זאַך. ווי נאָר איך בין אָנגעקומען אויפ'ן שלאַכטפעלד. זיינען זיי זיך צולאַפען ווי צושראָקענע האָזען. פיעלע פון זיי זיינען געטויטעט געוואָרען, אַ סך האָב איך גענומען געפאַנגען און זיי געמאַכט פאַר שקלאַפען. איינציגע שקלאַפען האָב איך גענומען פאַר זיך, און דער שקלאַף וועמען איך האָב פריהער צו דיר געשיקט, איז אויך איינער פון די אידען... איך האָב אויסגעקליבען איינציגע פון די אידישע שקלאַפען פאַר זיך, וויל איך האָב אויסגעפונען אַז זיי זיינען זעהר קלוג, זיי ווייסען אַלעס און

קענען דערצעהלען זעהר שעהנע מעשיות אבער איך וואלט זיי ניט געטרויען צו געהן אליין, און דעריבער האָב איך די ערשטע צייטען זיי געהאלטען צוגעקייטעלט איינער צום צווייטען מיט קייטען, ביז וואנען איך האָב זיך איבערצייגט אז זיי וועלען פון מיר נישט אנטלויפען.

— און ווייסטו פון וואנען דער שקלאַף שטאַמט? — האָט איהם יעל ווייטער געפרעגט.

— וועלכער שקלאַף?

— אָט דער וועמען דו האָסט צו מיר פריהער געשיקט.

— איך ווייס נישט גענוי פון וועלכען שבט ער איז, אָבער איינער פון די אנדערע שקלאַפען האָט מיר דערצעהלט אז ער האָט זעהר א שעהנע פרוי... און וויפיעל איך האָב איהם געפרעגט וואו זיין פרוי געפינט זיך, האָט ער מיר ניט געגעבען קיין גענויען ענטפער. ער האָט מיר געזאָגט, אז ער האָט איהר איבערגעלאָזען אין דעם שבט אפרים, אָבער ווי איך האָב אויסגעפונען פון דעם צווייטען שקלאַף דאַרף זי זיך געפינען נישט ווייט פון דאנען. איך האָב איהם געזאָגט, אויב ער וויל זיך מיט איהר זעהן קען ער איהר שיקען א בריעף דורך מיינעם א שליח און זי וועט קומען, אָבער ער איז צו־קלוג, ער ווייס אז איך האָב ליעב שעהנע פרויען...

— האָסטו דען נישט קיין אייגענע פרוי? — האָט יעל זיך צו איהם אָנגערופען מיט א שמייכעל.

— איך האָב איינינע פרויען און קעבס־ווייבער, אָבער זיי זיינען אַלע צידוניות און דו מעגסט עס וויסען, מיין הארינטע, אז צווישען די צידונישע פרויען קען מען זעלטען געפינען א שעהנע פרוי. דארום בין איך געצוואונגען צו זוכען שעהנהייטען צווישען די די טעכטער פון אנדערע פעלקער.

סיסרא האָט אויסגעטרונקען נאָך עטליכע בעכער ווין. די דיענסטען האָבען אריינגעבראַכט דעם מאַלצייט, און יעל האָט איהם דערלאַנגט צו עסען.

— איך וועל שיקען איינעם פון מיינע קנעכט אָנצוזאָגען מיין מאַן, אז דער גענעראל סיסרא איז געקומען צו אונז אויף א באזוך און אז דו ווילסט זיך מיט איהם דורכריידען וועגען זעהר א וויכטיגען ענין — האָט יעל א זאָג געטהאָן.

— הם... עס איז נישט נויטיג! — האט סיסרא געזאגט מיט א פולען מויל שפייז — איך מיין, צוליב וואָס זאָלסטו דיין מאַן שטערען פון זיין ארבייט, אויב איך וועל זיך נישט קענען דערווארטען אויף איהם, וועל איך א צווייטען מאָל קומען אויף א בעזוך.

— ער וועט אויף מיר שטארק פארייבעל האבען אויב איך וועל איהם נישט שיקען רופען און זאגען אז דער גענעראל סיסרא איז ספּעציעל געקומען צו איהם.

— איך בין זיך מודה, אז איך בין אויך געקומען דיך זעהן! — האט סיסרא געזאגט לאכענדיג — איך האב זעהר ליעב צו קוקען אויף שעהנע פרויען!

— איך בין זיכער, אז מיין מאן וועט האבען גרויס פערגעניגען צו פערברענגען מיט דעם הויפּט גענעראל פון דעם קעניג יבין — האט יעל זיך געמאכט ניט הערענדיג זיין לעצטע בעמערקונג.

יעל האט געשיקט נאך איינעם פון איהרע קנעכט און איהם געהייסען געהן אין פעלד רופען איהר מאן.

דער קנעכט האט זיך פערנייגט און איז גלייך אוועק.

— ווילסטו פילייכט טרינקען נאָך וויין? — האט זי איהם געפרעגט און אָנגעפיהלט זיין בעכער.

סיסרא האט זיך שטארק נישט געלאזט בעטען. ער האט אויסגעטרונקען נאָך עטליכע בעכער און ער איז שוין געווארען עטוואס שכּור'לעך. ער האט זיך גענומען דערנעהענטערען צו יעל'ן. ער האט איהר געשלונגען מיט זיינע בליקען. יעל האט זיך אויפגעהויבען פון איהר פּלאַץ און זיך אָפּגערופען צו סיסרא'ן:

— ווי איך זעה איז מיין האר טיעד

און שלעפעריג, דו קענסט זיך אויסרוהען, די בעט איז געמאכט, און ווען מיין מאן וועט זיך אומקעהרען וועסטו שוין זיין אויסגערוהט.

— איך דאנק דיר, מיין הארינטע,— איך וועל טהאן ווי דו זאגסט, איך בין ווירקליך שלעפעריג—האט ער א גענעץ פעטהאן.

יעל האט איהם אנגעוויזען א צימער און סיסרא איז דארט אריין. אין א וויילע ארום האט זיך דערטראגען זיין שטארקעס כראפען צו יעל׳ס אויערען. יעל איז ארוים פון איהר געצעלט. זי האט צוגערופען איהר דינסט, און זיך צו איהם אפגערופען:

— געה צו צו דעם פלאץ, וואו סיסראס קארעטע שטעהט, דארטען וועסטו דערזעהן דעם שקלאף וועלכער איז פריהער אהער אריינגעקומען, זאג איהם, אז זיין האר וויל איהם זעהן און זאל אהער צוקומען.

יואש א דערשראקענער איז גלייך אריין אין הויף אבער יעל איז איהם ענטקעגען געקומען און איהם בערוהיגט.

— דיין האר שלאפט און דאס האב איך נאר דיר געשיקט... סיסרא וועט זיכער נאך לאנג שלאפען און דערווייל וועלען מיר קענען ריידען אונגעשטערט.

— מיין הארינטע ! — האט יואש אויסגערופען—דו האסט מיר מיט דיין ענטדעקונג אריינגעגעבען א שטראהל ליכטיגקייט. יעצט האב איך ווידער לוסט צום לעבען און מיין האפענונג איז אין מיר נאך שטארקער געווארען, אז איך וועל נאך ווען עס איז בעפרייט ווערען, און זיך זעהן מיט מיין פרוי און זוהן.

— איך האב פריהער געטראכט וועגען דעם, אז איך זאל איינלאדען סיסרא׳ן צו קומען אונז בעזוכען אויף א בעשטימטען טאג און אין דערזעלבער צייט זעהן, אז דיין פרוי און זוהן זאלען קומען צו מיר אלס מיינע געסט. און ווען סיסרא וועט זיך גוט אנשיכור׳ן און ער וועט פאלען שלאפען, וועל איך זיך בע־

נוצען מיט דער געלעגענהייט און אייך ביידען צוזאמענברענגען.

— אה, דאס וואלט געווען פאר מיר דאס גרעסטע גליק אין מיין לעבען !— האט יואש זיך אפגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען—צו האבען א געלעגענהייט זיך צו זעהן אין גיכען מיט מיין פרוי און קינד ? צו הערען די זיסע שטימען פון די וועלכע זיינען מיר אזוי נאהענט. און פיעלייכט וואלט איך זיך אויך דורך זיי דערוואוסט וואס מאכט מיין ליעבע, טייערע שוועסטער דבורה.

— דבורה !—האט יעל אויסגערופען—איך האב געהערט ריידענדיג וועגען איהר. יע, יעצט דערמאהן איך זיך. חבר האט מיר געזאגט, אז דיין שוועער האט דערצעהלט דאס ער האט דבורה׳ן בעגעגענט אין שלה און אז זי האט פערשפראכען צו קומען אויף א בעזוך אין קדש... און לעצטענס ווען איך האב זיך מיט דיין פרוי געזעהן האט זי מיר געזאגט, אז דבורה׳ס נאמען דערגרייכט פון איין ברעג לאנד ביז דעם צווייטען... דאס פאלק רופט דבורה די נביאה און אלע קומען צו איהר, זוכען גערעכטיגקייט. זי איז אויך א פאלקס־ריכטערין.

יואש האט ברייט זיינע אויגען געעפענט. ער איז געווען אזוי ערשטוינט דאס צו הערען, אז אויף א וויילע האט ער נישט געקענט ריידען.

— דבורה ! מיין געטרייע שוועסטער. זי איז געבליבען עלענד, איך האב זיך דערוואוסט נאך זייענדיג אין קדש מיט ברק׳ן, אז מיר האבען אונזערע עלטערן פערלארען... איך האב אלץ געהאפט, אז זי וועט קומען נאך קדש, וואו זי וועט זיך בעזעצען, כדי מיר זאלען זיין נאהענט איינע צום צווייטען. איך האב אייניגע מאל געמאכט פערזוכען צו שיקען בריעף דורך שלוחים, אבער אהן ערפאלג. זינט איך בין אוועק מיט ברק׳ן צו זאמלען אן ארמעע געגען סיסרא׳ן, האב איך פון איהר נישט געהערט. און יעצט דערוויס איך זיך, אז זי איז געווארען איינע פון די וויכטיגסטע פרויען אין לאנד.

מיין שוועסטער איז א נביאה און א ריכטערין איבער'ן פאלק. אה, גאט, ווי טייער, טאפעלט טייער, וואלט יעצט פאר מיר געווען מיין פרייהייט. דאס לעבען איז דאך אזוי רייך און זיס. אבער איך בין געבונדען, איך בין א שקלאף צו דעם גרויסען אכזר און רשע מיט יעדען טאג ווערט זיין רשעות גרעסער. ער פייניגט מיר אהן אויפהער... און ווען נישט מיין האפענונג וואס עס האט זיך יעצט דורך דיר פערשטארקט, וואלט איך דאס געוויס לאנג נישט געקענט אריבערטראגען. און יעצט ווען דו האסט מיר געזאגט וועגען דיין פלאן צו געבען מיר א מעגליכקייט זיך צו זעהן מיט מיין פרוי און זוהן, איז מיין גליק נאך גרעסער געווארען.

— אבער וועגען דעם האב איך זיך געוואלט מיט דיר בעראטהען, — האט יעל אויסגערופען—דורך מיין געשפרעך מיט סיסרא'ן האט ער אין א האלב שיכור'ן צושטאנד גערעדט וועגען דיין פרוי... ער האט מיר דערצעהלט, אז איינער פון די שקלאפען האט איהם געזאגט, אז דו האסט זעהר א שעהנע פרוי, און ער איז זעהר נייגיעריג אויסצוגעפינען וואו זי געפינט זיך.... ווי אזוי קומט עס, אז איינער פון זיינע שקלאפען זאל וויסען וועגען דיין פרוי.

— ביי מיין שווער אין הויז איז געווען א קנעכט, וועלכער שטאמט פון די גבעונים... און ער האט מיר פערראטען.

— ווער זיינען דאס די גבעונים ?— האט איהם יעל געפרעגט.

— זיי זיינען פון אימער צו געווען גרויסע שווינדלער, נאך אין דער צייט ווען אונזער מעכטיגער העלד יהושע האט איינגענומען כנען. און זיי די גבעונים האבען זיך דערוואוסט, אז יהושע מאכט נישט קיין שלום מיט די איינוואהנער פון כנען, האבען זיי געשיקט שלוחים צו איהם, וועלכע זיינען געקומען צו יהושע'ן פערשטעלטערהייד, מיט צופוילטע צעריסענע קליידער, מיט איינגעדארטע פערשימעלט ברויט און האבען זיך פאר איהם פארגעשטעלט, אז זיי זיינען פארשטעהער פון א פאלק, וואס וואהנט זעהר ווייט פון כנען, און זיי זיינען געקומען צו שליסען שלום מיט ישראל. זיי האבען איהם געצייגט זייער שפייז, זייערע צוריסענע און צופוילטע קליידער און געזאגט, אז עס האט זיי גענומען זעהר לאנג צו וואנדערען פון זייער לאנד ביז דאנען און כאטש זיי האבען מיטגענומען פרישע שפייז און גאנץ נייע קליידער איז די שפייז פערשימעלט און די קליידער צוריסען געווארען פון אזוי פיעל געהן. יהושע און די עלטסטע האבען זיי געגליובט און געמאכט שלום מיט זיי. אבער אין דריי טעג ארום האט יהושע אויסגעפונען אז זיי האבען איהם אפגענארט, אבער עס איז שוין געווען צו שפעט זיי עפעס צו טהאן, ווייל ער האט צוגעשווארען נישט צו פערניכטען זיי. אבער ער האט זיי אלעמען געמאכט פאר קנעכט, זיי זאלען זיין האלץ העקער און וואסער פיהרער פאר גאנץ ישראל. זינט דאן געפינען זיי זיך צווישען אלע שבטים. און זיי זיינען בעוואוסט ביי אלעמען אלס פאלשע... און ביי יעדער געלעגענהייט, ווען זיי קענען אונז פערראטהען, טהוען זיי דאס !

— און ווי אזוי קומט עס, אז דו זאלסט אנפערטרויען יענעם שקלאף, אז דו האסט געהייראט מיט זיין האר'ס טאכטער ?—האט איהם יעל געפרעג.

— ער איז גענומען געווארען אין געפאנגשאפט א סך פריהער, נאך איידער איך בין אנגעקומען אין קדש, און ווען איך האב איהם א פאר מאל געהערט ריידען וועגען אבינעם'ן, און זיין משפחה, בין איך זעהר נייגיעריג געווארען. און ווען ער האט מיר דערצעהלט, אז ער איז דארטען געווען א קנעכט און אז אבינעם האט געהאט זעהר א שעהנע טאכטער, האב איך זיך פערגעסען און ארויסגערעדט, אז זי איז דאס מיין פרוי! איך האב זיך באלד אבער ארומגעזעהען, אז איך האב זיך בענארישט, אז איך האב דאס פאר איהם נישט גע־

דארפט זאגען, אבער עס איז שוין געווען פערפאלען... די איינציגע זאך וואס איך האב איהם געזאגט, אז מיין פרוי איז פערבליבען צוזאמען מיט מיין שוועסטער. אין דעם שבט אפרים, אין דער צייט וואס איך בין גענומען געווארען געפאנגען. איך האב איהם אויך אנגעבעטען ער זאל א ווארט ווענען דעם פאר קיינעם נישט ארויסרעדען, ער האט מיר פערשפראכען, אבער ער האט זיין ווארט נישט געהאלטען. ביי דער ערשטער געלעגענהייט, האט ער דערצעהלט סיסרא'ן און יענער האט מיר שוין פיעלע יסורים אנגעטהאן, איך זאל איהם אויסזאגען, וואו מיין פרוי געפינט זיך, און ער וועט אריבערשיקען דורך א שליח א בריעף פון מיר זי זאל קומען מיך זעהן.

— און ער האט קיין אהנונג נישט, אז זי געפינט זיך אין קדש נישט ווייט פון דאנען?—האט איהם יעל געפרעגט.

— מיינע רייד זיינען אזוי געווען איבערצייגענד, אז ער איז נאך יעצט זיכער, אז זי מוז זיך געפינען ערגעץ אין דעם בארג אפרים. ער האט מיר בלויז געשטראשעט, אז עס וועט לאנג נישט דויערען און ער וועט מיט א גרויסע ארמעע אריינדרינגען טיעפער אין ארץ ישראל און דאן וועט ער שוין אויפזוכען מיין פרוי, אבער איך האף צו גאט, אז דאס וועט איהם קיינמאל נישט געלינגען. ווען אונזערע איבעריגע שבטים וועלען זעהן ווי גרויס די געפאהר איז וועלען זיי זיך פעראייניגען און קעמפפען געגען אלגעמיינעם שונא, ווי אונזערע עלטערען האבען דאס געטהאן. אונזער שוואכקייט בעשטעהט אין דעם, וואס איין שבט העלפט נישט דעם צווייטען אין צייט פון נויט.

— ווי איך פערשטעה ארבייט דיין שוועסטער דבורה זעהר שווער צו פעראייניגען אלע שבטים — האט יעל געזאגט.—איך האב אזוי פיעל געהערט וועגען דיין וואונדערבארער שוועסטער, אז איך בין זעהר נייגיעריג זיך מיט איהר צו טרעפען. איך האב אנגעבעטען דיין פרוי, אז ווען דבורה, די נביאה וועט קומען אויף א בעזוך אין קדש, זאל זי מיר שיקען אנזאגען און איך וועל גלייך קומען זיך זעהען מיט איהר... איך האף, אז איך וועל איהר קענען ברענגען עטוואס נוצען... איך זעה אליין וואס פאר א גרויסער רשע אט דער סיסרא איז און אויב זיין מאכט וועט זיך נאך פערגרעסערען, וועט ער זיך נעהמען מיט דער גרעסטער גרויזאמקייט צו פערניכטען די איבעריגע פעלקער וועלכע געפינען זיך נישט ווייט פון דאנען... איך זעה, אז איך וועל קענען בעהילפיג זיין דיינע ברידער און מאכען א סוף צו זיין הערשאפט... און אפשר וועט נאך מעגליך זיין פאר ישראל צו האבען אן ענדגילטיגען זיעג איבער זיינע ארמעען.

— מיט גאטעס הילף, לאמיר האפען, אבער איך האב זעהר שוואכע האפענונגען, אז מיר וועלען איהם איינגאנצען קענען בעזיעגען... ווייל דו דארפסט נישט פערגעסען, אז יבין דער קעניג פון חצור בעזיצט ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען...

— אבער אויב סיסרא איז זיין הויפט גענעראל, וועט אלעם מעגליך זיין!—האט יעל געזאגט.

— איך פערשטעה דיר נישט, מיין הארינטע!—האט איהר יואש אנגעקוקט מיט ערשטוינונג—איז דען נישט סיסרא דער מעכטיגסטער גענעראל? האט ער דען נישט איינגענומען פיעלע פעלקער?

— אבער ווי שטארק און מעכטיג ער איז אין כח, אזוי שוואך און הילפלאז איז ער אין גייסט... עס וועט לאנג נישט נעהמען און ער וועט אלעם פערלירען דורך א פרוי... עס איז גאנץ לייכט איהם איינצושכור'ן, אז ער זאל נישט וויסען וואס מיט איהם קומט פאר... און ווען איך זאל נאר קענען דערגעהן דעם פלאץ, וואו זיינע הויפט ארמעען געפינען זיך, דאן וועט לאנג נישט נעהמען און ישראל וועט האבען א זיעג איבער איהם!

— **אה, מיין הארינטע, דו ביזט אזוי**

גוט און גנעדיג צו מיין פאלק. איך ווייס נישט מיט וואס מיר האבען דאס ביי דיר אזוי פארדינט.

— איך האב זיך א היבשע צייט געפונען צווישען דיינע ברידער, איך האב געזעהן זייער ארט לעבען... זיי האבען אויף מיר געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק... זיי האבען מיר און מיין מאן, גאנץ פרעמדע, אזוי מקרב געווען, און א חוץ דעם האב איך דען מיט מיינע אויגען נישט געזעהן די אכזריות פון סיסרא'ן? ווייס איך דען נישט אז אויב איהם זאל אזוי געלונגען צו פערניכטען פיעלע פעלדער, וועט ער קיינעם נישט שאנעווען. איך ווייס אויך דעם צוועק פון זיין יעצטיגען בעזוך, כאטש ער איז געקומען מיט אן אויסרייד. אבער איך האב פאר איהם קיין מורא נישט. איך האב אויסגעפונען זיינע שוואכקייטען און ער וועט זיין אין מיינע הענט...

— געליבט איז גאט! — האט יואש אויסגערופען — וואס מיט איין האנט שטראפט ער אונז און מיט דער צווייטער העלפט ער אונז; איך בין זיכער אז דו וועסט האבען די מעגליכקייט אונז צו בעהילפיג זיין. א, ווען איך וואלט יעצט געקענט פריי זיין. איך מיט ברק'ן וואלטען צוזאמענגעקליבען א גרויסע ארמעע און געגאנגען מלחמה האלטען מיט סיסרא'ן.

— עס וועט זיין א סך בעסער דערוויל פאר דיין פאלק ווען דו וועסט אין דער צייט פון א מלחמה זיין מיט סיסרא'ן. ער וועט געוויס זוכען זיך אפצושטעלען אין מיין וואהנונג מיט דיר. דאן וועל איך פון דיר קענען אויסגעפונען דעם גענויען פלאץ וואו זיינע הויפט מחנות געפינען זיך און איך וועל גלייך לאזען וויסען דיינע ברידער! — האט יעל געזאגט.

— ווען איך זאל זיך נאר קענען זעהן מיט פרוי און קינד און מיט מיין שוועסטער און זיי פערזיכערען אז פריעדען איז ביי מיר, וואלט איך געקענט אריבערטראגען נאך פיעלע יאהרען פון ליידען! — האט יואש אויסגערופען.

— וועגען דעם האב איך נאר וואס געטראכט — האט יעל געזאגט — ווען איך האב פון סיסרא'ן אויסגעפונען ווי נייגעריג ער איז אריינצוקריגען דיין פרוי, האב איך בעשלאסען אז עס וועט זיין זעהר א געפעהרליכער שריט, צו האבען דא דיין פרוי אין דער צייט ווען סיסרא וועט נאך אמאל קומען מיר בעזוכען. ווי פארזיכטיג מיר זאלען נישט זיין האב איך מורא אז ער וועט אויסגעפינען, ווייל א שעהנע פרוי קען ער אפילו דערזעהן אין דער פינסטער. יע, עס וועט זיין ראטהזאם דערווייל אויפצוגעבען דעם פלאן אייך ביידען צוזאמענצובריינגען.

יואש איז געבליבען שטעהן אן ענטוישטער... ער האט אזוי געווארט און געהאפט אויף דיזער געלעגענהייט, און יעצט וועט דאס אונמעגליך זיין...

— איך ווייס יואש, ווי שטארק ענטוישט דו ביזט, איך פיהל מיט מיט דיר, אבער דו אליין וואלסט נישט געוואלט איינשטעלען דיין פרוי און קינד אין אזא סכנה.

— געוויס נישט, מיין הארינטע! — האט יואש אומעטיג געזאגט — איך וועל שוין זעהן טראכטען פון א צווייטען פלאן! — האט יעל איהם געטרייסט — דערוויל וועל איך זעהן אז סיסרא זאל קומען צו מיר אפטער... פיליכט וועט מיר שפעטער געלונגען עפעס אויפצוטאן פאר דיר.

— איך בין שוין צו לאנג דא פארבליבען. איך האב מורא אז סיסרא וועט זיך דערוויסען פון דעם און ער וועט מיר שרעקליך בעשטראפען.

— ווי אזוי קען ער זיך דערוויסען? ווען ער שלאפט גאר יעצט גאנץ געשמאק.

—אה, מיין הארינטע, די אנדערע שקלאפען וועלען אויף מיר מסר'ן. ער האט אנגעזאגט אז מיר זאלען זיך היטען איינער דעם צווייטען, און ווען א שקלאף פער'מסר'ט אויף א צווייטען, ווערט ער פון סיסרא'ן בעלוינט דערפאר, דעריבער זוכען די איבעריגע שקלאפען אויס אפילו חטאים וואס זיינען גאר־

נישט בעגאנגען געוואָרען כדי צו געפינען חן אין זיינע אויגען. און אויף מיר איז סיסרא גאַנץ אָפט אין כעס וואָס איך דערצעהל איהם גאָרנישט וועגען די חטאים פון די אנדערע שקלאַפען.

— די בלייב דאָ נאָך א ווייל און איך וועל זאָגען אז אזוי ווי זייער האר שלאָפט, האָב איך דיך איבערגעלאָזען נעבען זיין צימער. אין פאל ער וועט עפּעס פערלאַנגען ווען ער כאפט זיך אויף פון זיין שלאָף.

יואש איז פערבליבען און יעל איז ארויס אין דרויסען וואו סיסרא'ס קאַרעטע און די פערד זיינען געשטאַנען. זי האָט דערקלערט פאר די קנעכט פאר וואָס זי האָט פערהאַלטען דעם שקלאף, און כדי ארונטערצונעמען יעדען פערדאכט, האָט זי זיך געווענדעט צו א צווייטען שקלאף, אז ער זאָל געהן מיט איהר און אומבייטען דעם ערשטען קנעכט.

---

יעל איז געשטאַנען אין דרויסען און געוואַרט אויף דעם צוריקקעהר פון איהר מאַן. ווען זי האָט איהם פון ווייטען דערזעהן מיט די שאָף, איז זי איהם אנטקעגען געקומען.

— סיסרא איז געקומען א צווייטען מאָל צו אונז אויף א בעזוך! — האָט יעל זיך אָפּגערופען צו איהר מאַן — ער האָט מיר געזאָגט אז דער צוועק פון דיזען בעזוך איז זיך דורכצוריידען מיט דיר, און כאָטש איך ווייס אז עס איז בלויז אן אויסרייד, דאָך וועט נישט שאַדען.

— און וואָס טוט ער די גאַנצע צייט פון זיין וואַרטען.

— איך האָב געוואוסט אז עס וועט גלייכער זיין ווען ער וועט כאַפּען א דרעמעל ביז וואַנען דו וועסט קומען — האָט יעל געזאָגט מיט א שמייכעל — האָב איך איהם אָנגעטרונקען מיט וויין, און געהייסען איהם דערלאַנגען א גוטען מאַלצייט און יעצט איז ער נאָך אַלץ פערזונקען אין טיפען שלאָף.

— מיין האַרץ שרעקט מיר! — האָט

חבר ארומגענומען זיין פרוי און איהר א קוש געטהאָן — אז פון זיינע צו אָפטע בעזוכען, זאָל קיין שלעכטס נישט געשעהן.

— דו דאַרפסט וועגען דעם נישט זאָרגען! — האָט יעל צו איהם זיך אָפּגערופען — אויב ער טראָגט זיך ארום מיט אומריינע געדאַנקען וועגען מיר, וועט ער האָבען דעם זעלבען פּסק וואָס דער גענעראַל פון עמלק האָט געהאַט... און ווייסטו מיט וועמען איך האָב נאָר וואָס געהאַט א לאַנגען געשפּרעך?

— מיט וועמען?

— מיט יואש'ן, ברק'ס שוואָגער! — אָה, וואָס ער ליידט זיך פון דעם גרויזאַמען סיסרא'ן — ווען איך האָב איהם דערצעהלט וועגען זיין משפּחה, וועגען זיין פרוי און קינד איז ער געוועזן אויסער זיך פון גליק און פרייד...

— אָה, דער אָרימער יואש! — האָט חבר אויסגערופען. איך קען זיך פאָרשטעלען וויפיעל ליידען ער מאַכט דורך צו זיין אָפּגעטיילט פון זיינע בעליעבטע און נאָהענטע, און נישט צו האָבען קיין האָפנונג ווידער אַמאָל זיך מיט זיי צו פעראייניגען.

— זיין איינציגע האָפנונג איז, ווען ישראל זאָל ארויסגעהן אויף מלחמה מיט סיסרא'ן, און איהם בעזיגען — האָט יעל געזאָגט — און איך זאָג דיר, חבר, אז ווען די מאַכט פון סיסרא'ן וועט פאַלען וועט עס זיין א גליק פאר אַלעמען, אויך פאר אונז... ווייל שטעל זיך פאָר, ווען ער זאָל נאָך ווערען מעהר בעריהמט און שטאַרק, וויפיעל שלעכטעס און גרויזאַמקייטען ער וועט בעגעהן.

— אָבער נישט אזוי גרינג וועט אָנקומען איהם צו בעזיגען! — האָט חבר אויסגערופען — ווען פעלקער דערהערען פון די ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען ציטערען זיי.

— אָבער ווי איך האָב אויסגעפונען, איז סיסרא שוין גאָר קיין העלד נישט. איהם קען מען שנעל פערדרעהען דעם קאָפּ. ווען ער וועט זיין אפילו אין ברען

פון א מלחמה, קען א שעהנע פרוי טהאן מיט איהם וואס זי וויל, און ווען ער דערזעהט וויין, קען ער זיך נישט בעהערשען. ווי אזוי קען אזא מאן זיין זיעגרייך?

— אבער דו זעהסט דאך, יעל, וואס פאר א מאכט ער בעזיצט. דער קעניג האט דאך איהם געמאכט פאר דעם הויפט גענעראל פון אלע ארמעען.

— דער קעניג מוז זיין אזא שכור ווי ער איז!

— מען קען דאך אבער נישט אוועקמאכען מיט'ן האנט די אלע נצחונות וואס ער האט געוואונען די לעצטע יאהרען.

— פון דעם וואס ער האט בעזיגט די פיעלע קליינע פעלקער איז נאך קיין ראיה נישט אז ער איז אזוי שטארק. און דאס וואס ער האט בעזיגט ישראל, ווייסטו דאך ווייל זיי זיינען נישט געווען פעראייניגט צווישען זיך... און איך פערזיכער דיר אז ווען די שבטים פון ישראל זאלען זיך פעראייניגען, וועט סיסרא מיט זיינע ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען בעזיעגט ווערען.

— ווי מען האט מיר איבערגעגעבען איז דבורה גאנץ ערפאלגרייך אין פעראייניגען די שבטים... אלע הערען זיך צו צו איהר שטימע. איך האב זיך אויך דערוואוסט אז דבורה קלייבט זיך צו קומען צו די נארדליכע שבטים, און געווים וועט זי אויך בעזוכען קדש.

— פון וואנען ווייסטו עס? — איז יעל נייגעריג געווארען.

—איך האב אויפ'ן וועג בעגעגענט א אידישען פאסטוך, וועלכער ווייס אז איך בין ברק'ס א גוטער פריינד און ער האט מיר געזאגט אז דבורה קלייבט זיך צו קומען אהער, און אז אין פיעלע שטעדט און שטעדטלעך, גרייט מען זיך צו איהר מקבל פנים צו זיין!

ווען יעל און חבר זיינען צוגעקומען צו זייער וואהנונג האט נאך תיסרא אלץ געשלאפען. די זון האט שוין געהאלטען ביים פערגעהן. עס האט אנגעהויבען טונקעל צו ווערען, און סיסרא איז געלעגען און געכראפעט.

ערשט אויף מארגען אין דער פריה, ווען יעל און חבר האבען זיך געגרייט צו עסען פריהשטיק, האט זיך דערטראגען צו זייערע אויערען א שטארקער געניץ.

— ער איז שוין אויפגעשטאנען! — האט יעל געזאגט — איך וועל אהינשיקען איינעם פון זיינע שקלאפען איהם איינצולאדען צום פריהשטיק.

אין א ווייל ארום איז שוין סיסרא געזעסען מיט יעל'ן און חבר'ן ביים טיש און געגעסען.

— איך האב דיר נאך קיינמאל נישט געזעהן אבער איך האב פון דיר געהערט אז דו ביזט זעהר א בראוור יונג! — האט סיסרא זיך צו איהם אפגערופען נאכדעם ווי ער האט אנגענומען א פולען מויל מיט שפייז און דאס בין איך געקומען צו דיר מיט א פארשלאג.

— איך וועל זיין צופרידען צו דינען מיין האר מיט וואס נאר איך וועל קענען — האט חבר זיך אפגערופען — ווייל, האב איך דען נישט געשלאסען א בונד פון שלום מיט דיין קעניג?

— יע, איך ווייס! — האט סיסרא מיט א ברוגז'ן טאן געזאגט. דו וואלסט א סך מעהר געוואונען ווען דו וואלסט רעקאמענדירט געווארען דורך מיר צום קעניג. דו דארפסט נישט פערגעסען אז דער קעניג טוט קיין זאך נישט אהן מיין וויסען, אבער איך קען דיר פערגעבען ווייל ווי איך פערשטעה האסטו וועגען דעם קיין אהנונג נישט געהאט.

— איך בין דאן געווען א פרעמדער אין לאנד און איך האב נישט געוואוסט וועגען דעם. יעצט בין איך גליקליך צו וויסען אז דער גרעסטער מאן פון דעם קעניג יבין'ס מלוכה קומט מיר בעזוכען.

— ווען איך האב דורך א צופאל פערבייגערייזט דיין וואהנונג, האט מיר דיין גנעדיגע שעהנע פרוי געגעבען א גאסטפריינדליכע אויפנאמע, און דעריבער האב איך בעשלאסען צו טהאן דיר א טובה. און איך בין דיזען מאל געקומען דיר אנזאגען אז איך האב בדעה דיר צו בעשטימען פאר א הויפט איבער א

קליינע אפטיילונג פון מיינע ארמעען. איך ווייס אז דו וועסט ארויסציינגען גרויס העלדישקייט אין קאמפף מיט אונזערע שונאים, די אידען, און דאן וואלט איך דיר דערהויבען צו א העכערען אמט.

— אבער מיין האר! — האט חבר זיך אפגערופען — איך בין קיינמאל נישט געווען א מאן פון מלחמה. מיין גאנצען לעבען בין איך געווען א פאסטוך, און מיט קייגעם נישט פערפיהרט קיין קריעג.

— אבער איך האב געהערט אז דו ביזט א העלדישער מאן! — האט סיסרא איהם א חנפה געטהאן — איך ווייס אז דו ביזט צו בעשיידען. איך האב געהערט אז דו פלעגסט זיין א גוטער בויגען שיסער. דו פלעגסט טרעפען אין ציעל...

— מיין האר, פון וואנען האסטו דאס געהערט? — האט חבר אויסגערופען עטוואס צוטומעלט.

— מיר האט מען איבערגעגעבען אז דו האסט מיט איין פייל געטויטעט א גענעראל פון די עמלקים! — האט סיסרא געזאגט — און אויב דו האסט עס געקענט טהאן צו איינעם פון די עמלקים וועסטו עס זיכער קענען טהאן צו די אידען!

— אה, ניין, מיין האר ווען איך האב געצילעוועט און געשאסען יענעם גענעראל, האב איך דאס נישט געטהאן אלס זיין שונא, נאר ווייל איך האב געוואלט ראטעווען אן אומשולדיגע פרוי, וועלכע איז פון איהם געיאגט געווארען, און וועלכער האט איהר געוואלט שלעכטס טהאן.

— און ווער איז דאס געווען יענע פרוי. איז זי געווען כדאי אז דו זאלסט פאר איהר איינשטעלען דיין לעבען אין געפאהר... איז זי אמווייניגסטען געווען שעהן? איך בין זיך מודה אז נאר פאר א שעהנע פרוי וואלט איך מיין לעבען אין געפאהר געשטעלט.

— זי איז יעצט מיין יעצטיגע פרוי!

— האט חבר געזאגט רויט ווערענדיג.

—אה, יעצט פערשטעה איך שוין! פאר דיין פרוי האסטו געמעגט איינשטעלען אפילו צוויי לעבענס. גלויב מיר אז איך האב נאך אזא שעהנע פרוי אין מיין לעבען נישט געזעהן.

— ווען איך האב דאס געטאן, האב איך נישט געטראכט וועגען איהר שעהנקייט אדער וועגען דער מעגליכקייט אז זי זאל ווערען מיין פרוי! — האט חבר געזאגט.

— פונדעסטוועגען דארפסטו נישט פערגעסען אז דו האסט צוליב איהר געטויטעט א גענעראל!—האט סיסרא געזאגט — און כאטש די עמלקים זיינען גאנץ ווייט פון דאנען, און די שבטים פון ישראל זיינען צווישען די עמלקים און דיר, פונדעסטוועגען וועסטו זיך נויטיגען אין מיין הילף, און איך וויל דיר יעצט געבען א גוטע געלעגענהייט צו לערנען ווי אנצוגעהן אין א קאמפף.

— איך ווייס נישט מיט וואס איך האב געפונען גנאדע אין דיינע אויגען! האט חבר זיך צו איהם אפגערופען — אבער איך דאנק דיר זעהר פאר'ן כבוד וואס דו ווילסט מיר פערשאפען, נאר איך ווייס נישט אויב איך וועל זיך קענען בענוצען דאמיט. איך וואלט זעהר נישט געוואלט שעדיגען דעם נאמען פון דיינע העלדישע סאלדאטען.

— איך וועל דאך דיר נישט צווינגען צו ווערען א הויפט איבער אן ארמעע, אבער פונדעסטוועגען, אויב דו וועסט זיך נויטיגען אין הילף, קענסטו קומען צו מיר — האט סיסרא איהם געזאגט — און אויב די אידען וועלען דיר בעלעסטיגען דאן וועל איך פון זיי קיין געדעכנים נישט איבערלאזען.

סיסרא האט זיך געזעגענט מיט יעל'ן און חבר'ן און ער האט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין לאנד.

— איך פערשטעה וואס פאר א כונה ער האט געהאט מיט זיין קומען! — האט חבר זיך אפגערופען צו זיין פרוי— מיר וועלען דארפען זיין זעהר פארזיכטיג.

— דו קענסט זיך אויף מיר פערלאזען! — האט יעל צו איהם געזאגט— ער וועט זיין ציעל נישט דערגרייכען.

— מיר וואונדערט זיך אָבער פון וואנען ער האָט אויסגעפונען, אז איך האָב געטויטעט דעם גענעראַל פון עמלק! — האָט חבר געזאָגט.

— דאָס גלויב איך האָט איהם אימיצער פון דיין שבט דערצעהלט, ווי איך האָב נאָך דאן בעמערקט בעת מיר האָבען זיך אָפּגעטיילט פון דעם קיני שבט, זיינען פיעלע אויף דיר אין כעס געוואָרען, און דאָס האָט מען געוואָלט אונז פעראורזאכען צרות.

— איין זאך בין איך זיכער, אז די עמלקים וועלען אהער נישט דערגרייכען. די שנאה צווישען ישראל און עמלק איז זעהר גרויס, און קיינע פון די אידישע שבטים וועלען ערלויבען די עמלקים דורכצוקרייצען ארץ ישראל פון דרום ביז צפון.

— פאר דעם האָב איך אויך קיין מורא נישט! — האָט יעל געזאָגט — וואָס איך שרעק זיך נאָר, איז, אז סיסרא זאָל דיר קיין שלעכטעס נישט טאָן — וויל דאָס וואָס ער האָט דיר פאָרגעשלאָגען צו ווערען איינער פון זיינע הויפּטען, איז דאך געווען מיט דער כונה, דיר אוועקצונעהמען פון דערהיים.

— דו האָסט דאָך נאָר וואָס מיר פארזיכערט אז ער וועט זיין ציעל נישט דערגרייכען — האָט חבר זיך צו איהר געווענדעט — טאָ פארוואָס זאָלסטו זיין בעזאָרגט וועגען מיר.

— איך וועל שוין וויסען ווי זיך אויסצוהיטען פון איהם! אָבער ווער ווייס אויב ער טראכט נישט דיר שלעכטעס צו טאָן!

— מיר וועט ער שוין קיין שלעכטעס נישט טאָן! — האָט חבר איהר בערוהיגט — האָב איך דען נישט געשלאָסען א בונד פון פריעדען מיט זיין קעניג, און ער וועט דאָך נישט געהן געגען יבין'ען.

— איך וועל דיר זאָגען פארוואָס איך בין יעצט באזאָרגט מעהר ווי פריהער, וויל ווי איך זעה האָבען מיר גענוג שונאים וועלכע זוכען אונז צו שעדיגען, און אזוי ווי מען האָט סיסרא'ן איבערגעגעבען וואָס עס האָט פּאסירט מיט יאהרען צוריק, וועלען דיזעלבע שונאים פיליכט זיך דערוויסען וועגען אונזער פריינדשאפט צו די אידען און איהם דאָס איבערגעבען...

— קיינער וועט נישט קענען אָנווייזען אז איך בין ווירקליך א גוטער פריינד פון די אידען — האָט חבר זיך אָפּגערופען — דאָס וואָס איך קום אָפּט קויפען שפּייז און אנדערע זאכען אין קדש, איז עס וויל קדש איז די נאָהענטסטע שטאָדט פון אונזער געגענד.

— איך האָב די משפחה פון ברק'ן איינגעלאדען צו אונז, וואָס וועל איך טאָן, ווען סיסרא דערוויסט זיך פון דעם.

— וועלען מיר איהם זאָגען, אז מיר קענען זיי נישט און זיי האָבען זיך דאָ אָפּגעשטעלט דורך א צופאל, און אזוי ווי מיר זיינען גאסטפריינדליך צו יעדען איינעם, האָבען מיר זיי אויך פיין אויפגענומען, דאך גלויב איך קוים אז ער וועט זיך דערפון דערוויסען.

— פונדעסטוועגען מיין מאן, זאָלסטו זיך נישט דערווייטערען מיט דיינע שאָף, וויל אויב דו וועסט זיך אמאָל פארשפּעטיגען וועל איך קענען שנעל אויסגעפינען די אורזאכע...

## זיבעטער קאפּיטעל

## דער פסל פון מיכה

נאָך דעם ווי מיכה האָט זיך געהאט מודה געווען פאר דבורה'ן און פאר די אויגען פון אלע אנוועזענדע, אז ער האָט דאָס גע'גנב'עט די עלף הונדערט זילבער פון זיין מוטער און דאָס האָט ער א בלבול געמאכט אויף לפּידות'ן כדי פון איהם זאָל דער חשד ארונטער, זיינען געווען פיעלע מיט דער מיינונג, אז מיכה דאַרף בעקומען א שטראָף: ערשטענס, פאר די גנבה, און צווייטענס, פאר דעם בלבול וואָס ער האָט געמאכט אויף אן אומשולדיגען מאן.

זיינען עטליכע פון די עלטסטע אוועק

צו דער אלמנה אין הויז און זיך צו איהר אפגערופען:

— גיב אונז ארויס דיין זוהן און מיר וועלען איהם ארייןשפארען אין תפיסה פאר דער גנבה, וואס ער האט פון דיר גע'גנב'עט.

— מיין זוהן איז אן עהרליכער מאן!

— האט זיך די אלמנה אויף זיי צושריען — דאס געלט האט דאך אלץ איינס בעלאנגט צו איהם, האט ער געהאט א רעכט דאס צו נעהמען.

— ווי דו האסט פאר אונז דערצעהלט האסטו געהאט אין זינען אפצוגעבען דאס געלט פאר'ן משכן, קומט דאך אויס אז מיכה האט בערויבט דעם משכן!

— אמת, איך האב געהאט אין זינען אפצוגעבען די געלט פאר גאט, אבער ווען מיין זוהן האט דאס געלט גענומען, האט ער דאס נישט גענומען פאר זיך. ער האט אויך געהאט אין זינען גאט. ער האט געוואלט פערוואנדלען אונזער הויז אין א פלאץ וואו מען וועט קענען קומען דינען גאט, און איך האב איהם דאס גאנצע געלט אוועקגעשאנקען, און יעצט אויב איהר ווילט, קענט איהר זעהן מיט אייערע אויגען וואס ער האט געטאן מיט דעם זילבער.

די אלמנה האט די זקנים אריינגעפיהרט אין א גרויסע הויז און אנצייגענדיג אויף א זילבערנעם אפגאט, האט זי געזאגט:

— צוויי הונדערט שקלים איז בענוצט געווארען פון דעם גאלדשמיעד אויסצוגיסען דיזען גאט, און די איבעריגע ניין הונדערט זילבער שקלים האב איך איהם איבערגעגעבען צו מאכען א גרויסען פסל, אן אפוד, וואס דער כהן וועלכער וועט בעדינען די אפגעטער וועט טראגען און צו פארשעהנערען דאס הויז, כדי צוצוציהען די מתפללים אהער. די זקנים זיינען געבליבען שטעהן ערשטוינט.

—אבער וויסטו דען נישט, אז דבורה, די נביאה, און לפידות בעמיהען זיך מיט אלע מעגליכקייטען אויסצוראטען געצענדינעריי פון ישראל, און יעצט קומסטו און זוכסט עס נאך מעהר צו פערשפרייטען.

— נישט נאר וועט דער פסל און תרפים ברייגגען גליק אין מיין הויז, אבער ער וועט ברייגגען הצלחה אין אונזער גאנצער שטאדט, און יעדער וועלכער וועט קומען דא מתפלל זיין וועט געהאלפען ווערען.

רייךענדיג מיט די זקנים, האט די אלמנה דערזעהן דורכ'ן פענסטער איהר זוהן שטעהענדיג אין הויף מיט איהר אייניקעל.

זי האט איהם אריינגערופען אינווייניג און זי האט איהם געבעטען ער זאל ערקלעהרען פאר די זקנים ווי אזוי ער וועט איינפיהרען גאטעסדינסט אין דיזען הויז.

מיכה האט זיי גענומען ערקלעהרען אלע זיינע פלענער — דערווייל, אייךער איך וועל קריגען א לוי האב איך בעשטימט מיין זוהן אלס כהן פאר די געטער — האט ער פערענדיגט — איך האב איהם געצייגט, ווי אזוי ער זאל זיי בעדינען, און ווען אימיצער וועט קומען מיט א קרבן וועט ער פאר דעם פסל מקריב זיין.

— דאס איז דאך געצענדינעריי! — האט איינער פון די זקנים זיך אפגערופען.

—דאס האב איך מיין זוהן אנגעשטעלט פאר א כהן דערווייל, אבער ווי נאר איך וועל קריגען אימיצען פון דעם שבט לוי, וועט ער פארנעהמען מיין זוהנ'ס פלאץ.

— דו האסט קיין רעכט נישט צו פערוואנדלען דיין הויז אין אזא פלאץ וואו פסלים און תרפים וועלען זיין די געטער, דו וועסט אראפפיהרען פיעלע מענשען פון דעם גוטען וועג. זיי וועלען מיינען, אז זיי קענען קומען דא מתפלל זיין.

— האט דען לפידות אליין נישט געוואלט איך זאל איהם ערלויבען זיך צו בענוצען מיט מיין הויז צו דינען גאט? — האט מיכה זיי געפרעגט.

— לפידות האט געוואלט לערנען די

תורה מיט די אידען, און דיין הויז איז גרויס גענוג אז מען זאל קענען דארטען פערזאמלען א גרויסע צאהל מענשען. אבער צו מאכען א פסל און מסכה איז א גרויס זינד געגען גאט, און ווען דבורה די נביאה זאל זיך דערוויסען פון דעם, וועט זי געווים ניט וועלען ליידען!

— ווער איז זי דאס אט די דבורה! האט די אלמנה אויסגעשריען — ווער האט עס איהר געמאכט פאר א הערשערין איבער אונז. זאל נאר אימיצער פון אייך פרובירען שטערען מיין זוהן אין זיין היילינער ארבייט, וועט ער שלעכט אפשניידען!

די זקנים זיינען אוועק פון איהר און האבען איבערגעגעבען דבורה'ן וועגען מיכה'ס פסל.

— ער מוז דערפאר באשטראפט ווערען! — האט איינער פון די זקנים אויסגערופען.

— נישט דורך צוואנג און דורך שטראף וועלען מיר קענען אויסראמען געצענדינערייי פון צווישען ישראל — האט דבורה געזאגט — ער איז נישט דער איינציגער. אין יעדען שבט געפינען זיך פיעלע אידען, וועלכע דיענען צו דיזעלבע געטער ווי זייערע שכנים, די פרעמדע פעלקער. דאס פאלק איז אומוויסענד, און פאר זיי איז שווער צו פערשטעהן די עקזיסטירונג פון א גאט וועמען מען קען מיט דעם אויג נישט זעהן, נור דורך לערנען מיט דעם פאלק אונזער היילינע תורה, וועט מען זיי קענען אויסבילדען אז זיי זאלען אונטערשיידען צווישען גאט, דעם בעשעפער פון דער וועלט און צווישען די אפגעטער וואס זיינען געמאכט פון זילבער, גאלד, פון שטיין און פון האלץ. אבער ווען איך זאל זוכען זיי צו צווינגען, וועט דאס קיין נוצען נישט ברייגען. עס וועט בלויז אומזיסטע בלוט פערגאסען ווערען, און דורך דעם וועט זיך נאך די געצענדינערייי פערשטארקען אין ישראל.

— אבער דערווייל פיהרט ער דאך אראפ פיעלע פון ישראל פון ריכטיגען וועג. זיי קומען צו איהם מתפלל זיין.

— דאן דארפען מיר אויך זעהן צוציהען דעם פאלק ער זאל קומען לערנען די תורה, און דאס וועט איהם אוועקנעהמען פון מיכה'ן. איך גלויב אז א סך איז שוין אויפגעטאן געווארען צווישען די שבטים אויף דעם געביעט. איך געדענק, מיט יאהרען צוריק איז שווער געווען צו געפינען א הויז וואו עס זאל קיין אפגאט נישט זיין, יעצט געפינען זיך גאנץ ווינציג געצענדינער, און איך האף צו גאט, אז עס וועט שוין לאנג נישט נעהמען און די געצען וועלען אינגאנצען אויפהערען צו עקזיסטירען צווישען ישראל.

---

מיכה האט גענומען א כהן א לוי וואס זאל זיך וויסען צו בעגעהן מיט די געטער, כדי ער זאל דורך איהם קענען צוציהען פיעלע מתפללים.

ער פלעגט גאנץ אפט ארויסגעהן הינטער'ן שטאדט און זיך אפשטעלען אין די קרעטשמעס אויספרעגענדיג יעדען פרעמדען דורכוואנדערער פון וועלכען שבט ער שטאמט.

איינמאל, ווען מיכה איז אזוי געגאנגען, ווי זיין שטייגער, הינטער'ן שטאדט האט ער פון וויטען דערזעהן א יונגען מאן געהענדיג זעהר לאנגזאם מיט א פעקעל אויף זיינע פלייצעס.

— ווער ביזטו, און פון וואנען קומסטו?! — האט איהם מיכה געפרעגט ווען ער האט זיך צו איהם דערנעהנטערט.

דער פרעמדער האט זיך אפגעשטעלט, ער האט ארונטערגעלאזען דעם פעקעל אויף דער ערד, ער האט אפגעווישט זיין שוויים און געענטפערט:

— איך קום פון בית לחם וואס איז אין דעם שבט יהודה.

— פון דעם שבט יהודה? — האט מיכה געזאגט און זיך א קרים געטאן.

— האט דען דער שבט יהודה דיר שלעכטעס געטאן? — האט דער פרעמ־

דער געפרעגט מיכה'ן ווען ער האָט בעמערקט זיין פּנים.

— ניין, איך האָב צו דעם שבט יהודה גאָר נישט, אָבער דו ביזט נישט דער מאַן אין וועמען איך נויטיג זיך יעצט.

— אין וואָס פאַר א מאַן נויטיגסטו זיך? — האָט דער פרעמדער געפרעגט
— איך קען טאָן פערשידענע ארבייט. איך וועל זיין צופרידען צו ארבייטען פאַר א קליין געהאלט.

— איך זוך א מאַן וואָס זאָל שטאַמען פון שבט לוי! — האָט מיכה געזאָגט.

— איך בין א לוי! — האָט ער אויסגערופען.

— דו ווילסט מיר אָפּנארען! — האָט מיכה איהם גענומען בעטראַכטען — אויב דו ביזט א לוי טאָ ווי אזוי קונסטו צום שבט יהודה.

— איך בין פיעל יאָהרען אָפּגעוועזען אין שלה אין משכן און בעדינט גאָט. איך האָב געהאָלפען מקריב זיין די קרבנות און געטאָן פערשידענע אנדערע ארבייט פון משכן. אָבער די לעצטע יאָהרען האָבען די אידען אויפגעהערט צו בעזוכען שלה. קיין קרבנות האָט מען דאַרטען נישט געבראַכט. אונז, די לויים, איז אויסגעקומען צו הונגערן, האָבען פיעלע פון אונז פערלאָזען שלה און געגאַנגען זוכען פרנסה אנדערשוואו. בין איך אוועק אין בית לחם. איך בין דאָרט אָפּגעוועזען עטליכע יאָהר, די צייט איז דאָרט אויך יעצט נישט איבעריג גוט. איך האָב דאַרטען נישט געהאט וואָס צו טאָן, האָב איך בעשלאָסען אויסצווואַנדערען פון בית לחם און זיך בעזעצען וואו נאָר עס וועט זיך מאַכען. און אזוי ווי איך האָב געהערט אז דבורה די נביאה געפינט זיך אין דיזער שטאָדט, האָב איך בעשלאָסען זיך פריהער צו ווענדען צו איהר פאַר הילף.

— און פון וואַנען וויים איך אז דאָס וואָס דו זאָגסט אז דו ביזט א לוי איז ריכטיג? — האָט מיכה איהם נאָך אלץ נישט געגלויבט.

מיין נאָמען איז יהונתן, דער זוהן פון גרשם, און איך שטאַם פון דער משפּחה פון משה'ן וועלכער האָט געפיהרט ישראל פערציג יאָהר אין דער מדבר. מיין פאָטער איז אן אייניקעל פון משה'ס זוהן גרשם, וועמענס נאָמען ער טראָגט.

— ווען איך וואָלט נאָר וויסען אז דו זאָגסט דעם אמת! — האָט מיכה א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— אז איך בין א לוי און אז איך בין געוועזען אין דעם משכן פון שלה, דאָס קענסטו אויסגעפינען פון דבורה'ן די נביאה. איך בין געוועזען דער יעניגער וועלכער האָט בעגעגענט דבורה'ן צום ערשטען מאָל אין משכן, ווען זי האָט געבראַכט די קנויטען פאַר דער מנורה. איך האָב דאַן אָנגעצונדען די מנורה און איך בין געגאַנגען אָנזאָגען דעם כהן גדול וועגען דבורה'ן... יע, זי וועט מיר נאָך געווים געדענקען און דאָס געה איך יעצט צו איהר, זי זאָל זעהן, פאַר מיר קריגען עפּעס א בעשעפטיגונג, איך זאָל נישט דאַרפען ליידען קיין הונגער.

— איך גלויב דיר! — האָט מיכה אויסגערופען — יעצט זעה איך אז דו האָסט מיר קיין ליגען נישט געזאָגט, איך געדענק אויך ווען דבורה איז אוועק נאָך שלה. אָבער זאָג מיר, וואָס האָט דאַן פּאַסירט אין משכן וועמען האָט זי דאָרטען בעגעגענט?

יהונתן האָט א ווײַלע א טראַכט געטאָן און זיך באַלד אָפּגערופען:

— איך געדענק, דאָרטען האָט זי דאַן געטראָפען א מאַן פון קדש נפתלי, און זיין נאָמען איז געווען אבינועם. איך געדענק, אז מיר אלע לויים האָבען דערפון לאַנג גערעדט, ווייל זי האָט גלייך אויסגעפונען אז איהר ברודער יואש, איז דער איידעם פון דיזען אבינועם. מיר האָבען זיך דאַן אויך דערוואוסט, אז דבורה'ס ברודער איז גע־

פאנגען געוואָרען ביי סיסרא'ן דעם גענעראל פון דער קעניג פון חצור.

— יעצט איז שוין ביי מיר קיין צווייפעל נישט, אז אלעם וואָס דו זאָגסט איז ריכטיג, ווייל איך האָב דאָס זעלבע דאן געהערט פון דבורה'ס מויל. זי האָט פאר אלעמען פון אונזער שטאָט דאָס דערצעהלט. איך זעה, אז מיינע תרפים האָבען מיין וועג בעגליקט. קום מיט מיר, איך וועל דיר אָנשטעלען אלס כהן און אלס פאָטער איבער דעם פסל און תרפים, און איך וועל דיר געבען דיין שפייז און קליידער, און דערצו נאָך וועסטו קריגען ביי מיר צעהן שקלים א יאָהר פאר דיין ארבייט.

יהונתן איז א ווילע געבליבען שטעהען א צוטומעלטער. ער האָט זיך קיינמאָל גאָר נישט געקענט פאָרשטעלען אזא גליק... ער וועט האָבען א הויז וואו צו שלאָפען, שפייז און קליידער און דערצו נאָך א בעלוינונג פון צעהן שקלים.

— איך וועל געהן מיט דיר, אָבער פריהער וואָלט איך זיך געוואָלט זעהן מיט דבורה'ן, און זעהן וואָס זי וועט מיר ראטען צו טאָן.

— ניין, געה נישט צו דבורה'ן! — האָט מיכה איהם אָפגערעדט — דו קום פריהער מיט מיר, איך פערזיכער דיר, אז אויב איך וועל זיין צופרידען פון דיין ארבייט, וועל איך דיין בעלאָהנונג מאכען נאָך גרעסער.

יהונתן האָט אויפגעהויבען דעם שווערען פעקעל און ארויפטוענדיג איהם אויף זיינע פלייצעס, איז ער געגאנגען מיט מיכה'ן.

— וואָס טראָגסטו דאָ אין דיזען פעקעל? — האָט מיכה איהם געפרעגט, ווען ער האָט געזעהן ווי שווער דאָס איז פאר איהם.

— דאָס טראָג איך שפייז — איך האָב צוזאמענגעקליבען די פרוכט וואָס זיינען געווען אויף די זייטען פון וועג, כדי זיך צו ערנעהרען.

— דו קענסט עס דאָ איבערלאָזען! — האָט מיכה איהם געזאָגט — ביי מיר וועט דיר שוין קיין שפייז נישט פעהלען.

יהונתן האָט א שליידער געטהאָן דעם שווערען פעקעל און איז צוזאמען מיט מיכה'ן אוועק צו זיין וואהנונג.

— די תרפים האָבען מיר געבענשט! — האָט זיך מיכה אָפגערופען צו זיין מוטער ווען ער איז אריין אין הויז — איך האָב בעגליקט מיין וועג און געטראָפען א לוי וועלכער האָט געדינט אין דעם משכן פון שלה און דערצו שטאמט ער נאָך פון משה'ן, וועלכער האָט בעפרייט ישראל פון מצרים.

— געבענשט זיי צו גאָט, מיין זוהן! — האָט זי אויסגערופען — איך זעה אז פון יעצט אָן וועסטו בעגליקען וואוהין דו וועסט זיך נאָר קעהרען.

— יעצט קום אריין אין הויז, וואו דער פסל און די תרפים שטעהן, איך וועל דיר צייגען וואָס דו דארפסט טהאָן, ווי אזוי דו וועסט זיי בעדינען. איך האָב אויך פאר דיר אן איפוד, און אנדערע פריעסטליכע קליידער און ווען איממיצער וועט קומען צו דיר פרעגען אן עצה זאָלסטו וויסען ווי צו ענטפערען, און ווען מען וועט ביי דיר פרעגען וועגען זאכען וואָס דארפען ערשט געשעהן שפעטער, זאָלסטו פריהער אָנפרעגען ביי די תרפים און נאכהער זאָלסטו געבען דיין תשובה.

— ווי אזוי וועל איך קענען פאָראויסזאָגען וואָס וועט געשעהן? — האָט יהונתן געפרעגט מיכה'ן.

— דו ביזט דאָך א לוי. און דו דארפסט וויסען ווי זיך צו בעגעהן מיט די מענשען, וועלכע קומען בעטען אז גאָט זאָל זיי מצליח זיין.

— יע, איך ווייס, אז איך וועל זיי דארפען געבען די ברכה אין נאָמען פון די תרפים — אָבער ווען מען וועט מיר פרעגען צו געהן רעכטס אדער לינקס, וואָס יועל איך דאן טהאָן?

— דאן דארפסטו זיין קלוג גענוג צו געבען א צוויידייטיגען ענטפער, אזוי, אז ווי עס זאָל זיך אויסלאָזען זאָלסטו

זיי קענען איבערציינגען, אז דאס האסטו געמיינט!

— יעצט פערשטעה איך! — האט דער לוי געזאגט מיט א שמייכעל.

— נו, נעהמסטו זיך אונטער צו טהאן אלעס וואס איך פערלאנג פון דיר? — האט מיכה איהם געפרעגט.

יהונתן האט א ווײלע א טראכט געטהאן. ער האט בעמערקט די שעהנע קליידער וואס ער וועט דארפען טראגען אלס כהן פון די תרפים. ער האט געזעהן די געראמע צימערען וואו ער וועט קענען רוהיג שלאפען. הונגעריג און דורשטיג איז ער געוועזן, האט ער זיך אפגערופען:

— גוט, איך נעמם אן!

זינט דאן איז יהונתן געווארען דער כהן איבער מיכה'ס אפגעטער.

מיכה און זיין זוהן פלעגען זיך שטעלען אין וועג און דערצעהלען די דורכגעהער וועגען די גרויסע וואונדער פון זיינע תרפים. דורך זיי קען מיין כהן דערצעהלען וואס וועט פאסירען אין דער צוקונפט, ער קען ראטהען וואס צו טהאן און וואס נישט. און מיט דער הילף פון די תרפים קען ער יעדען איינעם בענשען און די ברכות ווערען מקויים.

אזוי האט מיכה צוגעצויגען פיעלע אידען וועלכע פלעגען קומען צו איהם אין הויז מתפלל צו זיין, בריינגען קרבנות. זיי פלעגען איבערלאזען געלד און זילבער פאר א ברכה וואס יהונתן דער לוי פלעגט זיי געבען.

איינמאל, ווען מיכה איז געשטאנען אין וועג און געווארט אויף דורכגעהער וועלכע זאלען איינוויליגען צו קומען צו איהם מתפלל צו זיין צו די תרפים, האט ער בעגעגנט, פינף יונגע מענשען.

— וואוהין געהט איהר? — האט זיי מיכה געפרעגט.

— און אז מיר וועלען דיר זאגען וואוהין, וועסטו דען אונז קענען מיט עטוואס בעהילפיג זיין?

— געווים! אין מיין הויז געפינען זיך תרפים און א פסל און יעדער איינער וואס האט א געוויסען פערלאנג, ווערט עס ערפילט, אויב ער קומט אהין און איז צו זיי מתפלל.

די פינף פרעמדע האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און נאכהער האט זיך איינער פון זיי אפגערופען:

— מיר נויטיגען זיך זעהר שטארק אין עצות און אין ברכות. לאמיר אריינגעהן, וועלען מיר ביי דיר אויך קענען איבערנעכטיגען די נאכט? — האט ער זיך געווענדעט צו מיכה'ן.

— איהר וועט אין מיין הויז אויך קענען איבערנעכטיגען! אלעס וואס איהר דארפט טהאן, איז איבערלאזען א מתנה פאר די געטער. און איהר וועט בעגליקען וואוהין איהר וועט זיך קעהרען.

די פינף מענשען זיינען נאכגעגאנגען מיכה'ן. ביז וואנען זיי זיינען צוגעקומען צו זיין הויז.

מיכה איז מיט זיי אריינגעקומען אין הויז פון די תרפים.

— גיעב נאר א קוק ווער איז דא דער כהן! — האט איינער פון די פינף זיך אפגערופען — יהונתן פון שלה!

— ווי קומסטו אהער, און וואס טהוסטו דא? — איז א צווייטער צוגעגאנגען צו איהם.

יהונתן האט זיי דערצעהלט ווי אזוי מיכה האט איהם אנגעשטעלט אלס כהן פאר דער פסל און תרפים.

— אה, איהר קענט זיך נאך פון פריהער! — האט מיכה זיך אפגערופען.

— יע, בית לחם איז נישט ווייט פון צרעה און פון אשתאל, און זייענדיג אין בית לחם, פלעג איך גאנץ אפט דארט קומען, זיי זיינען דאך פון דעם שבט דן.

— מיר זיינען העכסט צופריעדען וואס מיר האבען דיך דא געטראפען — האט נאך איינער פון די פינף געזאגט — מיר האבען אויף זיך א גאנץ שווערע אויפגאבע. און דו וועסט פאר אונז נאכפרעגען ביי די תרפים אויב מיר וועלען בעגליקען אונזער וועג אדער נישט.

— אבער דערצעהלט מיר פריהער דעם צוועק פון אייער וואנדערען און

וואוהין ווילט איהר געהן ?—האט יהונתן דער לוי זיי געפרעגט.

— דו ווייסט דאך אז יהושע האט איינגעטהיילט אונזער שבט דן א נחלה, וואס ליגט אין מערב זייט פון דעם שבט יהודה, דארט געפינט זיך דער שטארקער אמורי, אונזערע עלטערן האבען דעם אמורי נישט פערטריבען, און אויך נישט ארופגעצוואונגען אויף זיי צינזען, דארפען מיר יעצט ליידען. דאס אמורישע פאלק דריקט אונז זעהר, קיין הילף פון אנדערע שבטים בעקומען מיר נישט. זיי מאכען אויף אונז גאנץ אפטע איבערפאלען... און ביסלעכווייז שטופען זיי אונז ארויס פון אונזער נחלה. עטליכע פון אונזערע משפחות זיינען שוין אזוי אוועקגעשטופט געווארען ביז'ן בארג. האבען זיך די עלטסטע פון דיעזע משפחות צוזאמענגעקליבען זיך צו בעראטהען וואס צו טהאן. זיינען צווישען זיי געווען מענשען, וועלכע האבען פארגעשלאגען אז מיר זאלען אין גאנצען אויסוואנדערען פון דיזען געגענט.

— וואוהין זאלען מיר געהן ?—האט מען געפרעגט.—איינינע האבען פארגעשלאגען, אז מיר זאלען אויסוואנדערען נאך צפון פון ארץ ישראל, נעבען דעם בארג לבנון, דארטען האבען זיי געזאגט, האבען מיר געהערט איז דאס לאנד פרוכטבאר, קיין מאנגעל אין וואסער איז דארטען נישטא.

— און וואס איז מכח די פעלקער, וועלכע געפינען זיך דארטען ?—האט יהונתן זיי געפרעגט.

— אט דאס איז טאקע דער צוועק פון אונזער געהן אהין. די עלטסטע האבען אונז אויסגעקליבען מיר זאלען אויסגעפינען וואס פאר א לאנד דאס איז, און ווי שטארק איז דאס פאלק וואס געפינט זיך דארט. מיר זאלען אויסשפיאנירען דעם גאנצען געגענט און זיך אומקעהרען און ברענגען א תשובה.

— און וויפיעל פון אייך וועלען אהין אויסוואנדערען ? — האט דער לוי זיי געפרעגט.

— ארום זעקס הונדערט שטארקע מענשען מיט זייערע משפחות האבען מיר שוין. יע, זיי זיינען ווילינג צו קעמפען און עראבערען דאס לאנד מיט'ן שווערד. יעצט פרעג פאר אונז ביי די תרפים אויב מיר וועלען בעגליקען דעם וועג וואוהין מיר געהען.

דער לוי האט זיך אומגעקעהרט און געווענדעט זיין פנים צו די תרפים, וועלכע זיינען געשטאנען אין ווינקעל פון הויז. זיינע ליפען האבען עפעס געשעפצעט. און באלד האט ער זיך אפגערופען צו די פינף מענשען פון דן:

— געהט מיט פריעדען—אייער אונטערנעהמונג געפעהלט גאט, און איהר וועט מצליח זיין אייער וועג !

די פינף מענשען האבען יענע נאכט איבערגענעכטיגט אין מיכה'ס הויז. זיי זיינען אויפגעשטאנען גאנץ פריה און האבען איבערגעלאזען עטליכע שטיקער זילבער פאר דעם פסל און די תרפים.

— איהר דארפט זעהר פארזיכטיג זיין, ווען איהר קומט נאך צפון פון כנען !—האט זיי יהונתן געווארענט.— ווילע יבין דער קעניג פון חצור האט דארט פערשפרייט זיין הערשאפט און ער דריקט זעהר שטארק די שבטים פון צפון ארץ ישראל, דעריבער איז מיין עצה איהר זאלט געהן אן א זייט. געהט אריבער דעם ירדן אין דעם נאהענטען פלאץ, וועיל אויף יענער זייט ירדן, וואו די שבטים ראובן, גד און דער האלבער שבט מנשה געפינען זיך איז יעצט א סך צום מזרח פון ים כנרת און דאמיט וועט איהר אויסמיידען זיך צו באגעגענען מיט סיסרא'ן און מיט זיינע ארמעען.

די פינף פון שבט דן האבען פערלאזען דעם הר אפרים און זיי האבען זיך פערנומען אויף דעם וועג ווי יהונתן דער לוי האט זיי אנגעזאגט.

צוויי טעג זיינען זיי געווען אין וועג, אויף דעם דריטען טאג זיינען זיי אנגעקומען אין דער שטאדט ליש (לאיש).

זיי האבען זיך פערשטעלט פאר

סוחרים, און זיי זיינען אריין אין שטאט אונגעשטערט.

זיי האבען גוט בעמערקט די שטאדט, געזעהן ווי דאס פאלק לעבט זיך רוהיג, זיי האבען בעטראכט דאס לאנד פון ארום, די גערטנער און פעלדער. און מיט גרויס צופריעדענהייט האבען זיי זיך צוריקגעקעהרט צו זייער שבט.

— מיר האבען בעגליקט אין אונזער וועג—האבען די פינף מרגלים בעריכטעט—מיר זיינען אנגעקומען אין דער שטאדט ליש. עס איז א וואונדערבאר לאנד. דאס פאלק זיצט דארט גאנץ רוהיג, ווייל זיי זיינען ווייט פון די צדונים און דארפען נישט מורא האבען אז זיי וועלען מאכען אן איבערפאל איבער זיי. דעריבער זיינען זיי נישט שטארק בעוואפענט. זיי זיינען אין גאנצען אפגעזונדערט. עס איז נישטא קיין מורא, אז אימיצער פון די ארומיגע פעלקער וועט זיי קומען צו הילף.

— קומט לאמיר געהן !—האט נאך איינער פון די פינף זיך אפגערופען צו די פערזאמעלטע מענשען פון דן. — וואס שווייגט איהר ? פוילט זיך נישט. לאמיר אוועקגעהן און ירשנען דאס לאנד. מיר דארפען פאר קיינעם קיין מורא נישט האבען, מיר קענען מיט זיכערהייט מיטנעהמען אונזערע פרויען און קינדער און אונזער גאנצען פערמעגען, ווייל מיר קומען אין א ברייטען לאנד, וואו עס פעהלט גארנישט. און עס וועט אונז נישט שווער אנקומען זי איינצונעהמען.

— און אויסער דעם !—האט נאך איינער פון די פינף זיך אפגערופען—האבען מיר געקראגען די ברכה און צושטימונג פון די תרפים דורך יהונתן דעם לוי.

— פון וועלכע תרפים ?—האט אימעצער א פרעג געטהאן.

— פון מיכה'ס פסל און תרפים. אויפ'ן וועג נאך ליש, האבען מיר זיך אפגעשטעלט אין מיכה'ס הויז און דארטען האבען מיר געטראפען יהונתן, דעם לוי, וועלכער פלעגט זיך ארומוואלגערן אין בית לחם. ער איז געווארען דער כהן פון די תרפים און ער האט ביי זיי געפרעגט אויב מיר וועלען בעגליקען. און זיי האבען איהם געענטפערט, אז יע. אזוי איז טאקע געווען, מיר האבען קיינע שוועריגקייטען נישט געהאט אין צוקומען צו דעם לאנד, און פון וואס מיר האבען דארט געזעהן צייגט עס, אז מיר וועלען דארטען זיך קענען באזעצען.

— אויב די תרפים קענען געבען אזוי פיעל גליק, וואלט כדאי געווען זיי מיטצונעהמען אין דעם נייעם לאנד וואוהין מיר געהן !—האט איינער פון די אנפיהרער זיך אפגערופען.

— אומזיסט וועט זיין אייער טרחה, מיכה וועט זיינע געטער פאר קיין געלט נישט פערקויפען.

— ווער זאגט דיר, אז מיר וועלען זיי פון איהם אפקויפען. אויב ער וועט זיי נישט וועלען אפגעבען צו אונז מיט'ן גוטען ווילען, וועלען מיר זיי אוועקנעהמען מיט געוואלד !

— דאס וועט זיין דער איינציגער וועג ווי אזוי מיר וועלען קענען אריינקריגען די תרפים !

— נאך מעהר !—האט איינער געזאגט.—מיר וועלען מיטנעהמען אויך דעם כהן, פון די תרפים, יהונתן. ער קען דאך אונז שוין פון לאנג און ער וועט איינוויליגען צו געהן מיט אונז. מיר וועלען איהם דארט גאנץ פיין בעהאנדלען און זאל ער ווערען אונזער כהן !

פארבערייטונגען זיינען געמאכט געווארען צו פערלאזען צרעה און אשתאל.

עטליכע משפחות פון דעם שבט דן האבען זיך צוזאמענגענומען זעקס הונדערט העלדישע יונגען מיט זייערע פרויען און קינדער. זיי האבען זיך גוט בעוואפענט, און זיי האבען זיך אוועקגעלאזען אין וועג צו זוכען א נייעם לאנד, וואו זיי וועלען קענען לעבען רוהיג און נישט דארפען מורא האבען פאר דעם אמורי און פאר די פלשתים, וועל־

כע האבען זיך שוין אויך אנגעפאנגען צו רוקען פאראויס אין זייער לאנד.

די איבעריגע משפחות פון דעם זעלבען שבט, האבען געמאכט עטליכע פערזוכען זיי אפצורייזען.

— איהר לאזט זיך אויף א זעהר געפעהרליכען וועג !—האבען די עלטסטע פון שבט זיי געווארענט, זעהט אז איהר זאלט נאכהער קיין חרטה נישט האבען.

— וויפיעל אונז וועט נישט אויסקומען צו ליידען, וועט פאר אונז אליז זיין בעסער ווי צו בלייבען דא אונטערדריקט פון דעם אמורי, צוליעב וועמען מיר האבען אין גאנצען אונזער פרייהייט פערלארען. אומזיסט זיינען אייערע רייד, אזוי האבען מיר בעשלאסען און אזוי וועלען מיר טהאן.

זיי האבען איינגעשפאנט אייזלען צו זייערע וואגענס און אריינגעזעצט זייערע פרויען און קינדער, זיי האבען אנגעלאדען זייערע קעמלען מיט זייער פערמעגען און צוגעגרייט א סך שפייז, און זיי האבען גענומען געהן נאך צפון.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם הר אפרים האבען זיי זיך דארט אפגעשטעלט.

— מיר וועלען זיך פון דאנען נישט ריהרען, וואו מיר וועלען נישט קריגען דעם פסל פון מיכה און זיינע תרפים !—האט דער הויפט אנפיהרער זיך אפגערופען.

— ווער פון אונז זאל אריינגעהן אין זיין הויז און אוועקנעהמען די תרפים מיט דעם פסל ?

— זאלען אריינגעהן די זעלבע פינף וועלכע זיינען דא פריהער געוועזען. זיי זיינען בעקאנט גאנץ גוט מיט דעם פלאץ, זיי ווייסען וואו די תרפים שטעהן און זיי וועט נישט שווער אנקומען איבערצוריידען יהונתן ער זאל מיט אונז מיטגעהן !

— איהר דארפט נישט פערגעסען, אז מיכה האט זעהר פיעל קנעכט, און ווען מיר וועלען אריינקומען און צונעהמען די תרפים, וועט ער מיט זיי ארויסקומען און אנפיהרען א קאמפף מיט אונז, וועלען מיר זיך דען קענען געגענשטעלען געגען זיי ?

— מיר וועלען אלע ווארטען נעבען טויער מיט אונזערע וואפען, און ווען וועט זיין צו מיכה'ן און צו זיינע קנעכט ווען זיי וועלען ארויסציינען א ווידערשטאנד !

די פינף יונגע ליט זיינען אריין אין מיכה'ס הויז. זיי זיינען גלייך צוגעקומען צו די תרפים און זיי גענומען ריהרען פון ארט.

מיכה איז גראדע דאן נישט געוועזען אין דער היים. ער איז געוועזען אויפ'ן וועג צו ברענגען מתפללים פאר זיינע אפגעטער.

יהונתן האט דערהערט א גערויש, איז אריינגעקומען אין יענעם צימער און איז שטארק איבעראשט געווארען זיי צו זעהן.

— וואס טהוט איהר ?—האט ער זיי געפרעגט.

— לעג צו דיין האנט צו דיין מויל און שווייג !—האבען זיי זיך צו איהם אפגערופען.

— אבער פארוואס נעהמט איהר אוועק מיכה'ס תרפים ?—האט ער מיט ערשטוינונג זיי געפרעגט.

— פרעג נישט קיין פראגעס און קום מיט אונז !

— וואס מיינט איהר ?

— זאג אונז איז פאר דיר בעסער צו זיין א כהן פאר איין מענשען אדער צו זיין א כהן פאר א שבט אין ישראל ! קום מיט אונז, מיר זיינען דא זעקס הונדערט גבורים. מיר געהן איינעהמען די שטאדט ליש. קום מיט מיט אונז, ווען מיר וועלען זיך דארט בעזעצען וועלען מיר אויפשטעלען מיכה'ס פסל און זיינע תרפים און דו וועסט דראט ווערען אונזער כהן !

— אבער וואס וועט מיכה דערצו זאגען ?—האט יהונתן געפרעגט.

— מיר וועלען ביי איהם קיין עצות נישט פרעגען, מיר וועלען טהאן וואס אונז געפעהלט. זיין פסל און די תרפים

וועלען געהן מיט אונז צו ער וועט וועלען אדער נישט!

— אויב אזוי וועל איך אויך מיטנעהמען אלע מיינע קליידער, דעם אפוד און די אנדערע כלים וואס געהן מיט די תרפים.

— יעצט רעדסטו ווי א מאן מיט שכל! —האט איהם איינער געזאגט— אבער מאך דאס וואס שנעלער.

יהונתן האט זיי געהאלפען צוזאמענעהמען אלע נויטיגע זאכען וואס געהערען צו דער פסל און איינוויקלען די תרפים אין ליילעכער און איז מיט זיי ארויסגעגאנגען פון מיכה'ס הויז.

די קנעכט האבען דאס בעמערקט און זיי האבען דאס גלייך דערצעהלט מיכה'ס מוטער.

די אלמנה איז שנעל ארויסגעלאפען און גענומען שרייען און קוויטשען:

— וואוהין געהט איהר! גנבים, רויבער! קעהרט אום מיין זוהן'ס געטער!

די מענשען פון דן האבען זיך פון איהר אויסגעלאכט. זיי האבען איינגעפאקט אלע תרפים מיט דעם פסל אויף א וואגען און שיקענדיג זייערע פרויען מיט די קינדער און זייער פערמעגען פאראויס האבען זיי זיך גענומען דערווייטערען פון מיכה'ס הויז.

— וואס שווייגט איהר! !—האט די אלמנה גענומען שרייען אויף די קנעכט, —שנעלער לויפט און זאגט אז מיכה'ן. ער וועט מיט זיי קעמפפען און צוריקברענגען די געטער!

— מיר לויפען! — האבען זיך די קנעכט אבגערופען און האסטיג ארויס פון הויף.

— אה, דער לוי איז אויך געווארען אונזער פעררעטהער! — האט זיך די אלמנה געריסען די האר פון קאפ. — אונזער מזל האט זיך פון אונז אפגעטהאן. זיי האבען די תרפים צוזאמען מיט אונזער גליק אוועקגערויבט פון אונז.

באלד איז אנגעקומען מיכה און זיין מוטער האט איהם אלעס דערצעהלט, וואס עס איז פארגעקומען:

— דיזעלבע פינף מענשען וועלכע זיינען דא געוועזען מיט א צייט צוריק האבען אונז יעצט בערויבט! איך בין זיכער אז דאס האבען זיי געהאט אפגעמאכט מיט יהונתן נאך דאן, ווען זיי זיינען דא געוועזען צום ערשטען מאל!

— איך וועל זיי אלעמען אויסשלאכטען! — האט מיכה אויסגערופען — פון מיר וועלען זיי קיין געטער נישט רויבען. שנעלער גורט אן אייערע שווערדען — האט ער בעפוילען זיינ: קנעכט — נעהמט אייערע בויגען און לאמיר זיך נאך זיי נאכיאגען.

די קנעכט האבען אנגעגורט די שווערדען און נעמענדיג זייערע פייל און בויגען זיינען נאכגעגאנגען זייער האר מיכה'ן.

— אויב איך וועל אויסגעפינען אז דאס האט דער לוי מיט זיי געהאט אפגעמאכט פון פריהער — האט מיכה זיך אפגערופען צו דעם עלטסטען פון זיינע קנעכט, וועל איך איהם שוין נישט שענקען... איך וועל איהם צום טויט דערשלאגען!

פון ווייטען האט מיכה דערזעהן פילע מענשען.

— קומט שנעלער! מיר האבען זיי דערגרייכט! — האט מיכה אויסגערופען.

ווען זיי האבען זיך שוין דערנעהנטערט האט מיכה גענומען שרייען מיט אלע זיינע כוחות.

— גיט מיר אפ מיין גאט! פארוואס האט איהר אוועקגערויבט מיין פסל און מיינע תרפים!

די מענשען פון דן וועלכע זיינען געווען פון הינטען און זיי האבען דערהערט מיכה'ס געשרייען האבען אומגעקעהרט זייערע פנים'ער און זיך צו איהם אפגערופען:

— וואס שרייסטו?

— וואס הייסט פארוואס שריי איך?!

— האט מיכה זיך אפגעשטעלט — איהר האט אוועקגע'גנב'עט מיין גאט, געהט זיך אייער וועג און איהר פרעגט מיר נאך פארוואס איך שריי?!

— אויב דו וועסט נעמען אונזער עצה זאלסטו בעסער צומאכען דיין מויל! — האט איינער פון די דנים געזאגט.

— גיט מיר אפ מיינע געטער וועל איך שווייגען! — האט מיכה זיי געענטפערט.

— אויב דו וועסט נישט שטילשווייגען וועלען מיר דיר באלד איינשטילען!

— וואס האסטו צו מיר געטהאן, דו אונדאנקבארער הונט! — חאט מיכה זיך געווענדעט צו יהונתן ווען ער האט איהם דערזעהן שטעהענדיג נעבען דעם וואגען פון די געטער און שמייכלענדיג.
— איך האב דיר געפונען א הונגעריגען, מיט צוריסענע קליידער, איך האב דיר געגעבען צו עסען און צו טרינקען, קליידער און געלט און איך האב דיר געמאכט פאר א כהן איבער מיינע תרפים, און צום סוף קומסטו און פערראטסט מיר! מיינסטו איך ווייס נישט אז דו האסט מיט זיי אפגעמאכט זיי זאלען אהער קומען אין דער צייט וואס איך בין נישטא אין דערהיים און צו גנב׳ענען מיינע געטער! ווארט, איך וועל זיך מיט דיר אפרעכענען.

מיכה האט זיך א ווארף געטהאן מיט זיינע פויסטען צו יהונתן אבער איינינגע שטארעק הענט האבען איהם א נעהם געטהאן און איהם א הויב געטהאן.
— מאך זיך נישט צום נארען און נעה אהיים!
פארוואס זאלען מיר מאכען א סוף צו דיר און צו דיין משפחה... דו דארפסט וויסען אז מיר זיינען יעצט שטארק פערביטערט און ווען דו וועסט אונז אריינברייגען אין כעס וועט פון דיר און דיינע מענשען נישט איבערבלייבען קיין שריד און פליט!
מיכה האט זיך גענומען ארומקוקען און ער האט בעמערקט אז זייער צאהל איז גרויס, און אז זיי זיינען שטארק און בעוואפענט האט ער זיך גענומען ביי זיי בעטען:
— מיין מוטער איז אן אלמנה. זי האט מיר געגעבען די זילבער צו מאכען א פסל. איך האב מיין הויז געמאכט פאר א הייליגען פלאץ, גיט מיר צוריק מיינע געטער און דערפאר וועלען זיי אייך בענשען און איהר וועט מצליח זיין אין אייער וועג!

— אומזיסט זיינען דיינע רייד! אנטלויף וואס שנעלער, אויב דו ווילסט דאס מיר זאלען דיר קיין שלעכטס נישט טאן. מיר געהען יעצט אין אזא פלאץ וואו מיר וועלען מוזען האבען די געטער שטענדיג מיט אונז!

— איך וועל פון דאנען נישט אפטרעטען, וואו איך וועל צוריק נישט קריגען מיין פסל! — האט מיכה אויסגערופען
— ווייסט איהר וואס? נעהמט צו די תרפים פאר זיך און קעהרט מיר אום דעם פסל! ווייל אויב איך וועל קומען אהיים און איך וועל דעם זילבערנעם פסל נישט האבען מיט זיך, האב איך מורא, אז אן אומגליק וועט געשעהן מיט מיין מוטער, די אלמנה.

—מיר וועלען הייסען דעם כהן פון די געטער מתפלל זיין צו דעם פסל אז קיין שלעכסט זאל נישט בעפאלען דיין מוטער! — האט מען איהם געזאגט — און יעצט אנטלויף וואס שנעלער!

מיכה האט זיך נאך אלץ נישט גערירט פון ארט. באלד אבער האט ער דערזעהן ווי עטליכע צעהנדליג מענשען קומעי אן מיט בלויזע שווערדען, האט ער זיך שטארק דערשראקען און אנגעפאנגען לויפען. זיינע קנעכט האבען נאכגעטהאן דעם ביישפיעל פון זייער האר און אויך גענומען לויפען. זיי זיינען אלע געווען אין גרויס מורא דאס מען זאל זיך נאך זיי נישט נאכיאגען, אז זיי האבען אפילו מורא געהאט א קוק צו טהאן אויף הינטען.
ווען מיכה האט זיך אומגעקעהרט אהיים מיט לײדיגען איז אויף איהם זיין מוטער ארויפגעפאלען:
— וואו זיינען די תרפים? און דער זילבערנער פסל, וואו איז?
— זיי האבען מיר נישט געוואלט אפגעבען! — האט מיכה טרויעריג געענטפערט.
— און דו האסט זיי געשוויגען! מיין

גאַנץ געלט האָב איך אריינגעלייגט אין דעם פסל און דו האָסט זיי געלאָזט אוועקגעהן מיט דעם!

— וואָס האָב איך געזאָלט טהאָן, אז זיי זיינען געווען אזוי פיעל! האָב איך זיך דען געקענט געגענשטעלען געגען זיי?

— דאָס ביזטו בעשטראָפט געוואָרען פון די געטער פאר דעם וואָס דו האָסט געזוכט צו מאכען א בלבול אויף לפידות; אז ער האָט צוגע'גנב'עט די עלף הונ־דערט שטיקער זילבער! — האָט זיין מוטער זיך נאָך מעהר צושריען... יעצט האָסטו געקראָגען א שלעכטען נאָמען, און ווען אפילו דו וועסט וועלען קומען צום משפט צו דבורה'ן, וועט זי דען דיר געבען גערעכט!

— איך וועל געהן צו דבורה'ן — האָט מיכה אויסגעשריען — זי משפט אלע־מען מיט גערעכטיגקייט און אויב זי וועט בעשליסען אז די פון שבט דן האָבען קיין רעכט נישט געהאט אוועקצורויבען מיין פסל פון מיין הויז, וועלען זיי מיר דאָס זיכער אומקעהרען.

— וועלען זיי דען זיך וועלען צוהערען צו איהרע רייד?

— אָבער דו ווייסט דאָך, מוטער, אז דבורה איז א נביאה און איהר רייד וועלען האָבען א ווירקונג אויף אלעמען.

— איז דען דבורה נישט געווען דאָ־געגען אז מיר זאָלען מאכען א פסל? האָבען מיר זיך דען צו איהר צוגעהערט? איך ווייס אז ווען לפידות און דבורה וועלען אויסגעפונען וואָס האָט פאסירט, וועלען זיי זיין צופרידען מיט דעם וואָס האָט פאסירט.

— דאָך וועל איך געהן צו איהר! ווי אזוי האָבען זיי געהאט א רעכט צו קו־מען און מיר בערויבען?

די אלמנה האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען און שילטען און מיכה איז גלייך אוועקגעלאָפען צו דעם פלאַץ וואו דבורה איז געזעסען.

— וואו איז דבורה די נביאה? — האָט מיכה זיי געפרעגט. איך האָב צו ברייננגען א משפט פאר איהר.

— וואָס? — האָט איהם איינער גע־פרעגט מיט א שמייכעל — לפידות האָט שוין דיר ווידער "בע'גנב'עט"?

— איך בעט אייך זאָגט מיר וואו קען איך יעצט טרעפען דבורה'ן? — האָט מיכה אויסגערופען.

— ווייסטו דען נישט אז דבורה האָט מיט צוויי טעג צוריק אָפּגערייזט פון דאַנען מיט איהר מאן לפידות'ן נאָך צפון?

— און ווען וועט זי זיך צוריקקעה־רען? — האָט מיכה געפרעגט.

— זיי וועלען זיך דאָרט זאַמען א לאַנגע צייט, אָבער זאָג מיר מיכה צוליעב וואָס דאַרפסטו אזוי דרינגענד זיך זעהן מיט דבורה'ן. האָסטו פיליייכט בעשלאָ־סען : ויפצוגעבען דיין פסל מיט די תרפים? אויב דאָס זאָל זיין דיין בע־שלוס קענסטו דאָס אונז זאָגען און מיר וועלען דיר דאנקבאר זיין!

— אה, אן אומגליק האָט פאסירט אין מיין הויז! — האָט מיכה אויסגעשריען. זעקס הונדערט מענשען פון דעם שבט דן האָבען געמאכט אן איבערפאל אויף מיין הויז און אוועקגערויבט מיין זיל־בערנעם פסל צוזאַמען מיט די תרפים און אפילו דעם כהן וועמען איך האָב געדונ־גען צו בעדינען די געטער האָבען זיי אוועקגענומען!

— זאָל אויף זיי קומען א ברכה! — האָט דער עלטסטער פון די זקנים זיך אָפּגערופען — יעצט וועט אונזער שטאָט ריין זיין פון געצענדינעריי!

— איך מוז צוריקקריגען מיינע גע־טער! — האָט מיכה געשטורעמט! איך וויל מען זאָל מיר העלפען פון שטאָדט איך וועל פאר אלעם באצאָהלען. זאָל מען מיטשיקען מיט מיר מענשען צו געהן קעמפען מיט די משפחות פון דן.

— עס לוינט זיך צו פערגיסען בלוט פאר דיינע אָפּגעטער! — האָט דער עלטסטער געלאכט — מיר דאַרפען זיי דאנקבאר זיין דערפאר. זאָל נאָט שטארקען זייערע הענט און זאָלען זיי דערפאר בעגליקען וואוהין זיי וועלען זיך קעהרען פאר דער טובה וואָס זיי

האבען געטהאן צו אונזער גאנצען שטאדט.

— מיין פסל האט בעשיצט אלע איינוואהנער פון שטאדט, און יעצט אז ער וועט שוין מעהר נישט זיין מיט מיר, וועט א גרויסער אומגליק פאסירען אין אונזער שטאדט!

— קיין גרעסערער אומגליק האט שוין נישט געקענט זיין ווי דאן ווען דו האסט איינגעפיהרט געצענדינעריי אין אונזער שטאדט אין דער צייט ווען יעדער אייער האט שוין געהאט אויפגעגעבען זיין פסל!

— דאס האט דיר אונזער גאט בעשטראפט פאר דעם פאלשען בלבול וואס דו האסט געמאכט אויף לפידות'ן. און יעצט געה אהיים און צושטער דעם מזבח פון דעם פסל און אלע פלעצער וואס זיינען פעראומרייניגט געווארען דורך די תרפים.

א פערשעהמטער, אן ענטווישטער מיט א געבויגענע קאפ, איז מיכה צוריקגעגאנגען אהיים. פון זיין מויל האבען זיך געשאטען קללות...

עטליכע וואכען זיינען די משפחות פון דעם שבט דן אפגעווען אין וועג. זיי זיינען געגאנגען דורך אזעלכע וועגען, וואו עס זאל פאר זיי קיין סכנה נישט זיין. זיי האבען געוואלט אויסמיידען סיסרא'ן מיט זיינע מחנות. זיי האבען געוואוסט אז ווען סיסרא וואלט זיך דערוואוסט אז זיי געהען נאך צפון, וואלט ער זיי זיכער ענטקעגען געגאנגען און זיי פערניכטעט.

ווען זיי זיינען אנגעקומען נישט ווייט פון ליש, האבען זיי דארט אויפגעשטעלט געצעלטען פאר זייערע פרויען און קינדער און פאר די אלטע לייט וועלכע זיינען מיט זיי מיטגערייזט און אליין זיינען זיי צוגעקומען צום שטאדט.

די זעקס הונדערט מענשען פון שבט דן האבען ארומגערינגעלט די שטאדט און זי אונטערגעצונדען. אין גרויס טומעל און געלאף זיינען זיי בעפאלען די איינוואהנער און האבען זיי אלעמען געטויטעט מיט'ן שווערד. קיין לעבעדיגער נפש איז דארט נישט פערבליבען, זייער האב און גוטס האבען זיי צו גענומען פאר זיך.

גלייך נאכדעם האבען זיי זיך גענומען צוריק בויען די שטאדט און איהר א נאמען געגעבען דן, אויף דעם נאמען פון דעם פאטער פון זייער שבט. ווען די שטאדט דן איז פארטיג געווארען האבען זיי אין מיטען שטאדט אויפגעשטעלט דעם פסל וואס זיי האבען אוועקגערויבט פון מיכה'ן. זיי האבען געבויט א מזבח און זיי האבען איינגעפיהרט געצענדינעריי אין זייער נייער היים.

יהונתן, דער לוי איז געווארען דער כהן פון דעם פסל און אזוי איז די כהונה צו די אפגעטער, איבערגעגאנגען צו זיינע קינדער פאר פיעלע יאהרען.

## אכטער קאפיטעל
## דבורה אין קדש

קירצליך, נאך איהר הייראט מיט לפידות'ן, האט דבורה בעשלאסען צו בעזוכען די שבטים פון צפון, און ערוועקען זיי צו מלחמה געגען יבין. זי האט געוואוסט אז וואס ווייטער צו צפון זייט, אין די אידישע לאגע א סך ערגער. דארט פיהלט זיך דער דרוק פון יבין און סיסרא גאנץ שטארק. די שבטים: יששכר, זבולון, נפתלי און אשר זיינען תמיד געווען אין גרויס געפאהר. זיי זיינען געצוואונגען געווען צו צאהלען יבין'ען גרויסע צינזען. די דורכגעהער זיינען נישט געווען זיכער אז זיי וועלען קענען דורכגעהן בשלום דעם וועג. די פאסטוכער האבען שטארק געליטען פון איבערפאלען וואס די צידונים האבען גאנץ אפט געמאכט און אוועקטראגען שאף פון זייערע סטאדעס.

פיעלע האבען געווארענט דבורה'ן אז זי זאל נישט וואנדערען דורך יענע שבטים צוליעב דער גרויסער סכנה. דבורה האט אבער געזאגט אז דוקא יענע שבטים נויטיגען זיך אין ערמוטיגונג... ווייל א שרעקליכער יאוש הערשט צווישען זיי און אויב מען וועט זיי יעצט נישט ערוועקען און ערמונטערען, וועט שוין שפעטער זיין צו שפעט.

— גאָט וועט זיין מיט אונז — און מיר דאַרפען נישט מורא האָבען — האָט זי געזאָגט.

לפידות האָט מיטגענומען א שווערד און בויגען מיט פיילען, און האָט מיט דבורה'ן מיטגעוואַנדערט. זיי האָבען ביידע געריטען אויף צוויי קעמלען, מיט זיך נעמענדיג געגוג שפייז.

די ערשטע בעגעגעניש וואָס זיי האָבען אויף זייער רייזע געהאט, זיינען געווען די פאַסטוכער, וואָס האָבען אמאָל מיט יאָהרען צוריק געפיטערט די שאָף צוזאַמען מיט לפידות'ן. אייניגע פון זיי האָבען נאָך געדענקט ווי אזוי דבורה איז צום ערשטען מאָל פארבייגעריטען אויף איהר אייזעל אויפ'ן וועג נאָך שלה, און ווי אזוי לפידות האָט איהר בעגלייט. יעצט האָבען זיי אויף זייער אמאָליגען חבר לפידות'ן געקוקט מיט גרוים דרך ארץ, אָבער אויך נישט מיט ווינציג קנאה אין זייער הארצען.

דאַכט זיך געווען אן איינפאַכער פאַסטוך אַט ווי זיי, צוזאַמען פערבראַכט, געווען לוסטיג, פרעהליך און יעצט ווער איז ער און ווער זיינען זיי? לפידות איז בעריהמט געוואָרען פאַר זיין לערנען די תורה מיט'ן איינפאַכען המון, און יעצט איז ער דער מאַן פון דער בעריהמטער דבורה די נביאה, וועלכע איז פערעכענט ווי א מוטער אין ישראל. ער האָט דערגרייכט דאָס גרעסטע וואָס א מאַן קען זיך ווינשען. ער איז בעריהמט איבער'ן גאַנצען לאַנד, און איז צוזאַמען מיט דבורה'ן בעליעבט ביים גאַנצען פאָלק.

ווען די פאַסטוכער האָבען דערזעהן דבורה'ן און לפידות'ן אָנקומענדיג, זיינען זיי געבליבען שטעהן אויף זייערע פלעצער און האָבען צווישען זיך דורכגערעדט:

— געדענקט איהר דעם טאָג ווען לפידות האָט ערוואַרטעט דעם פאַסטוך פון די צידונים?

— ווער געדענקט עס נישט? דאָס איז דאָך געווען מיט א טאָג פריהער איידער דבורה איז פערבייגעפאָהרען.

— ווער וואָלט זיך דאָס דאַן געריכט אז לפידות בעזיצט אזעלכע פעהינקייטען. דאַכט זיך געווען דער זעלבער פאַסטוך ווי מיר זיינען.

— איך האָב אלע מאָל געוואוסט אז לפידות איז אנדערש פון אונז... ער איז שטענדיג געווען פערחלום'ט און איז נישט געווען צופרידען מיט די אַפגעטער.

— פונדעסטוועגען האָט ער אויך געהאט אן אָפגאָט.

— דאָס איז צוליעב דעם, ווייל דאַן האָבען נישט אלע געוואוסט אז דאָס איז פערבאָטען... מיר האָבען דאָך אלע געמיינט אז דורך די פסלים וועלען מיר קענען דינען אונזער גאָט, ביז וואַנען דבורה איז געקומען און געעפענט אונזערע אויגען!

— און יעצט קען מען קיין איינציגען פסל נישט געפינען אין אונזער גאַנצען שבט.

— און אפילו מיכה'ס פסל איז שוין אויך נישטאָ האָט א פאַסטוך מיט צופרידענהייט געזאָגט — אָה, וואָס פאַר א נקמה מיר זעהן אלע אין מיכה'ן. פריהער האָט ער געזוכט צו מאַכען א בלבול אויף לפידות'ן און דערנאָך האָט ער פערפיהרט פיעלע פון ישראל מיט זיינע תרפים און פסל, און יעצט איז ער געבליבען מיט גאָרניש!

— איך האָב געהערט אז די משפחות פון שבט דן וועלכע האָבען איינגענומען די שטאָדט ליש, האָבען דאָרטען אויפגעשטעלט מיכה'ס פסל.

— אויב דאָס איז ריכטיג, וועלען זיי לאַנג נישט קענען זיין רוהיג אין זייער נייעם לאַנד, ווייל גאָט וועט אויף זיי אויסגיסען זיין צאָרן און זיי איבערגעבען אין די הענט פון די ארומיגע פעלקער.

— איך גלויב אז דבורה און לפידות וואַנדערען יעצט אוים נאָך צפון כדי זיי זאָלען קענען אָפריידען די פון שבט דן, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין ליש, אויפצוגעבען די געצענדינעריי און אָנפאַנגען צו דינען צו גאָט.

— ניין, דאָס רייזען זיי צו פעראייניגען די נאָרדליכע שבטים, כדי צו קע־

נען ארונטערוואַרפען דעם יאָך פון יבין.

ווען דבורה און לפּידות זיינען צוגעקומען נעהנטער האָבען זיך די פּאַסטוכער פערנייגט פאַר זיי.

לפּידות איז ארונטער פון קעמעל און זיי געפרעגט וואָס זיי מאַכען.

— זייט איהר לעצטענס בעלעסטיגט געוואָרען פון די צידונים — האָט לפּידות זיי געפרעגט.

— זינט מיר פיטערען צוזאַמען האָבען מיר שטאַרק נישט געליטען פון די צידונים! — האָט א פּאַסטוך געזאָגט — פונדעסטוועגען האָבען מיר געהערט פון אַנדערע פּאַסטוכער אַז זיי האָבען געליטען גרויסע פערלוסטען דורך די צידונים. די וועגען זיינען גאַנץ געפעהרליך. עס טרעפט פיעלע מאָל אַז זיי ליגען באַהאַלטען אויף די זייטען פון די וועגען און ווען זיי בעמערקען א אידישען וואַנדערער בעפאַלען זיי איהם.

— מיר האָבען געהערט אַז איהר וואַנדערט נאָך צפון — האָט אַן עלטערער פּאַסטוך זיך אָפּגערופען, אָבער איך גלויב אַז יעצט צו וואַנדערען אליין איז נאָך מעהר געפעהרליך ווי מיט יאָהרען צוריק.

— די וועלכע געהען טהאָן דעם ווילען פון גאָט וועלען בעשיצט ווערען פון דעם אַלמעכטיגען! — האָט דבורה געזאָגט — און איהר, מיינע פריינד, זייט געגרייט, עס וועט קומען א טאָג, ווען אויך איהר וועט גערופען ווערען, וועט איהר איבערלאָזען אייערע שאָף אין די הענט פון אייערע פרויען און זיך אַנשליסען אין דער אידישער אַרמעע.

— מיר וועלען זיך פיהלען גליקליך ווען אזא צייט וועט קומען — ווען גאָט וועט געבען און מיר וועלען האָבען א ריכטיגען פיהרער, א קעמפער און וועגווייזער. — האָט נאָך א פּאַסטוך געזאָגט — מיר פיהלען שוין אויך שטאַרק דעם דרוק פון סיסרא'ן.

— געבענשט וועלען זיין די, וועלכע וועלען זיך פרייוויליג אַנשליסען אין די אַרמעען און קעמפען געגען אונזער גרעסטען שונא — האָט דבורה געזאָגט — גאָט וועט אונז זיין הילף צושיקען דאַן, ווען מיר וועלען זיין אַלע פּאַראייניגט. ווען איין שבט וועט זיך פיהלען פאַראַנטוואָרטליך פאַר'ן צווייטען, דאַן וועט אונז קיין פאָלק נישט קענען ביי־קומען!

דבורה און לפּידות האָבען זיך געזעגענט מיט די פּאַסטוכער און דעם שבט אפרים און זיי האָבען פאָרטגעזעצט זייער רייזע ווייטער.

אין יעדער שטאָדט וואו זיי פלעגען נאָר קומען, האָט מען זיי אויפגענומען מיט גרויס בעגייסטערונג. די עלטסטע פון שטאָדט פלעגען ארויס זיי מקבל פּנים זיין, און דערנאָך פלעגען זיי צוזאַמענרופען די איינוואוינער פון שטאָדט זיי זאָלען קומען הערען די רייד פון דבורה די נביאה.

גרויס איז געווען די פרייד פון די מענשען, וועלכע האָבען געהערט די ערמוטיגטע טרייסט ווערטער פון דבורה'ן. זייער האָפענונג איז פערשטאַרקט געוואָרען, אַז עס וועט קומען א צייט און דער יאָך פון דעם קעניג יבין און זיין גענעראַל סיסרא וועט געבראָכען ווערען.

אין יעדען פּלאַץ האָט מען זיי געוואָרענט נישט צו וואַנדערען מיט'ן גלייכען וועג, נאָר צו געהן מיט די קרומע זייטיגע וועגען, ווייל פיעלע פון די שונאים געפינען זיך אויפ'ן וועג און ווען זיי דערזעהן הילפלאָזע וואַנדערער בעפאַלען זיי זיי און רויבען אַוועק אַלעם וואָס זיי בעזיצען. די פרויען נעמען זיי אין געפאַנגשאַפט...

דבורה האָט מיט לפּידות'ן געזוכט אויסצומיידען די אָפענע וועגען, און געענדיג דורך די זייטיגע וועגען, האָט זיי גענומען לענגער, דערפאַר אָבער איז די רייזע געווען פאַר זיי אינטערעסאַנטער. זיי האָבען זיך צוגעקוקט צו דעם לעבען פון די אָרימע אכרים (פאַרמער). זיי האָבען געזעהן ווי שווער און ביטער זיי אַרבייטען און ווען מען האָט זיי געזאָגט וועגען א מעגליכע מלחמה צווישען די אידען און יבין זיינען זיי געווען זעהר גליקליך צו הערען.

— מיר האָבען גאָרנישט צו פאַרלי־

רען אין א מלחמה! — האבען די אכרים געזאגט — אונזערע לעבענס האבען קיין ווערטה נישט, מיר ארבייטען זעהר שווער פאר דעם שונא, העלפט פון אונזער תבואה מוזען מיר איהם אפגעבען פאר צינזען, אונזערע בהמות רויבט מען אוועק פון אונז, און לעצטענס זיינען מיר נישט זיכער אויך מיט אונזערע פרויען און טעכטער!

— ווען איינער פון אונז פארמאגט א שעהנע פרוי אדער א שעהנע טאכטער, מוז ער זי האלטען בעהאלטען. עס זיינען שוין פיעלע וואכען אוועק, אז אונזערע טעכטער האבען די ליכטיגע שיין נישט דערזעהן, זיי האבען מורא ארויסצוגעהן אין דרויסען, טאמער וועט איינעצער פון די צידונים דערזעהן, און דאס איבערגעבען סיסרא'ן — האט אן אכר אויסגעגאסען זיין ביטער הארץ פאר דבורה'ן און לפידות'ן.

— האט שוין געטראפען. אז סיסרא האט אוועקגערויבט אימיצען פון אייער דארף? — האט דבורה זיי געפרעגט.

— א, א גרויסער אומגליק האט דא נישט לאנג פאסירט אין אונזער דארף! — האט איינער פון די אכרים אנגעצייגט אויף א נידעריגע הויז וואס איז געשטאנען נישט ווייט.

— אט דארטען — האט ער געזאגט — האט געוואוינט א גליקליכער אכר מיט זיין פרוי. ער האט געהאט צוויי טעכטער, זיינען זיי ביידע געווען די שעהנסטע פון דעם גאנצען געגענד. האבען זיך אלע מיט זיי געבענשט, ווייל נישט נאר זיינען זיי געווען שעהן, אבער אויך גאטספארכטיג און ליעבליך. די עלטערע טאכטער פלעגט העלפען איהר פאטער אין פעלד, און גאנץ אפט, ווען איהר פאטער איז געווען פארנומען מיט'ן דרעשען די תבואה, פלעגט זי אליין אוועקפיהרען די שאף צו דער פאשע. יעדען יאהר, צו דעם יום טוב פסח, פלעגט עירא, דאס איז זיין נאמען, מיטנעמען זיין עלטערע טאכטער אין שלה, און פלעגט ברייגנען א קרבן צו גאט אין דעם משכן. ער פלעגט דאנקען גאט וואס ער האט איהם געבענשט מיט אזא ליעבליך טייער קינד.

— און פארוואס פלעגט ער נישט מיטנעמען די אינגערע טאכטער? — האט דבורה א פרעג געטהאן.

— ווייל די אינגערע איז נאך גאר יונג, זי איז נאך כמעט א קינד, אבער אויך זי איז שעהן און געראטען.

— איהר נאמען איז רחל, און זי איז געווען אזוי צארט און אומשולדיג ווי א לעמעלע. פיעלע יונגע לייט, פון נאהענט און ווייט, פלעגען קומען צו עירא'ן און אנבאטען איהם דעם גרעסטען מהר ער זאל זיי אפגעבען זיין טאכטער פאר א פרוי, אבער עירא האט פון דעם נישט געוואלט הערען. ער האט מיט זיין טאכטער אזוי געשטאלצירט, אז ער האט גארנישט געוואלט טראכטען פון די אנבאטען פון די יונגע לייט.

טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין דעם אכר'ס אויגען און ער האט ווייטער דערצעהלט:

—ווען איהר פאטער האט דערהערט, אז דיזער געגענט איז נישט זיכער, און אז די צידונים קומען מאכען אפטע איבערפאלען אויף די אידען, האט ער נישט געוואלט לאזען זיין טאכטער געהן פיטערען די שאף, ער פלעגט אליין אויפשטעהן גאנץ פריה, טהאן די אנדערע ארבייט און נאכהער אוועקטרייבען די שאף אין פעלד.

איין טאג איז ער געווען שטארק פערנומען מיט'ן דרעשען די תבואה, האט רחל, אליין, אהן זיין וויסען, אוועקגעפיהרט די שאף אין פעלד. און אין מיטען טאג זיינען איינינע פאסטוכער געקומען צו לויפען אנזאגען די טרויעריגע בשורה צו עירא'ן, אז זיי האבען געזעהן ווי די צידונים האבען געפאנגען די שעהני הירטין.

עירא האט געמאכט א געוואלד און אלע מענשען פון דארף זיינען זיך צוזאמענגעקומען און איהם פארשפראכען צו העלפען. אלע זיינען געווען שטארק אויפגערעגט, מען האט זיך באוואפענט מיט אייזענס און העק און זיך גענומען

נאכיאגען, אבער מען האט קיין שפור פון זיי נישט געפונען...

— אבער ווי אזוי האבען די צידונים אויסגעפונען, אז יענעם טאג האט רחל געפאשעט אין פעלד? — האט דבורה געפרעגט.

— דאס איז פריהער פאר אלעמען געוועז א רעטעניש! ביז וואנען איינער א פאסטוך פון צווייטען דארף איז געקומען און איבערגעגעבען, אז איינער פון די רייכע יונגע לייט, וועלכער האט אויס נקמה, ווייל איהר פאטער האט איהר נישט געוואלט אפגעבען צו איהם, פאר א פרוי, איבערגעגעבען די בעאמטע פון די צידונים וועגען זיין שעהנע טאכטער און ווען ער האט איהר געזעהן פיטערענדיג די שאף אליין, איז ער אוועק און זיי געזאגט וואו רחל געפינט זיך.

— און פון וואנען ווייסט מען, אז ער האט עס געטהאן?

— מיר זיינען גלייך אוועק צו איהם און גענומען פרעגען, האט ער פריהער געלייקענט, אבער נאכהער האט ער זיך אליין מודה געוועז.

— מיר האבען איהם געוואלט צורייסען אויף שטיקער, אזוי אויפגערעגט זיינען מיר געווארען, אבער מיר האבען געקענט זעהן, אז ער אליין האט אויך שטארק חרטה אויף זיין טהאט, און ער האט פערשפראכען צו זעהן אלעס וואס ער קען צו העלפען.. ער האט אנגעבאטען זיין גאנצע רייכטום, אבער עס איז געוועז פערפאלען..

מיר האבען געוואוסט, אז זי איז אדער געבראכט געווארען צו סיסרא'ן אדער צו דעם קעניג יבין. און אז עס איז מעהר קיין האפענונג נישטא איהר צוריקצוקריגען. א טרויער האט זיך אויסגעגאסען איבער דיזען גאנצען געגענט... יעדער איינער האט אנגעהויבען צו ציטערען פאר זיינע אייגענע קינדער און שווערליך איז געוועז צוצוזעהן דעם צער פון עירא'ן, ער האט זיך געעלטערט מיט צוואנציג יאהר. ער האט אויפגעגעבען אלע האפנונגען... ער האט אויפגעהערט צו טהאן זיין ארבייט, זיין פעלד פערנאכלעסיגט, זיינע שאף ווערען נישט געטריבען צו דער פאשע... ער אליין זיצט טאג און נאכט אין דער היים, ער געהט נישט ארויס אויף א רגע אין דרויסען. ער רעדט מיט קיינעם קיין ווארט נישט און וויפיעל מיר בעמיהען זיך איהם צו טרייסטען, נעהמט ער קיין טרייסט נישט צו.

זיין פרוי און איינגערע טאכטער זיינען אין גרויס מורא ער זאלט נישט געריהרט ווערען פון זינען, אדער ער זאל נישט שטארבען פון הונגער, ווייל מיט די גרעסטע שוועריגקייטען קומט זיי אן צו געבען איהם שפייז.

— קום לפידות! — האט זיך דבורה אפגערופען צו איהר מאן — לאמיר אריינגעהן צו איהם, פיליכט וועלען מיר קענען לינדערען זיינע שמערצען.

ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין הויז פון עירא'ן האבען זיי איהם געטראפען זיצענדיג מיט זיין קאפ אונטערגעשפארט אויף זיינע הענט. ער איז אזוי געזעסען באוועגלאז. און ווען לפידות איז צו איהם צוגעקומען און איהם אנגעריהרט ביים שולטער, האט ער אויף איהם געקוקט מיט שטארע בליקען.

— וואס איז דיר, מיין פריינד? איז דבורה צו איהם צוגעגאנגען.

— וועסטו מיר נישט דערצעהלען וואס מיט דיר האט פאסירט? — האט זי איהם נאך אמאל געפרעגט.

עירא האט אויף איהר א קוק געטהאן און ווידער ארונטערגעבויגען זיין קאפ.

דערווייל האט מען אנגעזאגט עירא'ס פרוי און טאכטער, וועלכע זיינען געוועז אין שייער, אז דבורה, די נביאה איז אריין צו זיי אין הויז, זיי האבען שנעל פערלאזען זייער ארבייט און אריין אין הויז... זיי האבען געטראפען דבורה'ן און לפידות'ן שטעהענדיג נעבען עירא'ן.

— יא, מיין מאן, שטעל זיך אויף!

— האט זיך זיין פרוי צו איהם אפגערופען — דבורה, די נביאה האט אונז אזא גרויסען כבוד געטהאן און אונז אפגעשטאטעט א בעזוך.

ערשט דאן האט עירא אויפגעהויבען

זיינע אויגען און זיך ארומגעקוקט, ווי ער וואלט נאר וואס אויפגעשטאנען פון שלאף.

— שטארק זיך און קרעפטיג זיך, עירא! — האט דבורה זיך צו איהם אפגערופען — דו דארפסט נישט פערלירען דיין האפנונג, אז מיין טאכטער וועט זיך נאך צו דיר אומקערען.

עירא האט איהר אנגעקוקט מיט טרויעריגע בליקען, און נאכהער זיך אפגערופען:

— פאר מיר איז שוין מעהר קיין האפענונג נישטא! די ליכט און שיין פון מיינע אויגען איז פון מיר אוועקגענומען געווארען. א, איך וויים נישט פאר וואס איך לעב נאך... הלואי וואלט איך בעסער געשטארבען, איידער צוצוזעהן ווי מען האט פון מיר מיין ליעבע טאכטער אוועקגערויבט!

דבורה האט זיך אוועקגעזעצט נעבען עירא'ן און איהם ווידער גענומען טרייסטען:

— עס וועט שוין לאנג נישט נעמען און מיר וועלען זיך בעפרייען פון דער הערשאפט פון יבין און סיסרא.

— אבער ביז דאן, וואס וועט ווערען פון מיין טאכטער.

— פארלאז זיך אויף גאט, ער וועט דיין טאכטער בעשיצען און איהר צוריקקעהרען צו דיר אומבעריהרט און בעפלעקט. איך האב אויך אן איינציגען ברודער געהאט, און ער האט זיין לעבען איינגעשטעלט צו בעפרייען זיינע ברידער פון סיסרא'ן, אבער דאן איז נאך צו פריה געוועזן. זיי זיינען געשלאגען געווארען פון שונא און מיין ברודער איז געפאנגען געווארען.

— און האסטו דען איהם געזעהן? איז ער דען ווען עס איז צו דיר צוריקגעקומען?

— ניין, איך האב איהם נישט געזעהן זינט דעם טאג וואס ער האט מיר פערלאזען, אבער איך האב מיין האפענונג נישט אויפגעגעבען, אז גאט וועט אונז העלפען און מיר וועלען זיך נוקם זיין אן אונזער שונא, דאן וועלען די געפאנגענע זיהן און טעכטער פון ישראל זיך אומקעהרען. און דו דארפסט זעהן זיך צו שטארקען כדי דו זאלסט קענען דערנאך זיך פרעהען מיט אלעמען גלייך.

— איז דען נאך דא א האפענונג פאר מיר, אז איך וועל זוכה זיין זיך צו זעהן מיט מיין טאכטער? האט עירא געפרעגט דבורה'ן.

— יע, גאט, האט דיינע ליידען געזעהן, ער וועט דיר דיין פערלוסט אומקעהרען און פאר יעדען טאג וואס דו האסט געליטען און געטרויערט וועט דער בעשעפער געבען א יאהר פון פרייד און גליק.

— עירא, מיין ליעבער מאן! — איז איהם זיין פרוי אויפ'ן האלז געפאלען — הערסטו דען נישט וואס די נביאה דבורה רעדט צו דיר... איהרע רייד זיינען דאך הייליג! אלעס וואס זי זאגט דיר וועט מקויים ווערען!

— אה, איך וועל נאך דערלעבען צו זעהן מיין טאכטער! — האט עירא אויסגערופען — יע, איך גלויב אין דיינע רייד, דו הייליגע נביאה, גאט וועט אויף מיר רחמנות האבען און צוריקשיקען מיין ליעבע טאכטער רחל.

— און יעצט שטעה אויף, עירא, וואש דיינע הענט און עס דיין מאלצייט, און דאן זאלסטו געהן אין פעלד צו דיין ארבייט, פערטרייב פון זיך דעם טרויער און אומעט, ווייל דיין טרייסט איז נאהענט און דיין גליק וועט זיך צו דיר אומקערען.

צו דער גרויסער איבערראשונג פון עירא'ס פרוי און טאכטער, איז ער גלייך אויפגעשטאנען פון זיין פלאץ און געוואשען זיינע הענט. ער האט זיך געזעצט עסען און טרינקען, אזוי ווי אין די פריהערדיגע צייטען.

— אה, דו הייליגע נביאה, דו האסט מיין מאן לעבען געבראכט! — איז די מוטער איהר געפאלען צו די פיס. דיינע רייד האבען אונז אלעמען בעגליקט, און מיר האבען שוין געמיינט, אז דער סוף איז געקומען. מיין מאן האט שוין טעג קיין שפייז נישט פערזוכט... ער איז געווארען אויסגעצערט... ער האט

מיט קיינעם קיין וואָרט נישט גערעדט... און יעצט!... אָה, דו האָסט אין מיין הויז צוריק דאָס ליכט געבראַכט! זאָל דיר גאָט בעלוינען פאַר דעם!

נאָך דעם עסען האָט עירא גענומען טרייבען זיינע שאָף צו דער פּאַשע, און אַלע שכנים האָבען לאַנג נישט אויפגעהערט צו ריידען פון דעם גרויסען נס וואָס איז געשעהן מיט עירא'ן. פון ווע־מען מען האָט שוין מעהר נישט געהאַלטען... אַלע האָבען געגלויבט, אַז עירא'ס טעג זיינען געצעהלטע.. און יעצט זעהען זיי ווי ער איז פול מיט מוטה און קראַפט, ער טוט זיין ארבייט ווי פריהער און זיין פּנים איז שוין מעהר נישט פערטרויערט און פערזאָרגט...

ווען די נייעס איז פערשפּרייט געוואָרען, איז מען צו דבורה'ן געקומען פון ארום דעם גאַנצען געגענד. יעדער איינער האָט געזוכט צו קריגען פון איהר א ברכה. אבער דבורה האָט זיי אַלעמען געזאָגט, אַז דאָס גליק און געזונד ליגט אין די הענט פון דעם אַלמעכטיגען, און ווען זיי וועלען צו איהם מתפּלל זיין מיט'ן גאַנצען הארצען, וועט ער זיך צו זייערע תפלות צוהערען.

די מענשען פון ארום, אבער האָבען איהר נישט אָפּגעלאָזען, און דבורה מיט לפּידות'ן זיינען געצוואונגען געווען צו פערלאָזען יענעם געגענד גאַנץ פריה, ווען די איינוואוינער האָבען נאָך געשלאָפען.

---

א שטראַהל גליק און האָפענונג האָט אריינגעשיינט אין דער משפּחה פון אבינעם. יעל, די פרוי פון חבר דעם קיני איז פּלוצלונג געקומען אין קדש און איבערגעגעבען ברק'ן און זיין שוועסטער א גרוס פון יואש'ן.

— יעצט, שרה — האָט ברק זיך אָפּגערופען צו זיין שוועסטער, אז דו ביזט זיכער, אז דיין מאַן לעבט, דאַרפסטו אויסטהאָן דיינע טרויער קליידער און האָפען צו גאָט, אז יואש וועט זיך צו דיר אומקעהרען, און זיין א פאָטער צו דיין זוהן, גדעין.

אבינעם איז אין יענער צייט, ווען יעל איז געקומען אנזאָגען, אז זי האָט גערעדט מיט יואש, געווען אין שילה ווי ער איז געוואוינט געווען יעדען יאָהר צו ברייננגען א קרבן. און ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט פון שלה, האָט מען איהם איבערגעגעבען די פרעהליכע נייעס.

— יעל האָט אונז געבראַכט א גרוס פון יואש'ן — איז איהם ברק אנטקעגען געקומען.

— האָט זי זיך טאַקע איבערצייגט, אז דאָס איז ער! — האָט אבינעם געפרעגט פערוואונדערט.

— יע, זי האָט מיט איהם גערעדט און פערבראַכט א היבשע ווילע.

— אָה, געלויבט איז גאָט, אז ער לעבט נאָך! — האָט אבינעם אויסגערופען — יעצט איז דאָ א האָפענונג, אז ער וועט נאָך פּיליכט זיך אומקעהרען צו אונז. ווען ער וואָלט געקענט אנטלויפען און אוועק טיעפער אין לאַנד, צו זיין שוועסטער דבורה'ן, דאַן וואָלט איך אהין אוועקגעשיקט שרה'ן מיט זייער זוהן גדעון. און זיי וואָלטען זיך דאָרטען גאַנץ רוהיג געלעבט. ווייל ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען, איז מען דאָרטען אויף דעם הר אפרים זיכערער ווי דאָ אין דעם שבט נפתלי.

— וועגען דעם, אז ער זאָל אנטלויפען, איז אָפּגערעדט! — האָט ברק געזאָגט — סיסרא האַלט אַן אויג אויף איהם. ער האָט פיעלע אנדערע קנעכט וועלכע גיבען אכטונג אויף איהם און דער קלענסטער פערזוך פון זיין זייט וואָלט זיין לעבען אין סכנה געשטעלט.

— אויב אזוי איז שוין גאָר קיין האָפענונג נישטאָ ער זאָל ווען עס איז בעפרייט ווערען! — האָט אבינעם געזאָגט מיט א שטימע פון יאוש.

— יעל האָט מיר איבערגעגעבען פיעלע זאַכען וואָס דאַרף אונז זעהר פיעל ערמוטהיגען — האָט ברק געזאָגט — זי וועט אונז זעהן בעהילפיג זיין ווי וויט מעגליך... און עס איז צו האָפען, אז מיט גאָטעס הילף וועט אונז געלינגען צו בעזיעגען סיסרא'ן.

— ווי אזוי? — איז אבינעם אומגעדולדיג געווארען.

— זי האט שוין עטליכע פלענער, וואס זי וועט מיר איבערגעבען דעם צווייטען מאל, ווען זי וועט דא קומען, אבער איין זאך האט זי מיר פערטרויט, אז יואש וועט א סך נוצען אונז ברייגנען אויב ער וועט זיין מיט סיסרא'ן, פערשטעהסטו, פאטער, סיסרא מאכט אפטע בעזוכען ביי יעל'ן, ווי עס ווייזט אויס האט ער איהר ליעב געקראגען און זי קען טהאן מיט איהם וואס זי וויל און זי האט מיר פערשפראכען אויסצונוצען איהר מאכט און איינפלוס איבער איהם, כדי אונז צו העלפען.

— אה, זאל איהר גאט בענשען! — האט אבינעם אויסגערופען — יעל און איהר מאן חבר, זיינען אונזערע אמת'ע גוטע פריינד, און מיר קענען זיך אויף זיי פערלאזען. זיי וועלען אונז זיכער נישט פערראטהען.

— יעצט, אז מיר זיינען זיכער, אז יואש לעבט, וועט שוין אונזער האפענונג פערשטארקט ווערען, אז ער וועט זיך צו אונז אומקעהרען — האט אבינעם'ס טאכטער אפגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען—יעל האט מיר געזאגט, אז זי האט געהאט א פלאן, איך זאל זיך מיט איהם זעהן אין איהר געצעלט

— ווי אזוי?—האט אבינעם איהר אנגעקוקט.

— זי האט מיר געזאגט אז זי האט געהאט אין זינען צו שיקען נאך מיר, א פאר טעג איידער סיסרא וועט דארפען אנקומען און דאן וואלט זי מיר אויסבעהאלטען אין איהר הויז, און ווען סיסרא וואלט נישט בעמערקט וואלט זי שוין געזעהן אונזביידען צוזאמענצוברייגנען.

— פון וואנען אבער איז זי זיכער אז סיסרא וועט מיטנעהמען יואש'ן מיט זיך?—האט אבינעם געפרעגט.

— אין דעם איז זי זיכער, ווייל דורך די עטליכע מאל וואס ער האט איהר בעזוכט, איז ער געקומען מיט איהם, און ווי זי פערשטעהט האט סיסרא געקראגען צוטרוי צו יואש'ן, ער זעהט ווי קלוג ער איז, און בעראטה זיך מיט איהם גאנץ אפט וועגען פיעלע זאכען. אבער יעל האט דעם פלאן אויפגעגעבען.

— פארוואס? ווייל ווי זי האט נאכהער אויסגעפונען, האט סיסרא געהערט פון מיר דורך איינעם פון זיינע שקלאפען און דעריבער וואלט געווען א גרויס געפאהר ווען ער זאל מיך דא יעצט דערזעהן.

---

ווען דבורה און לפידות האבען זיך דערנעהענטערט צו דער שטאדט קדש, האבען זיי בעשלאסען אריינצוגעהן אין שטאדט אלס פרעמדע וואנדערענדע, כדי אז סיסרא זאל זיך נישט דערוויסען פון זייער בעזוך.

אבינעם'ס קנעכט האבען געמאלדען זייער האר אז צוויי פרעמדע זיינען געקומען און ווארטען נעבען הויז.

אבינעם איז ארויסגעקומען און גלייך דערקענט דבורה'ן.

— אה, מיין הארינטע!—האט ער אויסגערופען—ווי גליקליך איך בין, אז איך האב זוכה געווען דיר צו זעהן אין מיין הויז.

גלייך זיינען זיי אריינגעקומען אינוויינינג, און נאכדעם ווי דבורה האט פארגעשטעלט איהר מאן פאר ברק'ן און די איבעריגע האבען זיך אלע געזעצט.

— איך האב געהערט, אז דו האסט א זוהן!—האט דבורה זיך געווענדעט צו שרה'ן אבינעם'ס טאכטער.

— יע, גאט האט מיר געבענשט מיט א זוהן!—האט שרה געענטפערט און ער איז געראטהען אין גאנצען אין דיין ברודער—אט וועל איך איהם געהן ארייגרופען.

שרה איז ארויס און אין א ווייל ארום איז זי אריין מיט איהר זוהן גדעון, וועלכער איז דאן געווען זיעבען יאהר אלט.

— דאס איז דאך דיין מוהמע דבורה,

די שוועסטער פון דיין פאטער ?—האט זיך שרה אפגערופען צו גדעון'ען.

דבורה האט איהם ארומגענומען און געהאלזט און געקושט און נאכהער האט זי איהם גוט בעטראכט.

— ער איז ווירקליך עהנליך צו מיין ברודער !—האט דבורה אויסגערופען— ער האט אלע יואש'ס געזיכטסציגע.

— און איז אזוי קלוג ווי זיין פאטער !—האט זיך דער זיידע אפגערופען מיט שטאלץ.

— אה, זיין ארימער פאטער !—האבען זיך בעוויזען טרעהרען אין דבורה'ס אויגען.

— מיר האבען דא נישט לאנג געהאט א גערוס פון יואש'ן,—האט ברק זיך אפגערופען.

— א גערוס פון מיין ברודער ? !

ברק האט איהר דערצעהלט אלעס וועגען יעל'ן און חבר'ן ווי אזוי זיי האבען זיך מיט זיי בעפריינדעט, און ווי אזוי יעל האט מיט יואש'ן גערעדט.

— איך וועל זיך מוזען זעהן מיט דער מערקווירדיגער פרוי !—האט דבורה זיך אפגערופען—ווי איך זעה וועט זי אונז קענען א סך ארויסהעלפען.

— און יעל האט מיר שוין לאנג געבעטען איהר צו לאזען וויסען, ווען דו וועסט קומען אונז בעזוכען—האט ברק געזאגט. — און איך וועל טאקע גלייך געהן איהר אנזאגען.

— דו וועסט דארפען זעהר פארזיכטיג זיין, ברק—האט איהם זיין שוועסטער געזאגט—סיסרא טאר נישט אויסגעפינען אז יעל און איהר מאן זיינען בעפריינדעט מיט אונז. איך וועל זיך זעהן מיט איהר מאן. איך וויים וואו חבר פיטערט זיינע שאף, און ער וועט איהר שוין איבערגעבען.

— מיין הויפט צוועק פון מיין יעציגען בעזוך איז זיך דורכצורידען מיט דיר — האט דבורה זיך אפגערופען צו ברק'ן—איך וויים, אז מיט יאהרען צוריק ווען דו האסט געמאכט א פערזוך צו מאכען אן אויפשטאנד געגען יבין, דעם קעניג פון חצור, איז דיר נישט געלונגען, ווייל דאס פאלק איז דאן נאך נישט געווען געגרייט דערפאר. איין שבט האט נישט געפיהלט קיין פעראנטווארטליכקייט פאר דעם צווייטען. דאס פאלק האט געדיענט צו אפגיטער, און ווייניג האבען געוואוסט וועגען אונזער פערגאנגענהייט, וועגען אונזער הייליגער תורה, ביז וואנען איך און לפידות האבען ארומגערייזט און געלערענט דעם פאלק די וועגען פון אונזער תורה. מיר האבען אין זיי ערוועקט א זעלבסטבעוואוסטזיין און יעצט ווען עס וועט זיך געפינען א פיהרער וועלכער זאל געגרייט זיין צו פיהרען אן ארמעע געגען אונזער שונא, וועט ער קיין שוועריגקייטען נים האבען.

— ווען אזא מאן זאל זיך געפינען צווישען ישראל, וואלט איך איהם זעהר פיעל געהאלפען !—האט ברק זיך אפגערופען.

— אבער דו ביזט דער מאן !—האט דבורה אויסגערופען—דו דארפסט פיהרען די אידען אויף מלחמה געגען יבין און גאט וועט איבערגעבען סיסרא'ן און זיין ארמעע אין דיינע הענט און דו וועסט העלפען ישראל.

— אה, ניין, דבורה, איך האב געהאט א שרעקליכען דורכפאל דעם ערשטען מאל, און יעצט וועלען שוין די אידען מעהר קיין צוטרוי אין מיר נישט האבען. איך וועל שוין מעהר קיין פיהרער פון אן ארמעע נישט קענען זיין. אבער איך פערשפרעך צו העלפען מיט אלע מעגליכקייטען דעם יעניגען וועלכער וועט זיך אונטערנעהמען צו פיהרען אן ארמעע געגען סיסרא'ן אבער איך וועל שוין מעהר נישט קענען שטעהן אין דער שפיץ פון ארמעע.

— דאס וואס דו ביזט דאן דורכגעפאלען איז עס געווען צוליעב דעם, וואס די צייט איז נישט געווען רייף פאר א מלחמה, דו האסט נישט געקענט צוזאמענשטעלען א גרויסע ארמעע — האט לפידות זיך אריינגעמישט—אבער יעצט

וועסטו קיינע שוועריגקייטעז נישט האָבעז—מיר האבעז דורכגערייזט אלע שבטים און גערעדט מיט פיעלע יונגע פאסטוכער. זיי זיינעז אלע גרייט צו קומעז אויף דעם רוף צו א מלחמה.

— מיר פערמאָגעז נאָך זעהר פיעל גרויסע העלדעז !—האט ברק געזאָגט— און צווישעז זיי וועט זיך געפינעז אייגער וועלכער וועט בעגייסטערעז אונזערע ברידער צו קעמפעז געגעז אונזערע שונאים.

— מיר ווילעז וועגעז דעם יעצט מעהר נישט ריידעז—האט דבורה זיך אָפּגערופעז—איך בין זעהר נייגיעריג צו ריידעז פריהער מיט יעל'ן איך האָף אז דורך איהר וועל איך אויסגעפינעז די שוואכע פונקטעז פון סיסרא'ן און פון זיינע מחנות. זי וועט מיר אויך קענעז ראטהעז אויב יעצט איז ראטהזאם זיך אָנצופאנגעז מיט סיסרא'ן. און אויב עס וועט זיין מעגליך פאר איהר צו קומעז צו אונזער הילף.

— דאס וועל איך טאקע נאָך היינט טהאָן !—האט ברק אויסגערופעז—איך וועל זעהן, אז יעל זאָל וויסעז וועגעז דיין בעזוך. דאָן וועט זי אהער קומעז.

טראָטץ דעם וואס אבינעם און זיין משפחה האבעז געוואלט האלטעז דבורה'ס בעזוך בסוד, איז אין שטאָדט באלד בעוואוסט געווארעז, אז דבורה די נביאה געפינט זיך אין קדש צווישעז זיי. עס איז באלד געווארעז א געלאָף. אלע האבעז געוואלט אָנקוקעז די געטליכע פרוי פון וועמעז מען האט אזוי פיעל וואונדערבארע זאכעז געהערט.

מען האט בעלאָגערט אבינעם'ס הויז, און מען איז אָפּגעשטאנעז א היבשע צייט, ביז וואנעז דבורה איז געוועז געצוואונגעז ארויסצוגעהן און צו זיי ריידעז צום עולם.

דבורה האט זיי גאנץ אָפעז ערקלערט, דעם צוועק פון איהר בעזוך, זי האט פאָרגעשטעלט די שרעקליכע לאגע פון דעם שבט נפתלי און אנדערע נאָהענטע שבטים.

דער עולם איז געוועז שטארק בעגייסטערט פון איהרע רייד. יעדער האט געפיהלט אז דבורה וועט זיי העלפעז אראָפּצוואַרפעז דעם יאָך פון סיסרא'ן.

אין אבענד, ווען דער עולם איז זיך צוגאנגעז האט אבינעם געזאָגט צו דבורה'ן, אז זי וועט יעצט מוזעז מעהר פאָרזיכטיג זיין, ווייל אפילו אונזערע שונאים האבעז פון איהר געהערט. און ווען סיסרא וועט זיך דערוויסעז, אז זי געפינט זיך אין קדש, וועט ער געוויס זוכעז איהר שלעכטעס צו טהאָן.

— גאָט וועט מיר בעשיצעז !—האט דבורה געזאָגט מיט רוהיגקייט. — איך בין זיכער, אז צווישעז די אלע אידעז וועט זיך נישט געפינעז איינער וועלכער זאָל זיין אזוי פערדאָרבעז אז ער זאָל אונז פאררואטהעז.

— יע, צווישעז אונזערע אייגענע ברידער וועלעז זיך אזעלכע רשעים נישט געפינעז !—האט איהר אבינעם געזאָגט —אָבער די גבעונים וועלכע האבעז שוין אונז אזוי אויך פיעלע צרות אָנגעטהאָן, זיי זיינעז אויך געוועז, און ווער ווייס וואס זיי קענעז נאָך טהאָן.

— מען וועט דארפעז פערשטארקעז די שמירה פון די טויערעז פון שטאָדט —האט ברק אויסגערופעז — און ווען מען וועט בעמערקעז א פערדעכטיגעז פערזאָן וואס וויל פערלאָזעז די שטאָדט זאָל מען איהם גלייך פערהאלטעז.

ברק איז אוועק צו די טויערעז פון שטאָדט און פערזאָגט די שומרים זיי זאָלעז יעצט מעהר פאָרזיכטיג זיין מיט די וועלכע פערלאָזעז קדש.

אליין איז ברק אוועק צו חבר'ן דעם קיני און איהם געזאָגט ער זאָל איבערגעבעז זיין פרוי, אז דבורה געפינט זיך אין קדש.

---

אין א טאָג ארום, איז שוין יעל געוועז אין קדש.

ווען מען האט דבורה'ן פאר איהר פאָרגעשטעלט, איז יעל געוועז אויסער זיך פון גליק.

— איך האב שוין לאנג געטרוימט דיר צו זעהן, א געטליכע פרוי! — האט יעל אויסגערופען מיט ענטציקונג — איך האב אזוי פיעל געהערט פון דיר, און יעצט האב איך די עהרע דיך צו זעהן און מיט דיר ריידען.

יעל האט איהר דערצעהלט וועגען סיסרא'ן, ווי אזוי ער קומט איהר בעזוכען גאנץ אפט און ווי אזוי זי האט זיך גע־זעהן מיט איהר ברודער, יואש'ן.

— איך האב אויסגעפונען אלע זיינע שוואכקייטען, איך ווייס ווי אזוי זיך מיט איהם צו בעגעהן. איך האף אז דיין גאט וועט מיר קומען צו הילף — האט יעל געזאגט צו דבורה'ן — ווייל דער רשע האט שוין פיעלע שלעכטעס גע־טאן, און אויב ער זאל ווערען נאך שטארקער. וועט צו זיין רשעות קיין סוף נישט נעמען.

— אה, זאג מיר, יעל ווי זעהט אויס מיין ברודער? — האט דבורה איהר גע־פרעגט — ליידעט ער זיך אן גענוג פון דעם גרויסען אכזר.

— יע, ער ליידט פון איהם א סך. פאר יעדער קלייניגקייט שלאגט ער איהם. אבער ווי איך האב אויסגעפונען האלט סיסרא פון דיין ברודער מעהר ווי פון די איבעריגע שקלאפען. ער פרעגט איהם פיעלע מאל עצות, און איהם שיקט ער צו טהאן זיין שליחות... אזוי האט ער איהם צו מיר געשיקט אויסצו־געפינען אויב איך וועל איהם אויפנע־מען. אבער זארג נישט, געטליכע פרוי, עס וועט שוין לאנג נישט דויערען און דיין ברודער וועט פריי זיין... דער־ווייל וועט ער זיין א גרויס הילף פאר אונז אלעמען... ער וועט מיר קענען גע־בען גענוג אויסקינפטע וועגען זיינע אר־מעען און וועגען זיינע פלענער, און איך וועל דאס גלייך איבערגעבען צו די פיה־רער אין ישראל.

— און ווען וועט סיסרא ווידער ביי דיר זיין? — האט דבורה איהר גע־פרעגט.

— איך קען מאכען ער זאל קומען צו מיר צו יעדער צייט... איך זעה פון זיין בענעהמען זיך און איך האב פערשטא־נען נאך זיינע רייד אז מיין איינפלוס איבער איהם איז זעהר גרויס... ער וועט אלעס טהאן וואס איך וועל פון איהם פערלאנגען. איך ווייס גאנץ גוט, אז ווען איך זאל פון איהם פערלאנגען ער זאל מיר איבערגעבען דיין ברודער יואש אלס מיין שקלאף, וואלט ער דאס זיכער געטהאן! אבער איך האב זיך אויסגע־רעכענט, אז עס וועט זיין א סך בעסער פאר אונז אלעמען, אז איך זאל פון איהם יעצט אזא בקשה נישט שטעלען... ווייל איך האף אז אין גיכען וועט ער זיין מפלה קריגען, צוזאמען מיט זיין קעניג יבין. זיין טאג וועט קומען און ער וועט בעצאהלען פאר אלע גרויזאמקיי־טען אין רשעות וואס ער איז בעגאנגען זינט ער האט געקראגען די מאכט ביז היינטיגען טאג... איך ווייס אז ער האט בייזע כונות וועגען מיר. און איך האב שוין וועגען דעם מיט מיין מאן גערעדט. איך וועל דארפען האנדלען מיט גרויס פארזיכטיגקייט... איך וועל איהם דאר־פען אנציהען אז ער זאל גלויבען אז איך בין אין איהם אויך שטערבליך פער־ליעבט... ער אין לעצטענס צו מיר גע־קומען מיט אן אויסרייד, אז ער וויל מיין מאן נעבען אן אמט אין פיין אר־מעע. דאס האט ער געמיינט דערווייל צו דערווייטערען חבר'ן פון הויז, כדי ער זאל קענען קומען מיר אפטער בעזו־כען. מיין מאן, אבער האט זיך ענט־זאגט דאס אנצונעהמען... דאן, האט ער אונז געגעבען אנצוהערענים, אז מיר וועלען מוזען אנקומען צו איהם נאך שוץ ווייל ווי עס ווייזט אויס האט איהם אי־מיצער איבערגעגעבען אז חבר האט צו־ליעב מיר געטויטעט א גענעראל פון עמלק... געוועהנליך האבען מיר זיך גע־מוזט ארויסציינען ווי אונזער פריינד־שאפט צו איהם איז פערשטארקט גע־ווארען... איך האב איהם איינגעלאדען ער זאל מיר גאנץ אפט בעזוכען...

א היבשע צייט האט יעל פערבראכט מיט דבורה'ן; זי האט איהר דערצעהלט אלעס וואס זי האט דורכגעמאכט. ווי

אזוי די עמלקים האָבען פערניכטעט איהר פאָלק, די קדרים און ווי אזוי זי האָט פערלאָרען איהר פאָטער און איהר גאַנצע משפחה דורך די עמלקים. זיי זיינעןביידע געוואָרען צוגעבונדען אויינע צו דער צווייטער.

אין אבענד. איידער די זון איז פארגאנגען, האָט זיך יעל צוריקגעקעהרט צו איהר היים.

---

## ניינטער קאפיטעל

ווען די נאַכט איז צוגעפאלען זיינען פלוצלונג צוגעקומען איניגע אָפיצערען פון סיסרא׳ן אין בעגלייטונג פון פיעלע סאָלדאטען, צו די טויערען פון שטאָדט קדש און זיי האָבען זיך אָפּגערופען צו די היטער פון די טויערען:

— אונזער האר סיסרא׳ן האָט מען אַנגעזאָגט אז ביי אייך אין שטאָדט געפינט זיך די בעוואוסטע פרוי, דבורה, וועלכע רייזט ארום פון שטאָדט צו שטאָדט און זוכט צו בעאיינפלוסען די בעזונדערע שבטים צו מאַכען אן אויפשטאנד געגען דעם קעניג יבין. דעריבער האָט ער אונז געשיקט איהר זאָלט דיזע פרוי גלייך איבערגעבען אין אונזערע הענט. זי וועט מוזען געבראַכט ווערען פאר סיסרא׳ן און ער וועט שוין וויסען וואָס צו טהאָן מיט איהר...

—אזא פרוי איז קיינמאָל נישט געווען אין אונזער שטאָדט, און מיר זיינען זיכער אז די וועלכע האָבען דערצעהלט אייער האר וועגען דעם, זיינען ליגנער. זיי זוכען בלויז אונז שלעכטעס צו טאָן.

—אה, ניין, יענע וועלכע האָבען איבערגעגעבען אונזער האר סיסרא׳ן האָבען קיין ליגען נישט געזאָגט. זיי האָבען איהר אליין געהערט ריידענדיג פאר א גרויסען תמוז און זיי האָבען דערצעהלט סיסרא׳ן אלעס וואָס יענע פרוי האָט גערעדט.

— מיר וויסען גאָרנישט! — האָט א שומר געענטפערט. מיר זיינען די שומרים פון די טויערען און מיר וואָלטען זיכער בעמערקט ווען אזא פרוי וואָלט אריינגעקומען.

— אויב אזוי וועט איהר אונז מוזען אריינלאָזען אין שטאָדט און מיר וועלען איהר שוין געפינען — האָט דער אָפיציער אויסגעשריען.

— אונזער פליכט איז קיינעם נישט אריינצולאָזען אין שטאָדט, סיידען מיר קריגען א בעפעהל פון דעם הויפּט פון קדש!

— אויב איהר וועט נישט עפענען די טויערען און מיר אריינלאָזען צוזאַבען מיט מיינע מענשען, וועט סיסרא מאָרגען בעלאַגערען די שטאָדט און איהר חרוב מאַכען. ווייסט איהר דען נישט אז די לעבענס פון אלע איינוואָהנער געפינען זיך אין אונזער האר סיסרא׳ס הענט?

— דו וואַרט דאָ, און מיר וועלען שיקען אָנזאָגען דעם הויפּט פון שטאָדט וועגען דעם פערלאַנג פון סיסרא׳ן. און וואָס ער וועט אונז הייסען, אזוי וועלען מיר טהאָן.

די שומרים האָבען גלייך געשיקט אָנזאָגען ברק׳ן וועגען וואָס עס האנדעלט זיך דאָ.

עס איז געוואָרען א שטארקער טומעל און שרעק אין אבינעם׳ס הויז.

— מען האָט אונז פערראטען! מען האָט אונז פערראטען! — האָט אבינעם אויסגערופען. יעצט וואָס זאָלען מיר טהאָן!

— פערלאָזט זיך אויף גאָט! — האָט דבורה זיך אָפּגערופען. ער וועט אונז נישט פערלאָזען.

— אָבער מיר זיינען דאָך יעצט נישט אימשטאנד זיך געגענצושטעלען סיסרא׳ן. און אויב מיר וועלען זיין פערלאַנג נישט טהאָן, וועט ער אונזער שטאָדט בעלאגערען — האָט ברק אויסגערופען מיט פערצווייפלונג — די איינוואָהנער פון קדש זיינען נישט געגרייט צו א מלחמה. און עס וועט סיסרא׳ן אָנקומען גאַנץ גרינג איינצונעהמען די שטאָדט און פערניכטען די איינוואָהנער!

— וואָס בלייבט אונז ווידער צו טאָן?

**— האָט אבינעם געזאָגט — אויב דאָס**

איז דער איינציגער וועג וועל איך ארויסגעהן און זיך איבערגעבען—האט דבורה געזאגט.

— אה, ניין! מיין טייערע דבורה—האט לפידות אויסגערופען, דוטארסט נישט געהן — צו גרויס איז דער געפאהר. דו טארסט נישט איינשטעלען דיין לעבען.

— אבער איך קען דאך נישט איינשטעלען די לעבענס פון די איינוואהנער פון שטאדט — האט דבורה געזאגט..

— מיר מוזען געפינען אן אנדער אויסוועג — האט ברק געזאגט — איך וועל געהן זיך דורכריידען מיט סיסרא'ס בעאמטע. איך וועל בעטען א טאג צייט, זיך צו בעדענקען וואס מיר זאלען טהאן!

ברק איז ארויסגעגאנגען צו די טויערען פון שטאדט און ער האט געפרעגט סיסרא'ס בעאמטע וואס זיי פערלאנגען.

— מיר פערלאנגען אז דו זאלסט איבערגעבען אין אונזערע הענט דבורה'ן. די וועלכע זוכט צו מאכען אן אויפשטאנד צווישען די שבטים. און אויב דו וועסט פערלייקענען אז זי געפינט זיך יעצט אין דיין שטאדט, וועסטו ערגער מאכען, ווייל מיר זיינען איבערצייגט, אז זי איז דא צווישען אייך.

—איך פערלייקען נישט אז דבורה געפינט זיך יעצט אין אונזער שטאדט, אבער דאס וואס מען האט דיין האר איבערגעגעבען וועגען איהרע רייד, איז א ליגען! די פרוי דבורה איז א געטליכע פרוי און זי זוכט אומצוקעהרען דעם פאלק צו דעם גאט פון אונזערע עלטערען... און מיט קיין אנדערע כונות טראגט זי זיך נישט ארום.

— דו זאגסט א ליגען — האט דער אפיציער זיך צו איהם אפגערופען — די מענשען וועלכע האבען סיסרא'ן איבערגעגעבען וועגען דבורה'ן האבען געהערט אלעס וואס זי האט גערעדט, און מיין האר וועט זיי גלויבען בעסער ווי דיר! אויב דו ווילסט ראטעווען די שטאדט און אלע איינוואהנער זאלסטו איהר איבערגעבען אין אונזערע הענט.

— גיב מיר צוויי טעג צייט און איך וועל זיך בעדענקען וואס צו טהאן.

— מעהר ווי איין טאג וועל איך דיר נישט געבען! און אויב ביז מארגען נאך האלבען טאג וועסטו נישט ארויסקומען מיט איהר, דאן וועט סיסרא פארזאמלען זיינע מחנות מיט די אייזערנע רייטוועגען און מיר וועלען שטורעמען די שטאדט.

— גוט! — האט ברק געזאגט. — מארגען נאך האלבען טאג וועל איך דיר געבען מיין תשובה און דאן וועסטו טהאן ווי דו פארשטעהסט.

ברק איז געקומען צוריק אהיים א טרויעריגער. ער האט געטראפען זיין משפחה זעהר פארצווייפעלט. זיין שוועסטער שרה האט ביטער געוויינט און אבינעם איז ארומגעגאנגען צעטראגען און פארקלעמט.

— מיין הארץ האט מיר אבער געזאגט, — האט ער אויסגערופען, — אז מען וועט אונז פארראטען. ווינציג האבען מיר דורך אונזערע וואסער־טרעגער און האלצהעקער געליטען! די גבעונים זיינען פאר אונז געווען א קללה זינט דעם טאג, וואס יהושע האט מיט זיי שלום געשלאסען... יעצט איז די לאגע זעהר א טרויעריגע.

— אויב עס איז אזוי באשערט פון הימעל, וועל איך געהן! — האט דבורה געענטפערט. — און גאט וועט מיך באשיצען.

— אה, ניין! מיר טארען דיך נישט לאזען געהן, דבורה! — האט ברס זיך אפגערופען. — ווען מיר פארלירען דיך, דאן איז די האפנונג פון גאנץ ישראל פארלוירען. מיר וועלען פערבלייבען אונטעריאכט פון די צידונים. דאס פאלק איז דורך דיינע הייליגע רייד ערמוטיגט געווארען.

— דאס איז דאך אבער דערוויילע דער איינציגער וועג! — האט דבורה געזאגט. — איך וועל דאך נישט דערלאזען, אז צוליעב מיר זאלען אלע איינוואינער פון שטאדט לײדען!

— פיעלייכט זאלסטו, מיין ברודער,

אריבערגעהן צו יעל'ן און פרעגן ביי איהר אן עצה ? ! — האט שרה זיך אפגערופען צו ברק'ן.

— איך האב מורא, אז ביז וואנען איך וועל זיך אומקעהרען פון איהר, וועט שוין צו שפעט זיין ! — האט ברק געענטפערט. — איך וועל צוזאמענרופען די העלדען און מיר וועלען זיך באראטען. מעגליך, אז מיר וועלען זיך געגענשטעלען סיסרא'ס ארמעע.

— דו וועסט האבען א זיכערען דורכפאל ! — האט אבינעם איהם געענטפערט. — אין דער צייט ווען דו האסט געהאט מיט זיך פיעלע העלדען פון אנדערע שבטים, האסטו נישט געקענט אויסהאלטען דעם דרוק פון סיסרא'ס מעכטיגער ארמעע, בפרט יעצט, ווען דו האסט א באגרעניצטע צאהל מענשען...

— אויב אזוי זיינען מיר פארלוירען!

— האט ברק מיט יאוש אויסגערופען.

— מיר זיינען אריין אין א שרעקליכער לאגע און גאט ווייסט ווי מיר וועלען פון איהר ארויסקריכען. דער איינציגער וועג איז צו זיין גרייט צו פארטיידיגען די שטאדט. זאל, אמווועניגסטען, דעם שונא נישט אזוי גרינג אנקומען חרוב צו מאכען קדש. מיר וועלען קעמפען ביז דעם לעצטען מענשען. איך וועל גלייך געהן און צונויפרופען די יוגענד פון שטאדט. איך וועל זיי איבערגעבען די באהאלטענע וואפען און מיר וועלען זיין געגרייט.

— ווארט ! — האט שרה זיך אפגערופען. — איך האב א פלאן !

— א פלאן וועגען וואס ?

— א פלאן ווי אזוי זיך ארויסצודרעהען פון דער אומגליקליכער לאגע !

ברק, אבינעם און די איבעריגע האבען זי אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— קיינער פון סיסרא'ס בעאמטע האט קיינמאל נישט געזעהן דבורה'ן !

— האט שרה געזאגט. — און מיין פנים איז אויך אומבאקאנט צו זיי... און דעריבער איז מיין עצה, אז איך זאל פארנעהמען דבורה'ס פלאץ... מען זאל מיך איבערגעבען אין די הענט פון סיסרא'ס בעאמטע.

— מיין טאכטער ! — האט אבינעם אויסגעשריען. — ווי אזוי וועסטו עס קענען טהאן ? וואס וועט זיין מיט דיין קינד ? ווייסטו דען נישט, וואס סיסרא וועט מיט דיר טהאן ?

— איך בין געגרייט אויף אלעס ! — האט שרה אויסגערופען. — מיין פארלוסט וועט נישט טרעפען דאס פאלק אזוי שטארק, ווי דער פארלוסט פון אונזער נביאה. זי וועט קענען בריינגען מעהר נוצען צו די שבטים, ווי צעהנדליגער טויזענדער ווי איך.

— אה, ניין ! דו קענסט פאר מיר זיך ניט מקריב זיין ! — האט דבורה איהר געזאגט. — איך וועל נישט דערלאזען, אז דו זאלסט צוליעב מיר ליידען!

— איך בין זיכער, אז איך וועל נישט דארפען ליידען פיעל ! — האט שרה געזאגט. — און דערווייל וועל איך האבען א מעגליכקייט זיך צו זעהן מיט מיין מאן !

— אבער וואס וועסטו טהאן, אז סיסרא וועט דיך וועלען צווינגען צו ווערען זיין קעבסווייב ? — האט ברק געזאגט. — דו ווייסט דאך, אז דו באזיצסט א שעהן פנים.

— אין דעם, האף איך, אז יעל וועט מיר ארויסהעלפען ! — האט שרה געזאגט. — און אויסערדעם וועל איך זעהן אויסצוקוקען העסליך אין זייערע אויגען.

— סיסרא'ן קען מען אזוי שנעל ניט אפנארען ! — האט ברק געזאגט. — ער האט א שארף אויג פאר שעהנע פרויען.

— אבער מיר ווייסען דאך, אז סיסרא ליעבט זיך אין יעל'ן און ווען יעל וועט זיך דערוויסען וועגען דעם, וועט זי גאנץ לייכט קענען עפעס אויפטהאן פאר מיר. זי וועט שוין זעהן, אז קיין שלעכטס זאל צו מיר נישט געשעהן !

— איך גלויב, אז דו האסט רעכט, מיין שוועסטער ! — האט זיך ברק אפגערופען. — דאס וועלען מיר גאנץ גרינג קענען אויספיהרען. קיינער פון זיי וועט נישט וויסען דעם אונטערשיעד. זיי וועלען דיך אננעהמען אלס דבורה'ן און דעם זעלבען טאג וועל איך זיך זעהן מיט יעל'ן און איהר זאגען, וואס עס האט

פּאסירט. איך בין זיכער, אז זי וועט עפּעס קענען טהאָן פאר דיר. סיסרא וועט יעל'ן קיין זאך נישט ענטזאגען.

— אָבער וואָס וועט ווערען פון גדעונ'ען? — האָט אבינעם געפרעגט.

— דבורה און לפּידות וועלען מיטנעהמען מיין זוהן און זיך מיט איהם צוריקקעהרען נאָך אפרים. ער וועט זיך ביי זיי האָדעווען ביז וואנען גאָט וועט זיך מרחם זיין איבער איהם און אומקעהרען זיין פאָטער און מוטער צו איהם.

ברק, אבינעם און שרה זיינען צונעשטאנען צו דבורה'ן, אז זי זאָל עס טהאָן.

— דו וועסט נאָך מאָרגען קענען פארלאָזען קדש מיט מיין קינד,— האָט שרה זיך אָפּגערופען צו דבורה'ן. — ער וועט זיין א סך זיכערער אין דיינע הענט. איך האָף צו גאָט, אז אונטער דיין איינפלוס וועט גדעון אויסוואקסען א געטריי'ער איד, וועלכער וועט קעמפען פאר דער באפרייאונג פון זיין פאָלק.

— דו זאָלסט זאָגען יעל'ן, אז זי זאָל פארלאנגען פון סיסרא'ן, ער זאָל איהר איבערגעבען פאר א דינסט איינע פון די אידישע פרויען. יעל איז גאנץ קלוג און זי וועט שוין אויסמארקירען אריינצוקריגען שרה'ן און דאָס וועט זי ראטעווען, — האָט לפּידות געזאָגט.

אויף מאָרגען גאנץ פריה איז ברק אוועק צוזאמען מיט זיין שוועסטער צו סיסרא'ס בעאמטע און ער האָט זיך אָפּגערופען:

— דאָס איז די פרוי דבורה, וועלכע אייער האר איז חושד, אז זי האָט געזוכט צו מאכען אן אויפשטאנד. איך קען שווערען ביי דעם אלמעכטיגען, אז זי איז אונשולדיג און זי האָט באשלאָסען זיך פרייוויליג אונטערצוגעבען.

— וועגען איהר שולדיגקייט וועט שוין אונזער האר, סיסרא, באשליסען! — האָבען די בעאמטע זיך אָפּגערופען און האָבען זי אוועקגעפיהרט צו דעם גענעראל סיסרא.

ברק האָט זיך אומגעקעהרט אהיים און ער האָט געזאָגט צו דבורה'ן מיט לפּידות'ן, אז זיי מוזען גלייך פארלאָזען די שטאָדט, כדי די גבעונים זאָלען זיך נישט דערוויסען, אז מיר האָבען אָפּגענארט סיסרא'ן.

דבורה האָט אנגעטהאָן א דיקען שלייער איבער איהר פּנים און מיטנעהמענדיג איהר פּלימעניק גדעונ'ען האָט זי צוזאמען מיט איהר מאַן לפּידות פארלאָזען די שטאָדט קדש.

דעם זעלבען טאָג האָט ברק אוועקגעריטען אויף אן אייזעל צו יעל'ן און מיט גרויס זאָרג איהר איבערגעגעבען אלץ, וואָס עס האָט פּאסירט.

— זאָרג נישט, ברק! — האָט יעל צו איהם זיך אָפּגערופען. — דיין שוועסטער האָט זעהר קלוג געטהאָן, וואָס זי האָט זיך פארשטעלט אלס דבורה. איך וועל נאָך היינט שיקען אן איינלאדונג צו סיסרא'ן און זעהן פועל'ן ביי איהם ער זאָל מיר איבערשיקען א דינסט פון די אידישע פרויען. איך פארזיכער דיך, אז איידער סיסרא וועט צייט האָבען זיך גוט ארומצוקוקען אויף איהר, וועט זי שוין זיין אונטער מיין רשות.

— וואָס פאר אן אויסרייד וועסטו איהם געבען פאר דער פּלוצלונגער איינלאדונג? — האָט ברק זי געפרעגט.

— איך דאַרף דעם שכור'ן סיסרא'ן גאָר קיין אויסרייד נישט געבען, — האָט יעל געשמייכעלט.

— דו וועסט מיר ענטשולדיגען, מיין הארינטע, וואָס איך פרעג דאָס דיך, ווייל איך וואָלט זעהר נישט געוואָלט, אז סיסרא זאָל חושד זיין, אז דו האָסט א באזונדערע כונה אין דעם.

— נו, וועל איך איהם זאָגען, אזוי ווי איך פייער אין א פּאָר טעג ארום מיין געבורטסטאָג, וויל איך ער זאָל קומען זיך באטייליגען אין מיין שמחה. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט, אז ער וועט גאָרנישט פארדעכטיגען, און קומען. דאַן וועל איך איהם זאָגען, אז איך ברויך א גוטע קעכין און אזוי ווי איך האָב געהערט, אז די אידישע פרויען קענען קא־

כען גוטע אמכלים, וועט ער מיר טהאָן א גרויס געפעליגקייט. אויב ער וועט פאר מיר קענען קריגען א אידישע פרוי, וועלכע וועט קענען זיין מיין דינסט און קעכין.

---

מיט גרויס פרייד און טריאומף האָבען זיך סיסרא'ס בעאמטע אומגעקעהרט צו זייער האר און איהם אָנגעזאָגט, אז זיי האָבען איהם געבראכט דבורה'ן די נביאה.

— זאָל זי געבראכט ווערען פאר מיר!

— האָט סיסרא באפוילען.

ווען מ'האָט ברק'ס שוועסטער אריינגעבראכט אין דעם געצעלט פון סיסרא, איז ער געזעסען ביים טיש מיט א קרוג וויין און האָט עגטרונקען.

— ביזטו עם דבורה, די פרוי, וועלכע האָט געזוכט צו פאראייניגען די שבטים פון ישראל מלחמה צו האלטען מיט מיר? — האָט סיסרא זי באטראכט מיט דורכדרינגענדע בליקען.

— איך בין דבורה! — האָט שרה געענטפערט. — אָבער מיינע שונאים האָבען אויף מיר א בלבול געמאכט. איך האָב קיינמאָל נישט געפרעדיגט, אז מיינע ברידער זאָלען ארויס אויף א מלחמה געגען דעם קעניג יבין.

— ווילסטו דען פארלייקענען, אז דו האָסט גערעדט פאר א גרויסען המון אין קדש און זיי ערמוטיגט זיך צו באוואפענען געגען זייערע שונאים?

— דאָס האָב איך בלויז געמיינט, אז מיר זאָלען אָנפיהרען א קאמפף געגען געצענדינעריי, — האָט שרה געזאָגט. — אונז איז פארבאָטען צו דינען צו אָפּגעטער און מיין צוועק איז געווען אומצוקעהרען מיין פאָלק צו דעם גאָט פון אונזערע עלטערען.

— כאָ, כא, כא! — האָט זיך סיסרא פאנאנדערגעלאכט. — א סך קען דער גאָט פון דיינע עלטערען העלפען דיינע ברידער! קיין גאָט איז נישט אימשטאנד זיך געגענצושטעלען מיינע ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען! און ווען איך זאָל נאר וועלען, קען איך מאַכען אלע שבטים פון ישראל צו שטויב!

און ווען די איינוואוינער פון קדש וואָלטען נישט געקומען צום שכל, וואָלט מאָרגען פון דער שטאָדט קדש פארבליבען א הויפען אש.

— אויב איך האָב געגען מיין האר געזינדיגט, בין איך גרייט צו באקומען מיין שטראָף, אָבער קיינער פון די איינוואוינער פון שטאָדט איז אין דעם נישט שולדיג. די איינוואוינער פון שטאָדט האָבען קיינמאָל נישט געטראכט אפילו וועגען אויפהערען צו צאָהלען די צינזען צו מיין האר.

— לויט דיינע רייד, ביזטו זיך דאָך מודה, אז דו האָסט געגען מיר געזינדיגט! — האָט סיסרא איהר אָנגענומען פאר דער האנט.

— ניין, מיין האר! איך האָב נישט געהאט קיין שלעכטע כוונות!

— אָבער ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען דיינע ווערטער, האָסטו גאנץ אָפען געפרעדיגט א מלחמה.

— דאָס האָבען מיינע שונאים געזוכט צו מאכען א בלבול אויף מיר.

— ווי אזוי קענסטו זיי אָנרופען דיינע שונאים? — האָט סיסרא געפרעגט,

— אז זיי שטאמען פון ישראל?

— איך ווייס, מיין האר, ווער זיי זיינען! זיי שטאמען נישט פון מיין פאָלק! זיי זיינען פון גבעון. זייערע אורעלטערען האָבען מיט יאָהרען צוריק אָפּגענארט אונזער פיהרער יהושע'ן און ער האָט מיט זיי געשלאָסען א בונד פון שלום און זינט דאן זיינען זיי געוואָרען אונזערע שונאים.

— מיר האָט מען איבערגעגעבען, אז דאָס פאָלק האלט דיך פאר א נביאה, פאר א הייליגער. איז דאָס אמת?

— איך בין אן איינפאכע פרוי פון ישראל! — האָט שרה אויסגערופען;

— אויב דו ביזט הייליג צי נישט, ארט מיך נישט. אָבער איך זעה, אז דו ביזט א שעהנע פרוי! — האָט ער איהר געהייסען זיך זעצען נעבען איהם.

זי האָט זיך געזעצט און סיסרא האָט אָנגעפילט נאָך א בעכער מיט וויין און טרינקענדיג דעם וויין האָט ער זי ווי־

דער באטראכט מיט זיינע דורכדרינגענ־
דע בליקען.

— וואלסטו געוואלט ווערען מיין קעבסווייב? כא, כא, כא! פון א נביאה ביז די קעבסווייב פון דעם שטארקסטען גענעראל, סיסרא! — האט ער זיך פאר־נאנדערגעלאכט.

— אה, ניין מיין האר! איך האב א מאן!

— דו האסט א מאן? — האט סיסרא אויסגערופען מיט כעס. — פארוואס האבען מיר מיינע קנעכט אויך דיין מאן אהער נישט געבראכט. איך וואלט שוין וויסען, וואס צו טהאן מיט איהם!

— מיין מאן האט מיט מיר נישט מיטגערייזט! — האט שרה געזאגט. — ער איז פארבליבען אין דער היים מיט אונזערע קליינע קינדער...

— מיך ארט נישט אויב דו האסט א מאן אדער נישט! — האט זיך סיסרא אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און זי ארומגענומען. — יעצט ביזטו אין מיינע הענט און איך קען טהאן מיט דיר וואס איך וויל!

— אה, איך בעט דיך, מיין האר! טהו נישט קיין שלעכטס מיט מיר! איך בין גרייט צו זיין א דינסט פאר דיר און טהאן אלעס, וואס דו וועסט פארלאנגען. איך קען זעהר גוט קאכען פארשיעדענע געשמאקע מאכלים. ווען דו וועסט מיינע מאכלים עסען, וועסטו שטארק הנאה האבען פון זיי.

— און וואס וועל איך טהאן, אז דו וועסט אריינלייגען סם אין דעם עסען? אה, ניין! איך וועל זיך נישט פארלא־זען אויף א פרוי פון ישראל, זי זאל פאר מיר קאכען!

— אזא זאך וועל איך נישט טהאן, מיין האר! — האט זי זיך אפגערופען.

— איך בין זיכער, אז פון דיינעם א קוש וועל איך זיך נישט פאר'סמ'ען, אבער פון דיין עסען?! ווי אזוי קען איך זיכער זיין?

סיסרא האט זי אנגענומען מיט זיינע ביידע געזונטע הענט און געזוכט איה־רע ליפען.

שרה האט זיך געראנגעלט מיט אלע איהרע כחות. זי האט זיך ביי איהם גע־בעטען ער זאל זי אפלאזען. זי האט אפ־געקעהרט איהר קאפ און פלוצלונג הא־בען זיך איהרע בליקען באגעגענט מיט די בליקען פון יואש'ן.

שרה האט ארויסגעלאזען א געשריי און סיסרא האט דערפיהלט, אז זי האט גע'חלש'ט אין זיינע הענט.

ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און האט באמערקט נעבען דעם אריינ־גאנג פון זיין געצעלט זיין שקלאף יואש, שטעהענדיג א בלאסער און פארגליווער־טער.

— דו אומווירדיגער שקלאף! — האט סיסרא א כאפ געטהאן דעם בעכער פון טיש און איהם א שליידער געטהאן אויף יואש'ן, אבער האט איהם נישט געטראפען. — דו וועסט שוין ביי מיר באלד קריגען א גוטע שטראף! ווי אזוי וואגסטו מיר צו שטערען?!

— אבער מיין האר! — האט יואש זיך קוים באהערשט. — אין דרויסען ווארט א שליח פון יעל'ן. ער איז געקו־מען מיט זעהר א וויכטיגער שליחות פון זיין הארינטע!

— פון יעל'ן? — האט סיסרא אויס־גערופען. — אה, גוט האסטו געטהאן, וואס דו האסט איהם נישט אריינגעשיקט אהער. ער טאר נישט וויסען, אז אין מיין געצעלט געפינט זיך א פרוי. קום אהער שנעלער, האלט צו דיזע פרוי, מינטער זי אפ, אויב דו קענסט, אבער געדענק! זעה זי זאל נישט שרייען גאנץ הויך... ווען זי וועט וועלען שרייען, פארשטאפ איהר דאס מויל! דו הערסט? ווען איך וועל דערהערען איהר שטימע אין דרויסען, דאן וועל איך איך ביידען צום טויט דערשלאגען! יעל דארף קיינ־מאל נישט וויסען, אז דיזע אידישע שקלאפין איז אין מיין געצעלט געוועזען!

— איך וועל טהאן ווי מיין האר פאר־זאגט! — האט יואש איבערגענומען פון איהם די פרוי.

סיסרא איז ארויס פון געצעלט.

באלד האט שרה געעפענט איהרע אויגען און ארומגעהמענדיג יואש'ן, קו־

שענדיג און האלזענדיג איהם, האָט זי שטילערהייט געזאָגט:

— אָה, מיין ליעבער מאַן! ווי גליקליך איך בין דיך צו זעהן! גאָט האָט מיך געפיהרט אין דעם ריכטיגען וועג!

— אָה, טייערע שרה! — האָט איהר יואש געקושט. — אויף דעם האָב איך זיך קיינמאָל נישט גערוכט. זאָג מיר ווי אזוי קומסטו אהער? דו האָסט ריזיקירט מיט דיין לעבען אום מיך צו זעהן! דו האָסט עס נישט געדאַרפט טהאָן!

— אָה, מיין ליעבער יואש! איך בין געוועזן געצוואונגען דאָס צו טהאָן! דיין שוועסטער דבורה איז צו אונז געקומען אויף א באזוך און אימיצער האָט גע׳מסור׳ט פאַר סיסרא׳ן, אז זי זוכט צו ערמוטיגען ישראל צו מאכען אן אויפשטאנד געגען יבין. האָט סיסרא געשיקט בעאַמטע און פאַרלאַנגט מען זאָל דבורה׳ן ארויסגעבען צו איהם און אויב נישט, וועט ער חרוב מאכען אונזער שטאָדט און אויס׳הרג׳ענען אלע איינוואוינער. און איך האָב זיך דאָס פאַרשטעלט אלס דבורה... יע, דער רשע, סיסרא, מיינט, אז איך בין דאָס דבורה די נביאה! אָבער געלויבט איז גאָט! עס איז אלעס כדאי געוועזן, בלויז דיך צו זעהן, מיין ליעבער מאַן!

— וואָס מאכט אונזער זוהן? — האָט יואש איהר גלייך געפרעגט.

— דאַנקען גאָט! ער האָט אונז געבענשט מיט זייער א געראָטענעם זוהן. ער איז שוין באלד אכט יאָהר אלט און פאַרשטעהט שוין גאַנץ גוט אונזער לאַגע. ווען דו וואָלסט געהערט ווי קלוג ער רעדט! ער זאָגט, ווען ער וועט עלטער ווערען, וועט ער געהן מלחמה האלטען מיט אונזערע שונאים און זיי פאַרטרייבען פון אונזער לאַנד.

— וואָס וועט יעצט ווערען פון איהם? — האָט יואש זיך טרויעריג אָפּגערופען. — זיין פאָטער איז א געפאַנגענער שקלאַף... און יעצט ביזטו אויך אריינגעפאלען אין סיסרא׳ס הענט.

— איך האָב אונזער גדעון׳ען איבערגעגעבען אין די הענט פון דבורה׳ן מיט איהר מאַן לפּידות׳ן, זיי וועלען איהם ערציהען, ביז וואנען גאָט וועט העלפען און מיר וועלען ביידע באפרייט ווערען. איך האָף, אז מיין פּלאַן וועט דורכגעפיהרט ווערען.

— וואָס פאַר א פּלאַן?

— דו ווייסט דאָך וואָס פאַר א גוטען פריינט מיר האָבען אין יעל׳ן און אין חבר׳ן? ווען איך בין זיך געגאַנגען איבערגעבען אין די הענט פון סיסרא׳ן, איז מיין ברודער, ברק, אוועק צו יעל׳ן און איהר אלעס דערצעהלט און ווי עס ווייזט אויס, האָט זי דאָס יעצט געשיקט איהם איינלאַדען צו זיך. זי ווייסט, אז סיסרא איז אין איהר שטאַרק פאַרליעבט און ער וועט טהאָן אלעס, וואָס זי וועט איהם בעטען. און יעצט זעה איך, אז גאָט האָט מיר געהאָלפען. ער האָט דיך געבראַכט אין צייט... ווייל דער שכור וואָלט מיר געוויס שלעכטס געטהאָן.

— און איך בין נאָך אלץ אזוי צעשראָקען און איבערראַשט פון דעם, אז איך האָב דיך אפילו נישט געפרעגט וועגען דיך! — האָט יואש איהר געזאָגט. — איך בין געוועזן גליקליך צו הערען פון יעל׳ן א גרוס פון דיר און פון אונזער זוהן. יעצט זאָג מיר, וואָס הערט זיך אין אונזער לאַנד? זיינען די שבטים מעהר אָדער וועניגער פאַראייניגט צווישען זיך? איך האָב פון יעל׳ן זיך אויך דערוואוסט וועגען מיין שוועסטער, דבורה׳ן. גאָט האָט זי געבענשט מיט א גייסט פון נבואה!

— דיין שוועסטער דבורה האָט שוין זעהר פיעל אויפגעטהאָן פאַר אונזער פאָלק! — האָט שרה אויסגערופען. — זי האָט ארומגעוואנדערט פון שבט צו שבט און געלערענט דעם פאָלק די תורה. זי האָט זיי ערקלעהרט ווי אונזיניג עס איז צו דינען צו די אָפּגעטער, צו וועמען די אנדערע פעלקער דינען. זי האָט זיי געגעבען צו פאַרשטעהן, אז נאָר אין אחדות וועלען מיר קענען זיך געגענשטעלען אונזערע שונאים. די יוגענד פון אלע שבטים וואַרט יעצט אויף א פיהרער, וועלכער זאָל זיין בראַוו און העל-

דיש און דאן וועט נעהמען א סוף צו אונזערע צרות.

— און איך גלויב, אז דיין ברודער, ברק, איז דער יעניגער, וועלכער וועט קענען באגייסטערען אן ארמעע. ער איז בראוו און העלדיש און מיט גאט'ס הילף וועט ער באזיעגען סיסרא'ן מיט זיינע מחנות.

— צוליעב דעם איז טאקע דבורה געקומען צו אונז אין קדש. זי האט גערעדט מיט מיין ברודער, ער זאל איבערנעהמען די פיהרערשאפט פון דער אידישער ארמעע. אבער ברק האט נישט אין זיך צופיעל צוטרויען. ער גלויבט, אז אזוי ווי ער איז דורכגעפאלען דאס ערשטע מאל אין זיין פארזוך מלחמה צו האלטען מיט סיסרא'ן, טאר ער זיך יעצט נישט אונטערנעהמען א צווייטען מאל.

— דאן האט ער אבער נישט געהאט די אונטערשטיצונג פון די איבעריגע שבטים, — האט יואש געזאגט. — מיר זיינען געווען צו אומגעדולדיג און מיט זעהר א קליינער מחנה האבען מיר געמאכט א פארזוך מלחמה צו האלטען מיט סיסרא'ן. אונזערע סאלדאטען האבען קיין אנדער ברירה נישט געהאט ווי צו אנטלויפען... און אזוי בין איך דאן אריינגעפאלען אין סיסרא'ס הענט.

— אה, ווי שרעקליך יענע יאהרען זיינען פאר מיר געווען. — האט שרה איהם ווידער געקושט — איך האב ערווארטעט צו ווערען א מוטער... איך האב דאן געמיינט אז מיין קינד וועט שוין קיינמאל קיין פאטער נישט האבען. מיר האבען אלע גערעכענט אז דו ביזט טויט, און אפילו אויב דו ביזט געפאנגען, האבען מיר שוין קיין האפנונג נישט געהאט זיך מיט דיר צו זעהן. א ווען גאט זאל נאר געבען און איך זאל דיר שוין זעהן א בעפרייטען!

איך האף אז עס וועט שוין לאנג ניט נעמען! — האט יואש געזאגט — יעצט זעה איך אז יעל האט אויף איהם א שטארקען איינפלוס און ער זוכט צו געפינען חן אין איהרע אויגען... זאל נאר גאט געבען אז דיין פלאן זאל אויסגעפיהרט ווערען... ווארום אויב נישט ווייס איך נישט וואס עס וועט געשעהן. ווען איך בין אריינגעקומען אין געצעלט און איך האב געזעהן ווי דו ראנגעלסט זיך מיט איהם, האט מיין בלוט אין מיר א זעץ געטהאן... איך האב קוים בעהערשט מיין צארן. איך האב זיך געוואלט אויף איהם ארויפווארפען אבער איך ווייס אז איך וואלט דאמיט ערגער געמאכט. נישט ווייט פון זיין געצעלט שטעהן זיינע געטרייע איבערגעבענע קנעכט, און ווען זיי וואלטען דערהערט זיין רוף און מיר געפונען קעמפפענדיג מיט איהם, וואלטען זיי מיר אויף אן ארט דערשטאכען! און ווער ווייס וואס ער וואלט דאן צו דיר געטהאן?

— געלויבט איז אונזער גאט וואס ער האט דיר געגעבען כח צו בעהערשען דיין צארן... — האט שרה געזאגט — איך האף אז יעצט וועט ער מיר צורות לאזען אויף א ווילע. זיינע געדאנקען וועלען אין גאנצען זיין פארנומען מיט יעל'ן.

ער וועט זיך דא באלד געוויס צוריקקעהרען... דו מאך זיך אז דו ביזט נאך אלעם פערחלש'ט, און איך וועל איהם זאגען, אז מיר איז זעהר שווער אנגעקומען דיר אויפצומינטערען.

— איך האף אז יעל וועט מיר ארויספאדערען צו זיך! — האט שרה געזאגט — וויילע צו געפינען זיך צווישען זיינע אפיצערען אין אזא צייט איז נאך דא מעהר געפאהר אהן סיסרא'ן ווי מיט איהם.

— ער נעהמט מיר שטענדיג מיט, ווען ער געהט בעזוכען יעל'ן — האט יואש געזאגט — ער האלט אז איך בין דער קלוגסטער פון אלע זיינע שקלאפען און איך קען איהם געבען די ריכטיגע עצה. און ווען איך בין דא, וועט שוין יעל אויסמארקירען מיט מיר צו ריידען, און דאן וועל איך איהם זאגען ווי דרינגענד עס איז דו זאלסט נישט פערבלייבען צו לאנג אין סיסרא'ס רשות...

זיי האבען דערהערט סיסרא'ס שטימע

און גלייך האָט זיך שרה אוועקגעזעצט אויף א שטוהל און יואש האָט געמאכט ווי ער שפּריצט אויף איהר וואסער, זור־בענדיג איהר אַפּצומינטערען...

סיסרא איז אריין אין געצעלט און אויסגערופען: — נו, האָסטו די אידי־שע נביאה אַפּגעמינטערט?

— יע, מיין האר! זי איז נאָר וואָס צו זיך געקומען. עס איז מיר נישט גרינג אַנגעקומען איהר אַפּצומינטערען.

— מיר רייזען באלד אָפּ צו יעל׳ן! — האָט סיסרא זיך אַפּגערופען — געה און גרייט צו די פערד און אלעס וואָס איך בעדאַרף — יעל האָט מיר איינגע־לאַדען צו איהר מאַלצייט וואָס זי מאכט לכבוד איהר געבורטסטאָג.

— יע, מיין האר! — האָט זיך יואש אנייג געטהאָן — איך בין געגרייט!

— ווארט! איך וויל דיר נאָך עפּעס פרעגען? — האָט סיסרא זיך צו איהם אַפּגערופען. אין דעם בריעף וואָס יעל האָט מיר דורך דעם שליח געשיקט, בעט זי פון מיר איך זאָל איהר שיקען איינע פון מיינע דינסטען וואָס קען גוט קאָ־כען, מען זאָל איהר ארויסהעלפען צו־צוגרייטען דעם מאַלצייט. ווער פון מיי־נע דינסטען, גלויבסטו קען זעהר גוט קאָ־כען?

יואש האָט זיך א ווײלע פערטראכט און זיך אַפּגערופען! צווישען מיין האר׳ס דינסטען ווייס איך נישט ווער עס קען גוט קאָכען, אָבער איך ווייס אז די אידישע טעכטער זיינען בעריהמט פאר גוטע קעכינס, די מאכלים וואָס זיי מאכען זיינען זעהר געשמאק. אויב דו וואָלסט איהר געקענט ברענגען א קעכין איינע פון ישראל, וואָלט יעל געווען זעהר צופרידען פון דעם.

וואו קען איך יעצט קריגען א אידישע קעכין? — האָט סיסרא געזאָגט.

— פיליכט איז דיעזע פרוי א גוטע קעכין? — האָט יואש אָנגעצייגט אויף שרה׳ן.

— ניין! זי וועט נישט טויגען! — האָט סיסרא געענטפערט — ווי קומט א נביאה צו קאָכען גוטע, געשמאקע מאכלים!

— עס וועט נישט שאדען אויב מיין האר וועט איהר פרעגען — האָט יואש געזאָגט.

סיסרא איז צוגעגאנגען צו שרה׳ן און איהר אָנגענומען פאר׳ן האנט:

— זאָג מיר, דו נביאה, איז דיין קאָ־כען אזוי גוט ווי דיין נביאות זאָגען?

— ניין, מיין האר, איך קען בעסער קאָכען ווי זאָגען נביאות.

— גוט, וועל איך דיר מיטנעמען מיט מיר! — האָט סיסרא געזאָגט און באלד חרטה געקראָגען... ניין, איך וועל דיר נישט נעהמען?

יואש האָט איהם אָנגעקוקט פער־וואונדערט.

— דו ווייסט פארוואָס איך וועל איהר נישט מיטנעהמען? — האָט סיסרא אויסגערופען — ווייל זי קען זיך נאָך אויסריידען פאר יעל׳ן אז זי איז געווען אין מיין געצעלט און איך...

— דאָס, מיין האר, קען פערזיכערט ווערען... זי וועט בלויז דאָרט פערבליי־בען אויף עטליכע טעג און מען קען איהר אָנזאָגען, אז אויב זי וועט וואגען צו דערצעהלען יעל׳ן וועגען וואָס עס איז דאָ פאָרגעקומען אין געצעלט, וועט זי נאכהער בעצאָהלען מיט איהר לע־בען.

— גוט! קום אהער! — האָט סיסרא זיך אָפּגערופען צו שרה׳ן — זאָג מיר, וועסטו וויסען ווי צו האלטען דיין צונג, ווייל איך וועל דיר איבערגעבען אין די הענט פון א פרוי, וועלכע איך שעץ און [illegible] טייער!

— יע, מיין האר! — האָט שרה גע־ענטפערט מיט א שוואכע שטימע — איך וועל קיין וואָרט נישט ריידען.

— געדענק, אויב איך וועל אויסגע־פינען פון יעל׳ן אז דו האסט איהר דער־צעהלט וואָס איך האָב צו דיר געוואָלט טהאָן, דאן וועסטו זיך מוזען זעגענען מיט דיין יונגען לעבען!

סיסרא האָט געהייסען צוגרייטען זיין קארעטע און דעם זעלבען טאָג האָט ער

אפגעריכט מיט יואש'ן, שרה'ן און נאך שקלאפען צו יעל'ן, די פרוי פון חבר דעם קיני.

## צעהנטער קאפיטעל
## דבורה ערמוטיגט די שבטים

דבורה און לפידות האבען מיטגענומען גדעון'ען און שנעל פערלאזען די שטאדט, קדש. זי האט איינגעזעהן אז פערבלייבען לייגער אין דיעזער שטאדט וואס איז אזוי נאהענט צו חצור, וועט זי איינשטעלען אין געפאהר אלע איינוואהנער פון שטאדט, און אויך איהר לעבען.

— איך האף נאר אז קיין שלעכטעס וועט נישט קומען צו שרה'ן — האט דבורה זיך אפגערופען צו לפידות'ן — זי האט זיך מקריב געווען פאר מיר. איך האב דאס נישט געטארט דערלאזען.

— נישט נאר פאר דיר, אבער פאר דעם גאנצען פאלק ישראל! האט זי דאס געטהאן — האט לפידות איהר געענטפערט. זי האט געוואוסט אויב דו וועסט יעצט אוועקגענומען ווערען פון פאלק, וועט דיין הייליגע ארבייט, וואס דו האסט אנגעפאנגען, פערבלייבען ניט פערענדיגט... און איך בין זיכער אז יעל וועט שוין זעהן אז קיין שלעכטעס זאל נישט געשעהן מיט איהר.

— פארוואס איז מיין מוטער אוועק צו דעם רשע, סיסרא? — האט דער קליינער גדעון געפרעגט דבורה'ן — ער וועט דאך איהר וועלען שלעכטעס טהאן.

— זארג נישט, מיין קינד! — האט דבורה איהם געקושט — דיין מוטער איז א גאטספארכטיגע פרוי און גאט וועט איהר בעשיצען. דיין פאטער געפינט זיך ביי יענעם רשע און דיין מוטער איז איהם געגאנגען זעהן!

— און וועט מיין מוטער זיך אומקעהרען צו מיר מיט מיין פאטער? — האט גדעון ווייטער געפרעגט און זיינע אויגען זיינען פול געווארען מיט טרעהרען — אה, ווי איך וואלט געוואלט איהם זעהן. ער מוז זיין זעהר שטארק.

— יע, מיין זוהן, ער איז שטארק און בראוו, ער איז געגאנגען מלחמה האלטען מיט יענעם רשע, אבער עס איז געווען צו פריה. ער האט נישט געהאט אזוי פיעל מענשען ווי סיסרא און דעריבער האט ער איהם נישט געקענט בייקומען. אבער עס וועט שוין לאנג נישט דויערען, און ער וועט ווידער פריי זיין, דאן, וועלען אלע אונזערע שונאים פאר איהם ציטערען.

— און דאן וועל איך שוין אויך גרויס זיין און קענען קעמפפען מיט די שונאים פון ישראל! — האט גדעון געמאכט א קליינעם פויסט.

דבורה האט איהם געקושט און געזאגט: איך זעה אז דו וואקסט אויס צו זיין א פיהרער אין ישראל, זאל גאט געבען א ישועה דורך דיר צו אונזער גאנצען פאלק.

ווען זיי זיינען אנגעקומען אין דעם הר אפרים האט דבורה פאר אלע עלטסטע דערצעהלט די אידישע לאגע אין צפון זייט פון ארץ ישראל.

— מיר זיצען דא דערווייל רוהיג און זיכער! — האט זי אויסגערופען — און אונזערע ברידער, פון דעם שבט נפתלי זבולון און אשר, זיינען שטענדיג אין גרויס געפאהר פערניכטעט צו ווערען פון דעם מעכטיגען שונא און אויב די אנדערע שבטים וועלען צוקוקען מיט גלייכגילטיגקייט צו דעם גורל פון אונזערע אומגליקליכע ברידער, וועט נישט לאנג נעהמען און מיר וועלען זיין אין דערזעלבער לאגע.

די עלטסטע האבען אויסגעבראכען אין א גרויס געוויין ווען זיי האבען דערהערט דעם טרויעריגען בעריכט פון דבורה'ן.

— וואס קענען מיר טאהן? ווי אזוי קענען מיר העלפען אונזערע ברידער? — האבען זיי געפרעגט.

— איהר דארפט ערמוטיגען אייערע זיהן און די זיהן פון אייערע פריינד, זיך אנצושליסען אן דער ארמעע, וועלכע ברק, דער זוהן פון אבינעם, וועט זיין דער פיהרער. מיט פעראייניגטע כוחות וועלען מיר זיך קענען געגענ־

שטעלען סיסרא'ן און גאָט וועט איהם איבערגעבען אין אונזערע הענט.

— ווען דו, אָ, הייליגע פרוי, וועסט ריידען צו דער יוגענט וועלען זיי דיר זיכער פאָלגען! — האָבען די זקנים זיך צו איהר אָפּגערופען.

— גוט, זאָלען די יונגע לייט פון שטאָדט זיך צונויפזאמלען אין מיטען שטאָדט! — האָט דבורה געזאָגט — און איך וועל צו זיי ארויסקומען און זיי דערצעהלען וועגען דער טרויעריגער לאגע פון אונזערע ברידער פון צפון.

אין מיטען שטאָדט, אויפ'ן מארק פלאץ האָבען זיך פערזאמעלט אלע יונגע פאסטוכער, און ערד־ארבייטער און האָבען מיט גרויס נייגעריגקייט געווארט אויף דבורה'ס אָנקומען. יעדער האָט געוואוסט אז די נביאה, דבורה האָט זיי עטוואָס וויכטיגעס איבערצוגעבען.

ווען דבורה איז אָנגעקומען איז געוואָרען שטיל ארום. יעדער האָט זיינע בליקען געווענדעט אויף דבורה'ן וועלכע האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף א הויכען פלאץ און האָט אָנגעפאנגען צו ריידען. זי האָט פאר זיי פאָרגעשטעלט אין לעבעדיגע בילדער די העלדישקייט און בראווקייט פון די עלטערען פון אידישען פאָלק.

— זינט משה האָט בעפרייט ישראל פון שקלאפעריי אין מצרים, האָבען אונזערע עלטערען ארויסגעציינט גרויס העלדישקייט און מסירת נפש פאר אונזער פאָלק. משה איז געווען דער ערשטער וועלכער איז געגאנגען צו פרעה'ן, איינשטעלענדיג דאמיט זיין לעבען אין גרויס געפאהר. יהושע האָט איינגעשטעלט זיין לעבען אין געפאהר אין דער מלחמה מיט די עמלקים. דערפאר האָט ער זוכה געווען אריינצופיהרען די אידען אין דעם הייליגען לאנד, און האָט פערטיליגט אלע פעלקער. און ווען, שפעטער, נאָך יהושע'ס טויט, ווען ישראל האָט גענומען פערגעסען גאָט, וועלכער האָט זיי געהאָלפען פון זייערע שונאים, און האָבען געגען איהם געזינדיגט, זיינען זיי ווידער אונטערדריקט געוואָרען פון דעם קעניג פון ארם, כושן רשעתים, און דאן האָט דער בראווער העלד עתניאל, דער זוהן פון קנז געהאָלפען די אידען.

נאָך עתני האָט דער גרויסער העלד, אהוד דער זוהן פון גרא, פון דעם שבט בנימין איינגעשטעלט זיין לעבען אין גרויס געפאהר און האָט אליין דערשטאָכען עגלון, דעם קעניג פון מואָב, ארונטערוואַרפענדיג דעם יאָך פון מואב. נאָך איהם איז אויפגעשטאנען נאָך א העלד, שמגר, דער זוהן פון ענת און געהאָלפען די אידען פון די הענט פון די פלשתים... אזוי האָבען מיר פיעלע העלדען געהאט וועלכע האָבען געבראכט רום און כבוד פאר אונזער פאָלק. זאָלען מיר דען דערלאָזען אז די פיעלע קרבנות וואָס אונזערע העלדישע עלטערען האָבען געבראכט זאָל עס זיין אומזיסט? וועלען מיר דען דערלאָזען אז יבין דער קעניג פון חצור זאָל אזוי פערשקלאפען אונזערע ברידער פון צפון, ביז וואנען ער וועט זיי איינגאנצען פערניכטען און דאן זיך נעהמען צו די אנדערע שבטים. אין קדש נפתלי געפינט זיך א העלד מיט דעם נאָמען ברק, דע רזוהן פון אבינעם, ער האָט זיין לעבען אין געפאהר געשטעלט און מיט א קליין ביסעל קעמפפער זיך געגענגעשטעלט דעם מעכטיגען גענעראל סיסראן.

מיין ברודער יואש, איז אויך מיט איהם געווען, אָבער ער האָט נישט געהאט די הילף פון די אנדערע שבטים און איז דעריבער בעזיגט געוואָרען.. מיין ברודער איז גענומען געוואָרען אין געפאנגענשאפט. און יעצט, ווען איך בין אין קדש געווען, האָט מען דעם רשע סיסרא'ן איבערגעגעבען וועגען מיין טעטיגקייט און ער האָט פערלאנגט פון די איינוואוינער פון שטאָדט, זיי זאָלען מיר איבערגעבען אין זיינע הענט. און ווייסט איהר, ווער עס האָט נאָך א גרויסע העלדישקייט בעוויזען און איהר לעבען אין סכנה געשטעלט?

די צוהערער האָבען נאָך מיט מעהר נייגעריגקייט אָנגעשטרענגט זייערע אוי־

**גען און געוואַרט מיט אומגעדולד אויף**
**איהרע ווייטערדיגע רייד.**

א פרוי האָט איהר לעבען דיעזען מאָל
אין סכנה געשטעלט, דאָס איז די שוועס־
טער פון דעם העלד, ברק יע, שרה די
טאָכטער פון אבינעם, האָט מיר געראַ־
טעוועט פון די הענט פון סיסרא און זיך
איבערגעבען אין סיסרא'ס הענט אלס
דבורה ! האָט דען אזא פרוי נישט פער־
דינט אז מיר זאָלען קעמפּפען מיט סיס־
רא'ן און איהר ארויסראַטעווען פון זיינע
הענט ! אויב איהר וועט זיך אלע אָנ־
שליסען אין דער ארמעע, וועלען די
יונגע לייט פון אנדערע שבטים נאָכ־
טאָהן אייער ביישפּיעל און מיר וועלען
אין גאַר א קורצע צייט האָבען א גרויסע
און מעכטיגע ארמעע.

— מיר זיינען געגרייט ! מיר זיינען
געגרייט ! — האָבען זיך געהערט שטי־
מען פון צווישען די פערזאמעלטע.

דבורה האָט צוזאמען מיט איהר מאַן
לפּידות אָרגאַניזירט פיעלע יונגע לייט
פון דעם שבט אפרים, וועלכע זיינען
געווען גרייט צו יעדען רוף. דיזעלבע
זאַך האָט דבורה געטאָהן אין דעם שבט
בנימין, אויך דאָרטען האָט זיך די גאַנ־
צע יוגענד אָפּגערופען צו דבורה'ס בע־
גייסטערטע רייד.

נאָכדעם ווי דבורה האָט בעזוכט עט־
ליכע שבטים וואָס איז נישט ווייט פון
דעם שבט אפרים, האָט זי אויך בע־
שלאָסען צו בעזוכען די שבטים ראובן,
גד, און דעם האַלבען שבט מנשה וועלכע
זיינען געווען אויף דעם צווייטען זייט
פ.ן דעם טייך ירדן.

יענע שבטים האָבען אויך געגעבען
דבורה'ן א בעגייסטערטע אויפנאהמע,
אָבער זיי זיינען געבליבען קאַלט צו
איהרע רייד. זיי האָבען איהר נישט
פערשפּראָכען צו קומען צו הילף די אי־
בעריגע שבטים, ווען זיי וועלען אָנפאַנ־
גען א מלחמה מיט יבין.

— פאַרוואָס זאָלען מיר פערלאָזען
אונזערע שאָף און רינדער און איבער־
געהן דעם טייך צו קעמפּפען פאַר יענע
שבטים ! — האָבען די עלטסטע פון דעם
שבט ראובן צווישען זיך גערעדט —
איידער עס איז ערלויבט געוואָרען אונ־
זערע עלטערען זיך צו בעזעצען אין די־
זען לאַנד האָבען זיי געקעמפּפט אין די
פאָדערשטע רייהען מיט די פעלקער פון
כנען, און זי געהאָלפען איינגעמען דאָס
לאַנד... יעצט זאָלען זיי אליין קעמפּפען
זייערע מלחמות... מיר זיינען גאַנץ ווייט
פון דעם שונא, און מיר האָבען קיין
מורא נישט אז ער וועט אריבערגעהן
דעם ירדן מיט אונז מלחמה צו האַלטען.

— אונזערע עלטערען האָבען אויסגע־
קליבען דיעזען לאַנד, ווייל מיר פער־
מאָגען זעהר פיעל שאָף, און יעצט ווען
אונזערע פאַסטוכער וועלען געהן אין
מלחמה ווער וועט פיטערען אונזער שאָף
— האָבען אנדערע גע'טענה'ט.

גד און דער האַלבער שבט מנשה האָ־
בען דבורה'ן אויך געגעבען דעם זעלבען
ענטפער. פונדעסטוועגען איז דבורה ניט
ענ.. טיגט געוואָרען. זי איז געגאַנגען
צו די אנדערע שבטים, און זיי צוגעגרייט
פאַר דעם רוף פון מלחמה. לפּידות האָט
איהר געהאָלפען. ער האָט אליין זיך
דורכגערעדט מיט פיעלע פאַסטוכער, ביז
וואַנען זיי האָבען איינגעשטימט.

ביסלעכווייז האָבען זיך אין דער
שטאָדט הר אפרים, גענומען פערזאמלען
די יונגע לייט, פון פערשיעדענע שטעדט
און דערפער, מיטנעמענדיג מיט זיך פיע־
לע וואַפען, שווערדען פייל און בויגען
און שטיקער אייזען.

דבורה פלעגט יעדען טאָג ארויסקומען
צו די יונגע לייט און בעאָבאַכטעט ווען
זיי מאַכען זייערע איבונגען פאַר מלחמה.
זי האָט זיי געגעבען זעהר פיעל מוטה,
אז זיי האָבען שוין מיט גרויס אומגע־
דולד געוואַרט, זיי זאָלען גערופען ווערען
צו א מלחמה געגען דעם פיינד... אלע
האָבען געוואָלט געהן נאָך דעם רוף פון
דעם פיהרער, וועמען דבורה האָט גע־
זאָלט בעשטימען.

עלפטער קאַפּיטעל

## יעל, סיסרא און שרה

ווען יעל האָט דערזעהן סיסרא'ן אָנ־
קומענדיג, איז זי איהם ענטקעגען גע־

קומען און מיט א „פריינדליכען" שמייבעל בעגריסט.

— דו האסט מיר גרויס כבוד געטאן וואס דו האסט מיין איינלאדונג צו מיין געבורטסטאג פייערונג אנגענומען. איך האב שוין פון דיר פיעל געטראכט. איך האב זיך געוואונדערט וואס אזא לאנגע צייט איז פאריבער און דיר, מיין האר, איז נישט אויסגעקומען צו זיין אין אונזער געגענד. איך האב שוין געמיינט, אז דו האסט אן מיר אין גאנצען פערגעסען.

— אה, ניין, יעל! — האט סיסרא מיט צופרידענהייט געזאגט — איך וועל דיר קיינמאל נישט פערגעסען! — ביי די געטער פון חצור שווער איך, אז זינט איך האב דיר צום ערשטען מאל דערזעהן, ביזטו נישט ארויס פון מיינע געדאנקען... איך האב נאך אזא וואונדערשעהנע פרוי נישט בעגעגענט! איך בעדויער זעהר שטארק וואס איך האב דיר נישט בעגעגענט פריהער, איידער דו ביזט געווארען די פרוי פון חבר, דער קיני! אבער איך האף, אז אונזער פריינדשאפט וועט נאך פערשטארקט ווערען.

— דו ביזט זעהר גנעדיג צו מיר, מיין האר! — האט יעל צו איהם געשמייכעלט — אבער מיר דוכט אז דו האסט געוויס פערגעסען צו ברייגנען איינע פון דיינע דינסטען וועלכע זאל מיר ארויסהעלפען אין צוגרייטען דעם מאלצייט, ווייל מיינע דינסטען זיינען נישט איבעריגס גוט אין קאכען און אין באקען.

— דו מאכסט א טעות, א שעהנע יעל! — האט זיך סיסרא העפליך א נייג געטאן — איך האב דאס אויך נישט פערגעסען. איך האב מיטגעבראכט א דינסט וואס שטאמט פון ישראל... איך האב אויסגעפונען, אז זי פערשטעהט גאנץ גוט ווי צוצוגרייטען די בעסטע מאכלים.

— א, איך דאנק דיר זעהר מיין האר, יעצט זעה איך, אז דו האסט ווירקליך מיר אין זינען. און דיזען חסד וועל איך דיר קיינמאל נישט פערגעסען. איך האב אויך געהערט, אז די דינסטען פון ישראל זיינען זעהר גוט און מען קען זיך אויף זיי פערלאזען.

— אט וועל איך הייסען איהר ארייןשיקען צו דיר! — האט סיסרא געזאגט, און צוגערופען יואש'ן זיין שקלאף.

יואש איז צוגעקומען און זיך פערנייגט:

— שיק אריין די דינסט וועמען איך האב מיטגענומען פאר דער הארינטע יעל! — האט סיסרא איהם בעפוילען.

באלד איז שרה אריינגעקומען און יעל האט זיך געמאכט ווי זי זעהט איהר צום ערשטען מאל.

— דו וועסט קענען גלייך אנפאנגען צו טאן דיין ארבייט! — האט זיך יעל צו איהר געווענדעט — דיין האר האט דיר פאר מיר שטארק געלויבט און אויב דיין ארבייט וועט מיר געפעלען וועל איך דיר בעלוינען.

— איך וועל זעהן צופרידענצושטעלען מיין הארינטע! — האט זיך שרה א נייג געטאן.

— דו וועסט גלייך ארייגעהן אין קיך; דארטען וועסטו געפינען די איבעריגע דינסטען און זיי וועלען דיר צייגען דיינע פליכטען.

יעל האט אליין צוגעגרייט א געצעלט פאר סיסרא'ן און איהם דערווייל איינגעלאדען צו עסען מיטאג. זיי האבען זיך געזעצט ביים טיש און סיסרא האט גענומען טרינקען פון דעם ויין וואס יעל האט איהם דערלאנגט.

— ווייסטו ווער די דינסט איז, וועמען איך האב דיר געבראכט? — האט סיסרא איהר געפרעגט, ווען ער האט שוין געהאט אויסגעליידיגט דעם דריטען בעכער וויין.

— יע, דו האסט דאך מיר געזאגט — זי שטאמט פון דעם פאלק ישראל! — האט יעל איהם געענטפערט.

— דאס איז ריכטיג! זי שטאמט פון ישראל, אבער זי איז ביי זיי געווען זעהר א חשוב'ע פרוי, דאס פאלק האט

איהר גערופען די נביאה, יע, דבורה, די נביאה! האסטו געהערט וועגען איהר?

— ניין! איך האב קיינמאל נישט געהערט וועגען איהר. אין וואס איז בעשטאנען איהר גרויסקייט? — האט יעל געפרעגט.

— איך ווייס אויך נישט! — האט סיסרא געלאכט — ווי מען האט מיר איבערגעגעבען, האט זי געזוכט צו ערמונטערען איהר פאלק זיי זאלען מאכען א פערזוך זיך צו בעפרייען פון מיין יאך, און צוליב דיזען צוועק איז זי געקומען קיין קדש... אבער סיסרא איז נישט קיין נאר! אה, ניין, איך שלאף נישט! איך האב גלייך געשיקט מיינע בעאמטע און געפאדערט פון די איינוואוינער פון שטאדט זיי זאלען מיר ארויסגעבען דבורה'ן די נביאה, און אויב נישט, וועל איך פון דער גאנצער שטאדט מאכען א בארג אש. און האסטו געדארפט זעהן ווי זיי האבען זיך דערשראקען... זיי האבען איהר גלייך איבערגעגעבען אין מיינע הענט... און איך האב געהאט אין זינען איהר אויפצוהענגען, אבער גראדע איז דיין שליח דאן צו מיר געקומען, און מיר איבערגעגעבען דיין בריעף. יעצט, אויב זי וועט דיר געפעלען וועסטו איהר קענען האבען אלס א מתנה צו דיין געבורטסטאג!

— אה, דאס וועט זיין זעהר א גוטע מתנה פאר מיר! — האט יעל אויסגערופען — איך ווייס אז איך האב דאס ביי דיר נישט פערדינט.

— דו האסט נאך ביי מיר נאך מעהר פערדינט! האט איך סיסרא אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און אנגענומען יעל'ן ביים האנט. איך האב געטראכט וואס פאר א מתנה איך קען ברייננען פאר דיין געבורטסטאג. און אויב דיזע מתנה איז דיר געפעלען, בין איך זעהר צופרידען!

— איך ווייס נישט ווי אזוי איך קען דיר באדאנקען! — האט יעל זיך אפגערופען זוכענדיג ארויסצונעהמען איהר האנט פון זיינע.

— מיט דעם וואס דו וועסט מיר געבען א קוש פון דיינע שעהנע ליפען! — האט סיסרא איהר צוגעצויגען צו זיך.

— אה, ניין, נישט יעצט, מיין האר! האט יעל זיך אפגערוקט פון איהם... מיין מאן קען נאך אנקומען צו יעדער רגע.

— דו געהערסט מעהר צו מיר ווי צו דיין מאן! — האט סיסרא איהר נישט אפגעלאזען — דו ווייסט, אז איך האב דיר ליעב מעהר פון אלע פרויען.

— איך ווייס דאס, און איך האב דיר אויך זעהר ליב, אבער כל זמן איך בין פערהייראט צו חבר'ן, וויל איך איהם נישט בעטריגען. איך וועל איהם בלייבען געטריי, און איך ווייס אז דיר קען איך געטרויען... דו וועסט האבען געדולד צו ווארטען ביז די צייט וועט קומען!

— איך בין דאך אבער אזוי אומגעדולדיג! — האט סיסרא אויסגערופען און איהר בעטראכט מיט ליידענשאפטליכע בליקען... דו ווייסט דאך, אז ווען איך וויל, קענסטו בעפרייט ווערען פון דיין מאן אין איין טאג!

— אה, ניין, מיין האר! — האט יעל זיך אפגערופען מיט שרעק — איך וויל נישט אז צו מיין מאן זאל טרעפען עפעס שלעכטעס! איך בין זיכער אז ווען די צייט וועט קומען, וועט ער מיר בעפרייען מיט זיין גוטען ווילען... ער וועט מיר פערשטעהן, אבער דו מוזט מיר פערשפרעכען אז איהם וועסטו גאר נישט טאן. יעצט אפילו טאר ער גאר נישט וויסען...

— אבער ווען וועל איך שוין דיר קענען האבען פאר זיך? — האט סיסרא מיט גרויס אומגעדולד געפרעגט.

— די צייט איז שוין נישט ווייט! יע, נאכדעם ווען דו וועסט האבען נאך א גרויסען זיעג אין א מלחמה מיט

דיינע שונאים, דאן וועל איך זיין די ערשטע דיר צו בעגריסען.

— און דאן וועסטו זיין מיינע? — האט סיסרא צוגעטראגען איהר האנט צו זיינע ליפען.

— יע, דאן וועל איך אין גאנצען געהערען צו דיר! — האט יעל געזאגט — אבער ביז יענער צייט דארפסטו מיר פערשפרעכען, אז דו וועסט האבען געדולד און אויך נישט שעדיגען מיין מאן!

— איך פערשפרעך דיר! — האט סיסרא אויסגערופען — און דיר מעג איך שוין אנפערטרויען, אז איך האב פלענער מלחמה צו האלטען מיט דעם שבט דן, וואס האט נישט לאנג צוריק מלחמה געהאלטען מיט די איינוואוינער פון ליש און ביי זיי צוגענומען דאס לאנד. אמת, די איינוואוינער פון ליש זיינען קיינמאל ניש געווען מיינע גוטע פריינד, אבער איך וועל נישט דערלאזען אז א שבט פון ישראל זאל זיך בעפעסטיגען אין צפון, און ווען איך וועל דארפען מלחמה האלטען מיט ישראל, וועלען זיי נאך קומען זיי צו הילף.

— אבער ווי איך האב געהערט, איז דארט געקומען בלויז א טייל פון דעם שבט דן. און אויב דו וועסט בעזיגען אזא קליינעם פאלק, וועט עס דיר קיין פיעל נוצען נישט ברייננגען — האט יעל זיך געווענדעט צו סיסרא'ן.

— וועל איך פריהער מלחמה האלטען מיט ישראל. איך האב א גוטע אורזאכע פארוואס ארויסצוגעהן מלחמה האלטען מיט זיי! — האט סיסרא געזאגט — אבער דערווייל מוז עס בלייבען א סוד... זיי צאהלען די צינזען ריכטיג און דער קעניג יבין וועט אזוי שנעל נישט איינשטימען איך זאל מיט זיי מלחמה האלטען. אבער איך וויס אז ווען איך וועל איהם זאגען אז דער שבט דן זוכט זיך צו פעראייניגען מיט די איבעריגע שבטים, און אויב מיר וועלען זיך נישט ארומזעהן אין צייט, וועט נאכהער צו שפעט זיין, דאן בין איך זיכער אז דער קעניג יבין וועט צושטימען איך זאל אייננעהמען נאך שטעדט פון ישראל, און ווען זיי וועלען וואגען ארויסצוגעהן אונז אנטקעגען, דאן וועל איך אין גאנצען זיי פערניכטען. איך וועל נאך צייגען מיין גבורה פאר דיר, א שעהנע בלום. טייכען בלוט וועט פליסען פון ישראל, און זייער סוף וועט קומען... דאן...

— און דאן?! — האט איהם יעל געפרעגט.

— דאן וועל איך זיך אומקעהרען אין חצור מיט אזא גרויסען זיעג, אז מיין פאלק וועט אויסשרייען: "לאנג לעבען זאל סיסרא"! דער קעניג אליין וועט זעהן מיין מאכט...

— דאן וועט פאר דיר פאסען צו טראגען די קרוין — האט יעל איהם ערמוטיגט — ווייל דו וועסט זיין דער גרויסער העלד!

— און ווען איך וועל זיצען אין קעניגליכען פאלאץ, אויפ'ן טראהן מיט די קרוין אויף מיין קאפ, דאן וועל איך טראכטען פון דיר! איך וועל נאך דיר שיקען און דו וועסט געהערען צו מיר אויף עוויג!

— צו דיר אויף עוויג, א מעכטיגער "קעניג" האט יעל א שמייכעל געטהאן — איך זעה ווי דו בעזיגסט אלע פעלקער פון כנען, און דו ביזט דער איינציגער הערשער פון גאנץ כנען. און דאן וועל איך דיין דינסט זיין!

— נישט מיין דינסט, נאר מיין קעניגין! — האט סיסרא ווייטער געמאכט א פערזוך איהר א קוש צו טהאן.

— דו האסט דאך מיר פערשפראכען צו האבען געדולד! — האט יעל זיך פלינק אפגעקעהרט — א גענעראל און פיליכט שפעטער — א קעניג, דארף זיין פארשפרעכען האלטען. און איך וועל געהערען צו דיר אזוי שנעל ווי דו וועסט זיך אומקעהרען זיעגרייך פון מלחמה!

— איך קען זיך פארשטעלען ווי גרויס די פרייד וועט זיין פון מיין מוטער, ווען איך וועל דיר ברייננגען צו מיר, און איהר זאגען אז דו ביזט מיין פרוי... מיין

מוטער האָט אלע מאָל געוואונשען איך זאָל נעהמען א ווייב איינע פון די שעהנסטע פרויען פון לאַנד!

— מיין האר, איך בעט דיר, רייד יעצט נישט וועגען דעם, איך ערוואַרט מיין מאַן צו יעדער רגע און דו ווייסט דאָך אז עס מוז זיין א סוד וואָס מיר האָבען נאָר וואָס גערעדט.

— איך וויל דיר פערטרויען נאָך א סוד! האָט סיסרא זיך אָפּגערופען מיט א נידעריגע שטימע, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעטרונקען נאָך א פּאָר בעכער ווין — דער קעניג פון עמלק, האָט צו מיר געשיקט איינינע שלוחים און מיר אָנגעבאָטען הונדערט שטיקער גאָלד, ווען איך וועל זיי איבערגעבען דיין מאַן, חבר!

— דו זאָלסט איבערגעבען מיין מאַן חבר אין די הענד פון די עמלקים!... — איז יעל בלאַס געוואָרען.

— יע, און דערפאַר וועלען זיי מיר ברייננען א הונדערט שטיקער גאָלד! — האָט סיסרא געענטפערט— יעצט זעהסטו אז מיר ביידע וועלען דערפון געניסען א טאָפּעלטען געווינס: מיר וועלען פּטור ווערען פון דיין מאַן, וועלכער שטעהט אונז אין וועג, און אין דערזעלבער צייט וועל איך רייכער ווערען מיט אזוי פיעל גאָלד!

— און וואָס האָסטו געענטפערט די שלוחים פון עמלק? האָט יעל איהם מיט שרעק געפרעגט.

— איך האָב זיי געענטפערט — אז פריהער זאָל ער שיקען די גאָלד, איך וויל עס אליין זעהן מיט מיינע אויגען, און דאַן וועל איך שוין זעהן אז חבר זאָל איבערגעגעבען ווערען אין זייערע הענט. און דאָס בין איך דאַן צו דיר געקומען און פאָרגעשלאָגען אז אמט פאַר דיין מאַן, איך וואָלט דורך דעם זעהר גרינג געקענט איהם איבערגעבען אין זייערע הענט.

— און דו האָסט מיר דאַן אויך אָפּגענאַרט! — האָט יעל געזאָגט מיט א געמאַכטען ברוגז'ן טאָן! איך האָב געמיינט אז דו ביזט אזוי ערנסט, אז איך האָב שוין געהאַט חשק איבערצוריידען מיט מיין מאַן, ער זאָל דיין אָנבאָט אָננעהמען.

— דו ווייסט דאָך אז איך בין נישט אין גאַנצען שולדיג. כאָטש איך האָב שוין דיר אויך דאַן ליעב געהאַט, בין איך אָבער נישט געווען זיכער, אויב דו וועסט מיין ליבע ערווידערען... האָב איך דיר דען געקענט דאַן דערצעהלען אלע מיינע סודות, יעצט אז איך בין איבערציינגט אז דו האָסט מיך אויך ליעב, און אז דו ביזט אזוי נייגעריג פּטור צו ווערען פון דיין מאַן ווי איך, קען איך דיר אלעס דערצעהלען.

— אָבער ווי אזוי וועסטו קענען שלעכטעס טהאָן צו חבר'ן, ווייסטו דען נישט אז ער האָט געשלאָסען אן אָפּמאַך פון שלום מיט דעם קעניג!

— עס וועט פאַר מיר נישט זיין צו שווער צו איבערציינען דעם קעניג אז חבר האָט געבראָכען דעם בונד, און נישט נאָכגעקומען די בעדינגונגען וואָס יבין האָט איהם געשטעלט.

— איך בעט דיר, מיין האר, אויב מיין ליעבע איז צו דיר אזוי טהייער, פאַרשפּרעך מיר אז דו וועסט קיין זאַך נישט טהאָן, איידער דו וועסט זיך בעראַטהען מיט מיר. און איך האָף אז איך וועל האָבען די מעגליכקייט דיר צוגעבען די בעסטע עצות.

— איך ווייס, יעל, אז אויסער דיין שעהנקייט, בעזיצט דו אויך חכמה. און איך זאָג דיר צו אז איך וועל טהאָן ווי דו פערלאַנגסט.

— שווער מיר ביי די געטער פון חצור.

— איך שווער! — האָט סיסרא אויפגעהויבען זיין רעכטע האַנט.

— און איך גלויב דיר! — האָט יעל געזאָגט — איך ווייס אז דו וועסט האָבען פולען צוטרויען צו מיר, און דו וועסט נישט טהאָן א קליינע אָדער א גרויסע זאַך, איידער דו וועסט זיך מיט מיר בעראַטען.

— אויב דו וועסט מיר ערלויבען, וועל איך דעם צווייטען מאָל קומען מיט מיין מוטער, איך האָב איהר אזוי פיעל דערצעהלט וועגען דיר ,און זי איז זעהר נייגעריג דיך צו זעהן! — האָט סיסרא געזאָגט.

האָסטו דען דערצעהלט דיין מוטער אז דו פּלאַנסט מיר אוועקצונעהמען פון מיין מאַן.

— געוויס! פאַר מיין מוטער האָב איך קיינע סודות ניט!

אויב אזוי וואָלט איך דיר געראַטען איהר נישט צו בריינגען. זי וועט זיך פּיליכט נישט ווילענדיג ארויסריידען מיט א וואָרט, וואָס וועט מיין מאַן מאַכען ־ערדעכטיגט און דערמיט וועט זי צו שטערען אלע אונזערע פּלענער!

— וועגען דעם דאַרפסטו קיין מורא נישט האָבען! — האָט סיסרא זיך אָפּגערופען — מיין מוטער ווייס ווי אזוי צו האַלטען א סוד . . . זי ווייס אפילו וועגען מיינע פּלענער צו פערכאַפּען די קעניגרייך, נאָכדעם ווי איך וועל זיך צוריקקעהרען א זיעגרייכער פון דער מלחמה מיט ישראל... אין אמת'ען איז דאָס געווען איהר פּלאַן... זי האָט מיר דערצעהלט ווי אזוי זי איז געקומען צו דעם געדאַנק: איינמאָל האָט דעם קעניג'ס מוטער געמאַכט א מאָהלצייט און איינגעלאַדען אלע פרויען פון די הויכע בעאַמטע, זי האָט געזעהן דעם כבוד וואָס דעם קעניג'ס מוטער קריגט, ווי אזוי אלע פאַלען אויף זייערע קניע און פערניינען זיך פאַר איהר. זי האָט גערעדט וועגען די גרויסקייט און העלדישקייט פון איהר זון, עדם קעניג....

דאַן האָט מיין מוטער געטראַכט; ווער האָט אלעם מעגליך געמאַרט אויב איהר ניט איהר בראַוויִר זוהן סיסרא? און פאַרוואָס זאָל זי זיין אזוי איבערנעמען, אין דער צייט ווען איך פיהר די מלחמות און איך האָב פערגרעסערט אונזער לאַנד און בעזיעגט אלע אונזערע שונאים... דאַן איז איהר געקומען א געדאַנק אז איך האָב בעדאַרפט זיין קעניג... און אין דעם זעלבען אוונד, האָט זי מיר געזאָגט וועגען דעם, און איך האָב איינגעשטימט... א ווען איך בין קעניג! — האָט סיסרא אויסגערופען — וואָלט איך גלייך אונטערגעהאַקט די קעפּ פון די וועלכע זיינען מיר געווען דערווידער, און דיר וואָלט איך פאַר מיין קעניגין געמאַכט. זאָג מיר, וואָלט פאַר דיר זיך בעסער נישט געפּאַסט צו זיין די הערשערין פון חצור, איידער צו זיין די פרוי פון דעם פּאַסטוך, חבר?

— דיינע רייד מאַכען מיר זעהר גליקליך, סיסרא. יעצט זעה איך ווי קלוג דיין מוטער איז... יאָ, דו קענסט קומען מיט איהר צו מיר... איך וועל זיין זעהר צופרידען זיך מיט איהר צו טרעפען. און יעצט, מיין האַר, וועסטו זיך אָפּרוהען, דו ביזט געוויס מיעד! יעל האָט אָנגעוויזען סיסרא'ן אויף זיין צימער. זי האָט געוואַרט, ביז וואַנען ער איז אהיין אריין און נאָכהער איז זי אוועק צו זיך אין געצעלט. זי האָט געשיקט איינע פון איהרע דינסטען צו רופען שרה'ן.

ווען שרה איז צו איהר אריינגעקומען, האָט זיך יעל מיט איהר צוקושט.

— אָה, יעל! האָט שרה אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסען דעם חסד וואָס דו האָסט געטהאָן מיט מיר און מיט מיין מאַן... ווען נישט דו וואו וואָלט איך יעצט געווען? אָ, ווי קלוג דו ביזט, ווי גוט דיין פּלאַן האָט געאַרבייט. איך דאַנק דיר פון דער טיעפעניש פון מיין הארצען.

— נישט מיר קומט דער דאַנק, — האָט יעל איהר ארומגענומען — דו דאַרפסט דאַנקען דיין גאָט, וועלכער האָט געמאַכט אז סיסרא זאָל אין גאַנצען קומען אונטער מיין איינפלוס... איך האָף אז עס וועט לאַנג נישט נעהמען און דיזער רשע וועט פאַר אלעם בעצאָהלען .אה, שרה, איך האָב זיך נאָר וואָס דערוואוסט פון סיסרא'ן אלע זיינע סודות, ער האָט געפּלאַנעוועט שלעכטעס צו טהאָן צו מיין מאַן. ער האָט אפילו שוין פאַרשפּראָכען דעם קעניג פון עמלק

איבערצוגעבען חבר'ן אין זיינע הענט, פאר הונדערט שטיקער גאלד! געלויבט איז גאט וואס צו זיין רשעות האט ער איהם געגעבען א פערשטאפטע קאפ, ער האט קיין שכל נישט און קען אפילו נישט פארשטעהן אז ער גראבט א גרוב פאר זיך מיט זיין צונג... איך וואונדער זיך ווי אזוי אזא מאן, מיט אזוי ווינציג פערשטאנד, זאל האבען די מעגליכקייט צו פיהרען ארמעען און בעזיעגען אזוי פיעל פעלקער... ווי עס ווייזט אויס געהט נישט גבורה מיט שכל האנט אין האנט!

— זאל גאט בעשטראפען אט דיזען רשע לויט זיין ווערדע! — האט שרה געזאגט, אבער ווען דיין שליח וואלט אין צייט נישט געקומען, וואלט ער מיר שלעכטעס געטהאן... ער האט מיר אריינגענומען צו זיך אין געצעלט, און ווען יואש איז אריין איהם אנזאגען, האב איך זיך געהאלטען מיט איהם אין ראנגלען, ער זאל מיט זיינע אומריינע ליפען זיך צו מיר נישט צוריהרען... א וואס פאר א צארן אין איהם האט זיך צופלאקערט ווען יואש האט איהם אונטערבראכען... ער האט אויף איהם א זילבערנעם בעכער א שליידער געטהאן, און ווען ער וואלט איהם געטראפען וואלט ער איהם זיכער פערוואונדעט!

—איצט דערצעהל מיר שרה אלץ וואס מיט דיר האט פאסירט און וואס דו האסט געטאן מיט דיין זוהן, ברק האט מיר די איינצעלהייטען נישט געקענט דערצעהלען, ווייל ער האט זיך געאיילט.

שרה האט יעל'ן דערצעהלט אלץ וואס מיט איהר האט פאסירט, ווי אזוי זי האט געראטעוועט דבורה'ן.

— דו באזיצט א נאבעלע נשמה — האט יעל געזאגט—נישט יעדע פרוי וואלט איינגעוויליגט צו ברענגען אזא קרבן!

— מיין פאלק נויטיגט זיך א סך מעהר אין דבורה'ן ווי אין מיר — האט שרה געזאגט — און ווען מיר האבען קיין אנדער אויסוועג נישט געהאט, האב איך אויך א טראכט געטאן וועגען דעם, און דער אלמעכטיגער האט מיר ווירק־ליך באלוינט. איך האב זיך געזעהן מיט מיין מאן ,און איצט בין איך ביי דיר. איך ווייס נישט אויף ווי לאנג סיסרא וועט מיר דא איבערלאזען, אבער איך האף אז גאט וועט מיר אויך אויף ווייטער נישט פארלאזען.

— דו מעגסט עס וויסען — האט יעל געזאגט מיט א גליקליכען שמייכעל — איך האב שוין געזעהן אז סיסרא זאל דיר מיר אוועקגעבען אלס א מתנה פאר מיין געבורטסטאג... איצט וועסטו שוין מיט מיר פארבלייבען ביז וואנען דו וועסט קריגען די מעגליכקייט זיך אומצוקעהרען אהיים.

— און איך בין געראטעוועט! — האט שרה אויסגערופען מיט טרערען פון פרייד — איך וועל זיך שוין מעהר קיינמאל נישט אומקערען צו דעם רשע?

— ניין, קיינמאל נישט. דו וועסט זיך אומקערען אין גיכען צו דיין זוהן און דיין מאן.

—ווי גליקליך דיינע רייד מאכען מיר, יעל! איך וועל נאך האבען די מעגליכקייט צו זיין ווידער מיט מיין מאן און קינד.

— ווען איך וואלט געוואלט, וואלט איך אויך געקענט פון סיסרא'ן ארויסבאקומען אויף דיין מאן. איך וואלט איהם געזאגט, אז איך נויטיג זיך אין א גוטען שקלאף און איך בין זיכער, אז ער וואלט מיר אנגעבאטען יואש'ן. איך האב וועגען דעם טאקע געטראכט, אבער איך האב באשלאסען אז עס וועט זיין א סך בעסער פאר אונז אלעמען, ווען ער וועט פארבלייבען מיט סיסרא ן. סיסרא האט נישט גענוג שכל און ווייס זיך נישט ווי אויסצוהיטען, און בפרט ווען ער שכור'ט זיך אן, קען ער אנטדעקען אלע זיינע פלענער צו יואש'ן, און דאס וועט א סך גרינגער מאכען פאר דיינע ברידער אנצופאנגען א מלחמה מיט איהם.

— וואס איך ציטער, איז אז ער זאל איהם, אין א רגע פון גרויס אויפרעגונג און צארן, צום טויט דערשלאגען. איך האב דאך באמערקט מיט וואס פאר א

רציחה סיסרא האט אויף איהם א שלייער געטאן דעם בעכער.

— דו קענסט זיך אויף יואש'ן פארלאזען, ער וויים אלע סיסרא'ס שוואכקייטען און משוגעת'ן און וועט זיך אויסהיטען צוצוקומען צו איהם אין אזא צייט. א חוץ דעם, דארפסטו וויסען, אז סיסרא נויטיגט זיך אין א קלוגען מאן ווי יואש, און אפילו ווען ער וועט אויף איהם אין כעס ווערען, וועט ער איהם אויך נישט טויטען.

— וואו איז איצט סיסרא? — האט שרה געפרעגט.

— ער האט זיך אנגעשיכור'ט און ער כראפעט שוין אין דעם געצעלט וואס איך האב איהם געגעבען. יע, ווען איך וויל קען איך שוין מאכען א סוף צו זיין לעבען. אבער איך גלויב, אז ס'וועט זיין א סך בעסער און גרינגער פאר דיינע ברידער צו באזיגען סיסרא'ן איידער א צווייטען גענעראל, וואס יבין, דער קעניג פון חצור, וועט אויף זיין פלאץ באשטימען. און א חוץ דעם, איידער זיין ארמעע איז אינגאנצען באזיעגט וועט פאר מיר און פאר מיין משפחה זיין א גרויס געפאהר ווען דער קעניג זאל זיך דערוויסען, אז איך האב איהם געטויטעט, דאן וואלט אלץ געוועזן פארלארען.

— א, געוויס — האט שרה געזאגט — זיינע קנעכט וואלטען דאך גלייך געלאפען אנזאגען דעם קעניג.

—איך האב וועגען דעם א סך געטראכט. איך וויים, אז דער קעניג יבין איז דער זעלבער רשע ווי סיסרא, און עס וועט זיין נישט שווער מלחמה צו האלטען מיט איהם, ווייל ווי איך האב אויסגעפונען, זיינען סיסרא'ס סאלדאטען ווייט פון צו זיין בראוו, און ווען אייניגע פון די שבטים פון ישראל וועלען זיין פאראייניגט, וועלען זיי קענען אין א קורצע צייט פארניכטען זיין גאנצע ארמעע, און בפרט ווען איך וועל האבען די מעגליכקייט איבערצוגעבען די אנפיהרער פון די אידישע ארמייען וויכטיגע אויסקינפטע וועגען סיסרא'ס פלענער און וועגען די באוועגונגען פון זיינע ארמעען.

— ווי אזוי וועלען מיר דיר קענען אפדאנקען פאר דיין חסד און גוטסקייט וואס דו טוסט מיט מיין פאלק! — האט שרה איהר געקושט.

— איך טו עס אויך פאר זיך! — האט יעל איהר געענטפערט, — ווייל איך וויים, אז אויב סיסרא וועט ארויסקומען דער זיגער אויך דיזען מאל, דאן וועט ער אומבריינגען מיין מאן און ער וועט מיר צווינגען איך זאל ווערען זיין פרוי... יע, איך טו עס אויך, כדי צו ראטעווען מיין מאן פון א זיכערען טויט און מיין אייגענעם כבוד. און אויסער דעם וויים איך פון זיין גרויסע רשעות ווי גרויזאם ער באהאנדעלט די, וועלכע פאלען אריין אין זיינע הענט, וויפיל אומשולדיג בלוט ער האט פארגאסען, און ווען נישט דער בונד פון שלום וואס מיין מאן האט געשלאסען מיט דעם קעניג, וואלט ער מיין מאן שוין לאנג געטויטעט, און איך וואלט שוין געוועזן אין זיין פאלאץ איינע פון די צעהנדליגע אומגליקליכע פרויען, וואס שמאכטען און מיט וועמען ער טוט וואס ער וויל! אה, סיסרא פארדינט דעם טויט! און איך האף, אז דיין גאט וועט מיר העלפען איך זאל קענען דורכפיהרען אלע מיינע פלענער. ווי נאר ער וועט האבען א מפלה דאן וועט דאס איבעריגע ניט זיין צו שווער.

— ווי מיין מאן האט מיר איבערגעגעבען — האט שרה זיך אפגערופען — געפינען זיך אין חצור פיעלע אידישע געפאנגענע. פיעלע אידישע טעכטער האט סיסרא פאנאנדערגעטיילט צו זיינע פריינד פאר דיענסטען אדער קעפסווייבער. און פון צייט צו צייט שיקט ער ארוים אייניגע פון זיינע מענשען איבער די אידישע דערפער, און וואו זיי זעהען א שעהנע אידישע פרוי, וואס איז אומבאשיצט און הילפלאז, אזוי פאנגען זיי איהר און בריינגען איהר צו סיסרא'ן. יואש האט מיר דערצעהלט, אז ניט לאנג צוריק האט מען א גאנץ יונגע מיידעל געבראכט צו סיסרא'ן. זי איז געוועזן זעהר שעהן, און סיסרא האט געהייסען

מען זאל איהר ברייננען צו איהם. יואש איז דאן געווען ניט ווייט פון סיסרא'ס געצעלט. ער האט געהערט זיין בייזע, מגושם'דיגע שטימע צו זיי זיינע אויערען האט דערגרייכט דאס געוויין און געבעט פון דער אומגליקליכער מיידעל... א גערויש האט זיך דערטראגען פון דעם צימער וואו סיסרא איז געווען מיט איהר... עס איז געווען קענטיג, אז די שעהנע אידישע מיידעל קעמפט מיט דעם רשע... פלוצלונג האט ער געהערט סיסרא'ס באפעהלענדע שטימע, און די וועכטער זיינען אריין אינוויינינג און באלד ארויסגעקומען מיט דער מיידעל. איהרע קליידער זיינען געווען צוריסען, איהר פנים איז געווען טויט בלאס, איהרע אויגען צושראקען און די האר צושויבערט. סיסרא האט באפוילען אריינצוווארפען איהר אין געפענגניש... ווען סיסרא איז ארויסגעקומען פון געצעלט, האט יואש באמערקט ווי זיין פנים איז געווען צודראפעט, זיינע הענט צוביסען. סיסרא האט זיך געבייזערט און געשאלטען די אידען מיט זייערע טעכטער... יע, עס איז קענטיג געווען, אז דאס אידישע מיידעל האט העלדיש געקעמפט פאר איהר כבוד... ווייל סיסרא האט ניט אויפגעהערט צו מורמלען און שרייען: ״איך וועל זיי נאך צייגען, ווי אזויווידערצושפעניגען מיין מויל! זי וועט פארפוילט ווערען אין געפעננניש ביז וואנען זי וועט קומען צום שכל״!

— און ווייסטו ניט וואס ווייטער איז געשעהן מיט דער מיידעל? — האט יעל איהר געפרעגט — האט יואש שוין מעהר ניט געהערט פון איהר? זי זיצט נאך ביז איצט אין געפענגניש. איינינע מאל האט סיסרא באפוילען, מען זאל איהר ברייננען צו איהם, אבער זי מאכט אזעלכע געשרייען, ווען ער מאכט א פארזוך זיך צו איהר צו צוריהרען, אז סיסרא האט איהר געהייסען גלייך צוריק אפפיהרען אין געפענגניש. מיין מאן זאגט, אז ווען ער האט איהר געזעהן צום צווייטען מאל, איז געווען אונמעגליך איהר צו דערקענען: איהרע באקען זיינען געווען איינגעפאלען, איהרע אויגען האבען ארויסגעשטארטשעט

— אה, ווי די אומגליקליכע האט געליטען... און ווען ניט דו, א טייערע יעל, וואלט צו מיר אויך דאס זעלבע געשעהן. ווי דאנקבאר איך דארף זיין צו דיר, אז דו האסט מיר אין צייט פון סיסרא'ס אומריינע הענט געראטעוועט.

דערווייל האט זיך אומגעקעהרט חבר פון פעלד מיט זיינע שאף און ער איז געווען גליקליך צו זעהן שרה'ן ברק'ס שוועסטער, זיכער און אומבאשעדיגט אין זיין רשות.

יעל האט איהם דערצעהלט אלעס וואס סיסרא האט מיט איהר גערעדט, ווי ער פלאנעוועט איהם איבערצוגעבען אין די הענט פון עמלק, און ווי ער האט זיך גענומען ערקלערען איהר אין ליעבע...

— ער גראבט פאר זיך א גרוב מיט זיינע אייגענע הענט! — האט יעל צוגעגעבען — עס וועט שוין לאנג ניט דויערען אוי דער רשע וועט באקומען זיין שטראף.

— פונדעסטוועגען וועל איך מוזען זיין זעהר פארזיכטיג — האט חבר זיך אפגערופען צו זיין פרוי — מען קען זיך ניט פארלאזען אויף זיין פארשפרעכען צו דיר, צו ווארטען ביז וואנען דו וועסט איהם די ערלויבניש געבען...

— עס וועט ניט שאדען צו זיין פארזיכטיג — האט יעל געזאגט — אבער דו דארפסט ניט זיין באזארגט. דערווייל אבער איז סיסרא אינגאנצען אונטער מיין איינפלוס און ער וועט קיין שריט ניט טהאן איידער ער וועט זיך מיט מיר בעראטען.

— דורך דער לעצטער צייט איז קיינער ניט זיכער מיט זיין פארמעגען אין דיזען געגענד און ארום! — האט חבר געזאגט — איינינע האבען זיך שוין פאר מיר באקלאגט, אז די צדונים האבען זיי בארויבט, כאטש זיי זיינען פריינדליך צו דעם קעניג, און ווען מען איז צו יבין'ען געקומען און זיך באקלאגט, האט ער נאך געגעבען די רויבער גערעכט!

— ווי עס ווייזט אויס, איז דער קעניג אזוי שלעכט און גרויזאם ווי זיין גענעראל סיסרא! — האט שרה זיך אפגערופען — ער גלויבט אז דורך רויב און פלינדער וועט ער באפעסטיגען זיין מלוכה!

— ווען איך האב זיך געזעהן מיט דבורה׳ן, האט זי מיר געזאגט, אז ביידע, סיי דער קעניג און סיי סיסרא וועלען האבען זייער מפלה אין איין טאג! יע, איהרע רייד זיינען מיר גוט אריין אין געדאנקען, ווייל זי איז א נביאה און קען פאראויסזעהן די געשעהענישען.

— יע, די שוועסטער פון מיין ברודער איז א הייליגע פרוי! — האט שרה געזאגט — און איך בין אזוי גליקליך, וואס מיר איז אריינגעפאלען דער געדאנק איהר צו ראטעווען פון די הענט פון סיסרא׳ן.

— איהר ווארט דא צו, און איך וועל צוקומען צו סיסרא׳ס געצעלט, צו זעהן אויב ער האט שוין אויפגעוואכט פון זיין שלאף... דו, מיין מאן, דארפסט זיין זעהר פארזיכטיג מיט דיינע רייד, דו זאלסט זיך אקארשט אליין ניט פארראטען. מיר מוזען אלע קריגען זיין פאלקאמענע צוטרויען. און דו, שרה, וועסט אריין אין קיך און זיך מאכען ווי דו ביזט דאדט שטארק באשעפטיגט. איך וועל איהם דערווייל נאך אמאל באדאנקען פאר דער מתנה וואס ער האט מיר געגעבען. איך וועל איהם זאגען, אז איך בין העכסט צופרידען פון דיין ארבייט, און דו מעגסט זיכער זיין, אז דו וועסט שוין מיט מיר בלייבען. און איידער איך געה וועל איך זעהן, אז יואש, דיין מאן, זאל עפעס קריגען צו עסען.

ווען יעל איז אריין אין דעם געצעלט, האט זי שוין געפונען סיסרא׳ן זיצענדיג.

— האב איך דיר אויפגעוועקט, מיין האר? — האט זי זיך אפגערופען — אויב אזוי וועסטו מיר מוזען ענטשולדיגען. איך האב זיך געוואלט איבערצייגען אויב דיר איז דא באקוועם.

— דו האסט מיר ניט געשטערט, דו שעהנע יעל! — האט זיך סיסרא אויפגעהויבען פון זיין פלאץ — איך האב, ווייזט אויס, לאנג געשלאפען, עס איז דאך שוין טונקעל געווארען!

— יעצט, מיין האר, אויב דו ווילסט, וועל איך אריינשיקען איינע פון מיינע דיענסטען, מיט וואסער, און דו וועסט זיך ארומוואשען. די טישען זיינען שוין געגרייט, און אויב דו ביזט הונגעריג וועלען מיר אלע קענען געהן צום טיש.

— א, צו זיצען מיט דיר ביים טיש, און אריינקוקען אין דיינע שעהנע אויגען, וועט זיין מיין גרעסטער פארגעניגען — האט סיסרא איהר אנגענומען ביי דער האנד — איך וועל זיך פארשטעלען, אז דו ביזט מיט מיר אין מיין קעניגליכען פאלאץ, איך זיץ אויף דעם טראהן, און דו טראגסט די קרוין פון דער קעניגין... א, ביז וואנען אזא צייט וועט קומען, וועל איך ניט רוהען...

— עס איז זעהר שעהן פון דיר, מיין האר, צו טראכטען פון מיר אזוי — אבער איך בעט דיר דו זאלסט זיך יעצט עטוואס באהערשען, ווייל מיין מאן איז שוין געקומען פון פעלד, און ער טאר גאר ניט חושד זיין

— ווען איך זאל דיר בלויז קענען איין קוש געבען אויף דיינע שעהנע ליפען — האט סיסרא געמאכט א באוועגונג.

יעל אבער האט זיך גלייך א קעהר געטהאן און ארויס פון געצעלט.

— איך ערווארט, אז דו וועסט באלד אריינקומען! — האט זי איהם געזאגט.

— איך וועל גלייך זיין ביים טיש! — האט ער אויסגערופען.

אין א ווייל׳ע ארום איז סיסרא אריינגעקומען אין גרויסען עס צימער, וואו די טישען זיינען געווען געגרייט.

חבר האט זיך פאר איהם פארנייגט, און סיסרא האט איהם ארויסגעוויזען גרויס פריינדליכקייט.

— עס איז געווען זעהר פיין פון דיר און פון דיין ווירדיגע פרוי מיך איינצולאדען צו דער פייערונג פון איהר געבורטסטאג — איך האף, אז דורך דעם וועט אונזער פריינדשאפט פארשטארקט ווערען — האט סיסרא זיך געזעצט אויבען אן ביים טיש.

— מיר זיינען דיר דאנקבאר פאר דעם גרויסען כבוד וואס דו טהוסט אונז אן! — האט חבר געזאגט — מיר זיינען איינפאכע מענשען און דו, אזא גרויסער העלד, דער הויפט גענעראל פון דעם קעניג חצור! עס איז ווירקליך פאר אונז א גרויסער כבוד צו האבען אזא גאסט. און איך האף אויך, אז אונזער פריינדשאפט וועט וואס ווייטער שטארקער ווערען!

און ווי איז די נייע דיענסט וואס איך האב דיר אלס א מתנה געגעבען צו דיין געבורטסטאג? — האט סיסרא זיך געווענדעט צו יעל'ען.

— אה, זי איז זעהר גוט! איהר קאכען איז אויסגעצייכענט, דאס איז די בעסטע מתנה וואס איך האב געקראגען. און איך דאנק דיר זעהר פאר איהר.

— ביי די אידען איז זי געווען א נביאה, מען האט פון איהר זעהר פיעל געהאלטען — האט סיסרא זיך אפגערופען מיט א שמייכעל צו חבר'ען. ווי מען האט מיר דערצעהלט פלעגט אט די נביאה האלטען רעדעס פאר'ן פאלק און איהם ערמונטערען צו געהן אין קאמף געגען מיר! ווי איך האב דאס דערהערט, האב איך געשיקט מיינע מענשען און געפאדערט מען זאל איהר מיר ארויסגעבען! ניט ווייל איך האב מורא געהאט, אז זי וועט עפעס אויפטהאן מיט איהר ריידען. איך ווייס, אז אפילו ווען אלע שבטים וועלען זיין פאראייניגט, וועלען זיי זיך ניט קענען געגענשטעלען געגען מיר, און ווען זיי וואלטען געמאכט א פארזוך, וואלט איך פון זיי און פון זייער גאנצען לאנד געמאכט א בארג אש אין עטליכע טעג. איך וואלט זיי אלעמען אויסגעשאכטען, זייערע פרויען און קליינע קינדער. קיינער וואלט פון זיי קיין לעבעדיגער ניט געבליבען, זיי וואלטען דאן געוואוסט די מאכט פון סיסרא! — האט ער א קלאפ געטהאן מיט זיין פויסט איבער'ן טיש. א, אפילו ווען זיי זאלען האבען הונדערט נביאות ווי אט די דיענסט, דבורה, וואלט איך ניט מורא געהאט, אבער דאך האב איך באשלאסען ארויסצופאדערען דיזע פרוי צו מיר, און ווען ניט יעל'ס פארלאנג צו קריגען א גוטע דיענסט, וואלט איך איהר זיכער געטויט אדער אריינגעווארפען אין תפיסה, ווי איך האב עס געטהאן מיט די אנדערע אידישע פרויען, וועלכע זיינען אריינגעפאלען אין מיינע הענט.

— געפינען זיך דען אין דיין געפענגניש נאך אידישע פרויען? —האט איהם יעל געפרעגט.

— געוויס! — האט סיסרא געענטפער.

— און אין וואס באשטעהט די זינד פון יענע פרויען? — איז יעל נייגיעריג געווארען.

—די זינד פון יענע פרויען? — האט סיסרא זיך פארנאנדערגעלאכט —זייער זינד באשטעהט אין דעם וואס זיי זיינען שעהנע!

— אה! — האט יעל אויסגערופען — איך פארשטעה.

סיסרא האט גלייך געזעהן, אז ער איז מיט זיינע איצטיגע רייד אריינגעפאלען און ער האט גלייך געזוכט צו פארריכטען.

— ווען איך זאג אז זיי זיינען שעהנע, מיין איך אז זיי זיינען שעהן אין די אויגען פון מיינע קנעכט... עס פאסירט גאנץ אפט אז מיינע בעאמטע און קנעכט וואנדערען דורך די דערפער פון די אידישע נאהענטע שבטים און ווען זיי דערזעהען א שעהנע אידישע מיידעל פאנגען זיי איהר און... נאכהער קומען זיי צו מיר צו קריגען די ערלויבניש... און ווען איך דערזעה אז איינע פון זיי באזיצט צופיעל חוצפה, הייס איך איהר פארשפארען אין געפענגניש!

— אבער, מיין האר! — האט זיך

יעל צו איהם געווענדעט — פארוואס זאל מען זיי באשטראפען. זיי האבען דאך גאר ניט געזינדיגט, זיי זיינען געוויס אומשולדיגע מיידלאך.

— עס איז גענוג אז זיי זיינען טעכטער פון דעם אידישען פאלק, אז דערפאר אליין זאלען זיי באקומען זייער שטראף! — האט סיסרא געלאכט — איך, אליין, האב ניט ליעב קיין אידישע מיידעל, אפילו ווי שעהן זי זאל ניט זיין, אבער וואס זאל איך טהאן, אז מיינע בעאמטע און קנעכט האבען א שוואכקייט צו אלע אידישע שעהנע מיידלאך, וועלכע זיי פאנגען. פארוואס זאל איך זיי פארוועהרען? און טאקי פיעלע פון אזעלכע געפאנגענע האב איך אפגעגעבען צו זיי אלס קעבסווייבער אדער דיענסטען, אבער ווען איך דערזעה, אז די, וועלכע ווילען זיך נישט אונטערגעבען, איז פאר אזעלכע ער איינציגער פלאץ — די תפיסה!

---

נאך דעם מאלצייט, איז יעל צו צו סיסרא'ן ווען קיינער איז דערביי נישט געווען און זיך צו איהם אפגערופען:

— דו מוזט מיר ענטשולדיגען מיין האר, וואס איך האב דיר געשטעלט אזעלכע פראגען, וואס איז פיליכט געווען פאר דיר אומאנגענעהם צו ענטפערען — איך האב עס געטהאן נישט ווייל איך האב רחמנות אויף די אידישע מיידלעך, נאר צוליעב דעם, ווייל איך בין געווען שטארק אייפערזיכטיג!

— אייפערזיכטיג? — האט סיסרא זיך אפגערופען מיט א שמייכעל.

איך האף, אז דו וועסט מיר פארשטעהן, סיסרא. איך ווייס, אז די אידישע מיידלעך זיינען אפטמאל גאנץ שעהן. און ווען מען בריינגט צו דיר די געפאנגענע...

— אבער, יעל, האט סיסרא אויסגערופען מיט א שמייכעל. דו ווייסט דאך, אז אזא שעהנע ווי דו אי, נישט צו געפינען אין גאנצען לאנד, און אויסער דעם גיב איך אפ די געפאנגענע צו מיינע גוטע פריינד.

— איך בין זיך מודה, מיין האר, אז דו האסט מיר געזאגט, דאס דו האסט איינע פארשפארט אין תפיסה, ווייל זי האט ארויסגעוויזען צופיעל חוצפה, האב איך געהאט א חשד, אז דו האסט איהר געוואלט נעמען פאר זיך...

סיסרא איז עטוואס רויט געווארען.

— ניין, דיין חשד איז גרונדלאז!

— האט ער איהר געזאגט — זינט איך האב דיך דערזעהן, עקזיסטירט שוין פאר מיר מעהר קיינע נישט...

— און איך גלויב דיר! — האט יעל איהם א חנפה געטהאן — ווייל די דינסט וואס דו האסט מיר געבראכט איז אויך א גאנץ שעהנע און דו האסט מיר איהר אפגעגעבען אלס א מתנה.

— אויב דו פארלאנגסט, וועל איך אויך יענע מיידעל, וועלכע זיצט אין געפענגניס, צו דיר בריינגען.

— דאס וועט שוין זיין צופיעל פון מיר צו פארלאנגען אזא זאך! — האט יעל געענטפערט.

— קיין זאך איז נישט צופיעל פאר דיר! — האט סיסרא איהר געענטפערט — און כדי צו צייגען דיר, אז איך טראכט נאר פון דיר, וועל איך דיר יענע אידישע מיידעל אויך בריינגען, ווען איך וועל נאך אמאל קומען צו דיר אויף א באזוך.

## צוועלפטער קאפיטעל

## דער קעניג יבין, שטורעמט

יבין, דער קעניג פון חצור, איז געזעסען אין זיין פאלאץ, ארומגערינגעלט פון זיינע מיניסטארען און גוטע פריינד. מען האט גערעדט וועגען פארשידענע ענינים.

דער געשפרעך איז באלד אריבערגעגאנגען צו די אידישע שבטים.

— האבען זיך שוין די געהיימע שלוחים אומגעקעהרט פון זייער רייזע דורך די שבטים? — האט דער קעניג זיך אפגערופען.

— יא, מיין האר קעניג! — האט זיך דער הויפט מיניסטער פארנייגט — זיי זיינען שוין דא מיט א באריכט און

זיי ווארטען אונטען פאר די ערלויבנים צו ערשיינען פאר דעם קעניג.

— זאלען זיי גלייך ארייננקומען! — האט יבין באפוילען.

די צוויי געהיימע שלוחים זיינען אריין אין פאלאץ און האבען זיך פאר־נייגט פאר׳ן קעניג.

— וואס איז אייער באריכט? — האט זיך דער קעניג אפגערופען צו זיי.

— מיר האבען דורכגערייזט פיעלע פון די שבטים פון ישראל — האט דער עלטערער פון די צוויי זיך אפגערופען, — און מיר האבען פיעלעס געהערט און געזעהן.

— האט אייך קיינער פון ישראל נישט באלידיגט? — האט דער קעניג געפרעגט.

— מיר האבען זיך פארשטעלט אלס סוחרים פון אן אנדער פאלק, און קיי־נער פון זיי האט נישט געוואוסט, אז מיר זיינען צידונים — האט ער געענט־פערט — און וואס מיר האבען געזעהן און געהערט, האט אונז זעהר פיעל בא־אומרוהיגט...

— וואס האט אייך אזוי באאומרו־היגט? — האט דער קעניג געפרעגט.

— מיר האבען זיך דערוואוסט, אז צווישען די שבטים געפינט זיך א פרוי, וועלכע איז א פראפעטין, זי איז זעהר געלערענט און קלוג און זי זוכט צו פאר־אייניגען אלע שבטים!

— יא, דאס גאנצע אידישע פאלק גלויבט אין איהר. זיי אכטען און ליע־בען איהר און פאלגען אלעס וואס זי זאגט — האט דער צווייטער שליח צו־געגעבען.

— פון וועלכען שבט שטאמט זי און ווי רופט מען זי? — האט דער קעניג געפרעגט.

— זי שטאמט פון דעם שבט אפרים און איהר נאמען איז דבורה, יע, דבורה די נביאה.

— ענטשולדיג מיר, מיין האר, קע־ניג! — האט זיך איינער פון די מי־ניסטארען אפגערופען — קען איך פי־ליכט קריגען די ערלויבנים צו פרעגען די געהיימע שלוחים איניגע פראגען.

— איך גיעב דיר מיין ערלויבנים!

— האט איהר אליין געזעהן יענע פרוי, די נביאה? — האט דער מיניס־טער זיי געפרעגט.

— יע, מיר האבען איהר געזעהן עט־ליכע מאל, און דעם לעצטען מאל וואס מיר האבען איהר געזעהן, האבען מיר אפילו געהערט איהר ריידען... זי האט גערעדט מיט פיעל באגייסטערונג וועגען א פאראייניגטעם פאלק און אויס־געדריקט איהר האפענונג, אז דער גאט פון ישראל וועט זיי העלפען געגען זייע־רע שונאים.

— און ווען איז געווען דאס לעצ־טע מאל, ווען איהר האט איהר געזעהן?

— האט דער מיניסטער געפרעגט.

— עס איז געווען מיט איניגע טעג צוריק, איידער מיר האבען זיך צוריקגע־קעהרט צו אונזער לאנד. מיר זיינען דאן געווען אין דעם לאנד פון דעם שבט זבולון, האבען מיר פלוצלונג באמערקט א געלויף צו דעם מארק פלאץ... ווען מיר האבען גענומען אויספארשען פאר־וואס אלע לויפען אהין, האט מען אונז איבערגעגעבען, אז א הייליגע פרוי א נביאה, איז געקומען אין שטאדט. מיר זיינען צוגעקומען און געהערט איהר ריידענדיג. זי האט דערצעהלט, אז זי קומט נאר וואס פון דעם שבט נפתלי, און אז די לאגע פון די אידישע איינ־וואוינער איז שרעקליך. און זי האט גערופען צום קאמף אלע אידען געגען די שונאים, און מיר האבען גלייך פאר־שטאנען, אז דאס האט זי געמיינט גע־געז אונזער קעניג!

— איך קען נישט פארשטעהן! — האט דער מיניסטער א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס — איך האב אליין גע־הערט ווי סיסרא האט זיך באריהמט, אז ער האט געצוואונגען די איינוואוי־נער פון קדש איהם איבערצוגעבען די נביאה, דבורה, און אז זי געפינט זיך אין זיין רשות, און יעצט קומט איהר צוגעהן און דערצעהלט, אז איהר האט געזעהן די אידישע מערקווירדיגע פרוי

אין דעם לאנד פון דעם שבט זבולון.

— מיר זיינען געגרייט צו שווערען ביי די געטער פון חצור, אז מיר זאגען דעם אמת! — האט א שליח אויפגעהויבען זיין רעכטע האנט.

— דאן קומט אויס, אז דער גענעראל סיסרא האט געזאגט ליגען! — האט זיך דער הויפט מיניסטער ארײַנגעמישט.

— ביי מיר איז סיסרא באגלויבט!
— האט יבין אויסגערופען מיט צארן
— ער וועט קיין ליגען נישט זאגען.

— איך באשולדיג איהם נישט אין זאגען ליגען! — האט זיך דער הויפט מיניסטער גענומען פארענטפערען — אבער עס איז דאך אוממעגליך, אז ער זאל האבען גענומען געפאנגען דבורה'ן די נביאה, אין דער צייט ווען זי איז געזעהן געווארען ביי די געהיימע שלוחים. סיידען דער קעניג וועט נישט וועלען אננעמען זייער באריכט...

— מיר שווערען, אז מיר זאגען דעם אמת! מיר האבען אליין בייגעוואוינט די שעהנע אויפנאהמע וואס דבורה האט געקראגען פון די איינוואוינער פון שטאדט. מיט אונזערע אויגען האבען מיר צוגעזעהן ווי זי האט זיך אוועקגעשטעלט אויף א הויכען פלאץ און גענומען ריידען. מיט אונזערע אויערען האבען מיר איהרע רייד געהערט. און אויב דער קעניג וועט אויסגעפינען, אז מיר זאגען א ליגען, זאלען אונזערע אויערען טויב ווערען און אונזערע אויגען בלינד ווערען...

— זאל סיסרא גלייך קומען אין פאלאץ! — האט דער קעניג אויסגערופען
— מיר וועלען הערען וואס ער האט וועגען דעם צו זאגען!

— צום באדויערען געפינט זיך יעצט נישט דער הויפט גענעראל אין חצור!
— האט דער מיניסטער געענטפערט.

— און וואו איז יעצט סיסרא? — האט אויסגערופען דער קעניג.

א שטילקייט האט געהערשט אין פאלאץ אויף א קליינע ווײַלע. דער הויפט מיניסטער האט זיך איבערגעווארפען מיט בליקען מיט די איבעריגע מיניסטארען.

— ווייס דען קיינער פון אייך נישט וואו סיסרא געפינט זיך יעצט? — האט יבין ווידערהאלט זיין פראגע.

— ווען מיין האר וועט מיר ערלויבען צו ריידען, וועל איך זאגען אלעס וואס איך ווייס! — האט דער הויפט מיניסטער זיך אפגערופען.

— דערצעהל מיר אלעס וואס דו ווייסט! — האט יבין זיך צו איהם געווענדעט.

— איך ווייס, אז סיסרא איז דער הויפט גענעראל פון אונזערע ארמעען און איך ווייס אויך, אז ער האט ארויסגעוויזען גרויס העלדישקייט אין די מלחמות מיט די אידען, און דערפאר האט ער פארדינט אנערקענונג פון דעם קעניג, אבער לעצטענס, האט סיסרא אין גאנצען פארנאכלעסיגט זיינע פליכטען, און האט זיך איבערגעגעבען צו דער לוסט פון פרויען...

— דאס רעדט אביסעל אין דיר די קנאה! — האט דער קעניג זיך אפגערופען מיט א שמייכעל — סיסרא איז נאך יונג און די פרויען האבען איהם ליעב, און דו האסט געוויס קיין ערפאלג נישט מיט די פרויען.

— אה, ניין, מיין האר קעניג, נישט די קנאה רעדט אין מיר. איך האב אין זינען די זיכערקייט פון אונזער לאנד... אין א צייט ווען מען דארף טראכטען ווי אויפצוהאלטען דעם גלענצענדען זיעג, וואס דער האר קעניג האט ערווארבען מיט אזוי פיעל שוועריגקייטען.

— דו קענסט אבער נישט אפלייקענען, אז סיסרא האט געהאט א גרויסען טייל אין דעם גלענצענדען זיעג וואס מיר האבען געהאט איבער ישראל!

— איך פארלייקען נישט, אז סיסרא איז א גרויסער העלד און ער קען באזיעגען גרויסע ארמעען. און טאקע צוליעב דעם איז צו באדויערען וואס ער האט זיך ארײַנגעטהאן אין שכרות און אין פרויען און פארנאכלעסיגט די ארמעע.

— אבער דו האסט מיר נאך אלץ נישט געזאגט וואו סיסרא געפינט זיך?
— איז שוין דער קעניג געווארען אומגעדולדיג.

— לויט ווי מען האט מיר איבערגעגעבען, געפינט זיך סיסרא ביי דער שעהנער פרוי פון חבר דעם קיני.

— חבר דער קיני?! — האט יבין אויסגערופען און א קנייטש געטהאן מיט'ן שטערען ווי ער וואלט זיך וועלען דערמאנען אן עפעס — מיר דוכט, אז מיט חבר דעם קיני האב איך געשלאסען א בונד פון שלום, טו ווי קומט סיסרא צו זיין פרוי?!

— דאס איז נישט די איינציגע פראגע וואס מיין קעניג קען פרעגען וועגען סיסרא'ס אויפפיהרונג אין דער לעצטער צייט! — האט דער הויפט מיניסטער געזאגט — עס זיינען פאראן נאך פיעלע זאכען וואס ער טוט לעצטענס אפ, נישט באראטענדיג זיך מיט דעם קעניג.

— נאך ווייסטו פון איהם? — האט יבין געפרעגט.

— איך ווייס, אז ער שיקט ארום צווישען די אידישע שבטים, פיעלע פון זיינע בעאמטע, וועמענס הויפט ציעל איז צו פאנגען שעהנע אידישע מיידלעך און זיי ברייגען צו איהם... איך ווייס, אז מיר האבען זיך נישט וואס צו שרעקען פאר די שבטים פון ישראל, אבער אזוי לאנג ווי זיי צאהלען אונז זייערע צינזען פינקטליך און זוכען נישט צו מאכען קיין אויפשטאנד געגען אונזער קעניג, גלויב איך, אז עס וואלט געווען נישט מעהר ווי רעכט, ווען אזעלכע זאכען זאלען נישט געטהאן ווערען.

— אבער דו האסט דאך אליין געהערט ווי די שלוחים גיבען איבער, אז די שבטים פון ישראל גרייטען זיך צו אן אויפשטאנד! — האט יבין אויסגערופען.

— עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז וואס שטארקער די אונטערדריקונג ווערט, אלץ גרעסער ווערט זייער פארביטערונג און אלץ שטארקער ווערט זייער פארלאנג זיך צו באפרייען פון דער אונטערדריקונג.

— איך זעה אז דו שרעקסט זיך אומזיסט! — האט יבין געענטפערט — מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען פאר די קינדער פון ישראל — זאלען זיי פרובירען מאכען בלויז א פארזוך ארונטערצוווארפען אונזער יאך, וועלען מיר פון זיי קיין שריד און פליט ניט איבערלאזען... מיט ניין הונדערט אייזערנע רייט וועגען און מיט אזא בראווען גענעראל, ווי סיסרא איז, זיינען מיר אומבאזיגבאר... אבער וואס מיר פארדריסט נאר, איז וואס סיסרא האט לויט דיינע רייד פיעלע שעהנע אידישע טעכטער געפאנגען און פאר מיר האט ער אפילו קיין איינע ניט געבראכט.

— און עס איז נאך א גרעסערער וואונדער, וואס ער האט אין זיין רשות די הייליגע אידישע פרוי און ער האט דעם קעניג פון דעם ניט געזאגט.

— כל זמן איך האב פון זיין מויל ניט געהערט, אז דבורה די נביאה איז אין זיין רשות, וועל איך דאס אויף איהם ניט גלויבען! — האט יבין געזאגט — איך קען איהם פארשטעהן, ווען ער פאנגט אן איינפאכע אידישע מיידעל, און ער דערצעהלט מיר ניט וועגען איהר, אבער דבורה'ן? דאס איז אונמעגליך.

— איך בין ניט דער איינציגער, וועלכער האט פון איהם געהערט, אז ער האט געצוואונגען די איינוואוינער פון שטאדט קדש, איהם איבערצוגעבען דבורה'ן — האט דער מיניסטער געזאגט — אט די איבעריגע מיניסטארען, גלויב איך, האבען דאס אויך געהערט.

— האט צו אייך סיסרא אויך געזאגט אז ער האט דבורה'ן גענומען אלס א געפאנגענע? — האט דער קעניג זיך געווענדעט צו די איבעריגע מיניסטארען

די מיניסטארען האבען אלע צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ אויף יע.

— איצט פארשטעה איך, אז סיסרא האט מיט אייך געטריבען שפאס! — האט יבין זיך פארנאנדערגעלאכט —

ווען דאס וואלט געווען אמת, וואלט ער פריהער מיר געקומען דאס אנזאגען.

—א, ניין, מעכטיגער קעניג! — האט דער הויפט מיניסטער זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ — סיסרא האט קיין שפאס ניט געמאכט, ער איז געווען גאנץ ערנסט.

— ווי אזוי קענסטו מיר איבערצייגען אז ער האט קיין שפאס ניט געטריבען? — האט יבין איהם געפרעגט.

— איך קען איבערצייגען דערמיט, וואס סיסרא׳ס מוטער ווייס אויך דערפון, און זי האט זיך נאך באריהמט פאר מיין פרוי דערמיט.

— דאס ווילען מיר באלד זעהן! — האט יבין געזאגט — איך וועל שיקען רופען זיין מוטער און זי וועט אונז דערצעהלען, אויב דאס איז אמת אדער ניט. זאל מען רופען סיסרא׳ס מוטער!
— האט ער א באפעהל געגעבען.

אין א ווײַלע ארום האט זיך א בעאמטער צוריקגעקעהרט אין פאלאץ און איבערגעגעבען, אז סיסרא׳ס מוטער איז יעצט ניטא ביי זיך אין הויז.

— איך גלויב אז זי געפינט זיך מיט דער קעניגין — האט אײַנער פון די מיניסטארען אויסגערופען.

יבין האט זיך אליין ארונטערגענידערט פון זיין טראהן און איז ארײַן אין דעם צימער פון פאלאץ, וואו זיין פרוי, די קעניגין געפינט זיך. דארטען האט ער טאקע געטראפען סיסרא׳ס מוטער.

— קומט ארײַן אין פאלאץ!—האט דער קעניג זיך געווענדעט צו דער קעניגין און צו סיסרא׳ס מוטער, מיר פארהאנדלען דארטען וועגען א וויכטיגען ענין, און מיין פארלאנג איז, אז איהר זאלט ביידע אנוועזענד זיין.

יבין איז צוריקגעקומען אין דער באגלייטונג פון די צוויי פרויען, און האט זיך געזעצט אויפ׳ן טראהן.

— זאג מיר, איז דאס אמת, אז מיין הויפט גענעראל, סיסרא, דיין זוהן, האט גענומען געפאנגען די נביאה דבורה? — האט זיך דער קעניג געווענדעט צו סיסרא׳ס מוטער.

— יע, מיין האר, עס איז אמת! — האט זי צוגעגעבען מיט טאלץ — ער האט מיט זיין גרויס פארשטאנד און העלדישקייט ארײַנגעקראגען אין זיין רשות די פרוי וועלכע וואלט פאראורזאכט זעהר פיעל צרות צו דעם האר, קעניג!

—און וואו געפינט זיך די פרוי יעצט — האט דער קעניג זיך אפגערופען צו איהר.

—מיין זוהן איז אײַנגעלאדען געווארען צו א געבורטסטאג פייערונג פון יעל, די פרוי פון חבר דעם קיני, און ווען ער איז אהין אוועק האט ער דבורה׳ן מיט זיך גענומען.

— צוליעב וואס האט ער איהר מיט זיך גענומען? — האט יבין געפרעגט— ער האט איהר באדארפט פריהער ברײַנגען צו מיר און מיט מיר זיך בּאראטען וואס צו טהאן.

— מיין האר, קעניג, וועט איהם געווים ענטשולדיגען פאר דעם! — האט סיסרא׳ס מוטער געזאגט מיט א שמייכעל, מיין זוהן האט א שוואכקייט צו שעהנע פרויען, און דאריבער האט ער וועגען דעם ניט געטראכט.

— מיר האט ניט געארט, וואס ער האט געטהאן מיט די איבעריגע פרויען! —האט יבין אויסגערופען מיט א בייזע שטימע — אבער מיט דבורה׳ן! ער האט דאך גאנץ גוט געוואוסט די וויכטיגקייט מיט וואס איהר געפאנגשאפט איז פארבונדען, און ער איז אפילו ניט געקומען מיר זאגען וועגען דעם! אבער זאג דאך, ביזטו זיכער, אז ער האט געקראגען דבורה׳ן, פיליײַכט האט ער עס געשפאסט, ווען ער האט געזאגט אז זי איז די נביאה.

— מיין האר קעניג! מיין זוהן וועט ניט שפאסען פון זיין מוטער! — האט זי מיט שטאלץ געזאגט.

— דאן זייט איהר ביידע ליגנער! — האט יבין א געשריי געטהאן אויף די צוויי געהיימע שלוחים — איהר האט ניט געקענט זעהן דבורה׳ן, די נביאה!

די צוויי שלוחים זיינען געפאלען אויף זייערע קני און נאך אמאל געשווא־

רען ביי די געטער פון חצור אז זיי זאָ־
גען דעם אמת, אז זיי האבען געזעהן
דבורה'ן די נביאה און געהערט ווי זי
האט גערעדט, ערמונטערענדיג ארויסצו־
געהן אויף מלחמה.

— אויב אזוי — האט יבין אויסגע־
רופען — מוז סיסרא גלייך קומען צו
מיר.

ער האט צוגערופען צוויי בעאמטע
און זיי אנגעזאגט, אז זיי זאלען שנעל
אוועקרייטען צו דעם פלאץ צענים, וואו
די געצעלטען פון חבר דעם קיני געפי־
נען זיך, און איבערגעבען סיסרא'ן, אז
דער קעניג פארלאנגט דאס ער זאל זיך
גלייך אומקעהרען קיין חצור.

די צוויי בעאמטע האבען זיך פאר־
נייגט, און נעהמענדיג צוויי פערד זיינען
זיי אוועקגעריטען צו די געצעלטען פון
יעל.

---

עס איז געווען נאך האלבען טאג, און
די פייערונג פון יעל'ס געבורטסטאג
האט זיך נאך ניט געענדיגט, כאטש חבר
איז שוין אוועק מיט די שאף אין פעלד.
סיסרא איז נאך פארבליבען. ער האט
געטרונקען זעהר פיעל וויין, און האט
פארלאנגט פון יעל'ן, אז זי זאל מיט
איהם פארברייננגען.

יעל האט צוגעשטימט און זי האט זיך
אוועקגעזעצט נעבען סיסרא'ן. פון זי־
כערקייט וועגען, האט זי געהייסען איי־
ניגע פון איהרע דיענסטען ווארטען נע־
בען אריינגאנג פון געצעלט.

— ווען איהר וועט הערען מיין שטי־
מע, זאלט איהר אריינקומען אין גע־
צעלט און מיר פרעגען אויב איך האב
אייך גערופען — האט יעל זיי אנגע־
זאגט.

סיסרא האט גענומען דערצעהלען פאר
יעל'ן וועגען זיינע גבורות, וואס ער האט
אויפגעטהאן פאר'ן קעניג.

— ווען ניט איך, וואו וואלט יעצט
יבין געווען? — האט סיסרא מיט א
שכור'ע שטימע אויסגערופ!—ער וואלט
געווים געווען א שקלאף ערגיץ צווישען
די פארפלוכטע אידען!...

— איך האף אז דער קעניג ווייס ווי
אפצושאצען אלעס וואס דו האסט פאר
איהם געטהאן! — האט יעל איהם א
חנפה געטהאן — אזא העלדישען גענע־
ראל ווי דו וועט ער קיינמאל נישט גע־
פינען.

— נו, געווים, ער האט אין מיין
האנט איבערגעגעבען די גאנצע ארמעע,
ווייל ער ווייס אז נאר איך קען בעזיגען
אלע זיינע שונאים.

— דו האסט צו מיר נעכטען גערעדט
וועגען פערנעהמען דעם טראהן, ביזטו
געווען ערנסט? — האט איהם יעל גע־
פרעגט.

— איך האב דיר פערשפראכען, אזוי
שנעל ווי דו וועסט געהערען צו מיר,
וועל איך קומען מיט מיין ארמעע אין
חצור און פערכאפען די מלוכה. דו ווייס
דאך וואס איך וואלט פאר דיר געטאן—
האט סיסרא איהר ארומגענומען און גע־
זוכט איהר א קוש צו טהאן.

— דו האסט פערגעסען דיין פער־
שפרעכען! — האט זיך געזוכט ארויס־
צודרעהען.

— דיזען מאל מוז איך דיר א קוש
טהאן — האט סיסרא איהר ניט אפגע־
לאזען.

— דו מוזט האבען געדולד! — האט
יעל אויפגעהויבען איהר שטימע.

באלד זיינען אריינגעקומען צוויי פון
איהרע דינסטען און זיך דערנעהנטערט
צו יעל'ן און סיסרא.

ווען סיסרא האט זיי דערזעהן, האט
ער אפגעלאזען יעל'ן.

— האט די הארינטע אונז גערופען?
— האט איינע פון די דינסטען זיך אפ־
גערופען צו יעל'ן.

— ניין, איך האב אייך נישט גערו־
פען — האט יעל געזאגט — איהר קענט
געהען.

די דינסטען זיינען ארויסגעגאנגען
און באלד האט זיך איינע צוריקגעקערט.

— וואס ווייטער — האט זיך שוין
יעל אויף איהר גענומען בייזערען.

— מיין הארינטע! צוויי בעאמטע פון
דעם קעניג זיינען נאר וואס געקומען צו־

רייטען און זיי האָבען זיך נאָכגעפּרעגט אויף דעם גענעראַל סיסרא.

— ביזטו זיכער אז זיי זיינען געשיקט געוואָרען ביי דעם קעניג? — האָט סיסרא איהר געפּרעגט.

— יע, מיין האר! איך קען דערקענען דעם קעניג'ס בעאַמטע. זיי זיינען געקומען צו רייטען אויף פערד.

סיסרא האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און איז שנעל ארוים פון געצעלט.

— וואָס איז אייער פערלאַנג! — האָט ער זיך געווענדעט צו די צוויי בעאַמטע.

דער קעניג יבין פערלאַנגט אז דו זאָלסט זיך גלייך צוריקקעהרען נאָך חצור! — האָט איהם איינער געזאָגט.

— האָט עפּעס פּאַסירט? — איז סיסרא נייגעריג געוואָרען.

— מיר ווייסען גאָר נישט — האָבען זיי איהם געענטפערט. אונז האָט דער קעניג געשיקט צו דיר דו זאָלסט קומען און מען האָט אונז נישט געזאָגט די אורזאַכע.

סיסרא האָט גלייך צוזאַמענגערופען זיינע דינער און שקלאַפען און זיי געהייסען שפּאַנען זיין קאַרעטע.

— דו וועסט מיר זיכער ענטשולדיגען, יעל — האָט סיסרא זיך צו איהר אָפּגערופען.— דער קעניג האָט נאָך מיר געשיקט... עס וועט לאַנג נישט נעמען, און איך וועל ביי דיר ווידער זיין, און דאַן וועסטו אין גאַנצען געהערען צו מיר.

— געה מיט פריעדען! — האָט יעל איהם אויסגעשטרעקט איהר האַנט — און איך דאַנק דיר נאָך אמאָל פאַר דער טייערער מתנה וואָס דו האָסט מיר געגעבען.

— און איך בין זעהר צופריעדען, וואָס דיין פערלאַנג איז צו מיר געקומען, איידער איך האָב איהר אויפגעהאַנגען — האָט סיסרא געזאָגט מיט א שמייכעל.

— ווען דיין שליח וואָלט פערשפּעטיגט מיט איין טאָג, וואָלט שוין דבורה געהאַנגען געוואָרען... און יעצט וועל איך דיר בעטען, יעל, אז דו זאָלסט זעהן גוט אכטונג צו געבען, זי זאָל פון דיר נישט ענטלויפען און זיך צוריקקעהרען צוריק צו איהר פאָלק.

— דו קענסט זיך אויף מיר פערלאָזען! — האָט יעל איהם געזאָגט — איך בין פאַר איהר פעראַנטוואָרטליך. איך וועל שוין זעהן, אז זי וועט בלייבען ביי מיר. זעהר זעלטען קריגט מען אזא טייערע מתנה פון אזא וויכטיגען מאַן ווי דו ביזט.

סיסרא האָט זיך אריינגעזעצט אין זיין קאַרעטע און איז מיט זיינע בעגלייטער אָפּגעפאָהרען צוריק נאָך חצור.

ער איז גלייך געקומען אין פּאַלאַץ צו דעם קעניג.

— מיין האר קעניג האָט נאָך מיר געשיקט און איך בין גלייך געקומען — האָט זיך סיסרא פערנייגט.

— זאָג מיר, סיסרא! — האָט יבין זיך גלייך צו איהם געווענדעט — דו האָסט גענומען געפאַנגען דבורה די נביאה?

— געוויס, מיין האר קעניג! — האָט סיסרא זיך אויסגעגלייכט.

— ווען האָסטו איהר גענומען און ווי אזוי? — האָט יבין איהם געפרעגט.

— איך האָב אַנגעשטעלט שפּיאָנען אין יעדער שטאָדט פון די ארומיגע שבטים — האָט סיסרא מיט שטאָלץ געענטפערט. און ווען עס געשעהט עפּעס וויכטיגעס, אזוי קומען זיי מיר אַנזאָגען. און ווען זיי האָבען אויסגעפונען, אז די נביאה דבורה געפינט זיך אין קדש, און אז די אידען פערזאַמלען זיך צו הערען איהרע רייד, זיינען די שפּיאָנען אויך אהין געגאַנגען, און זיי האָבען געהערט ווי דבורה וועקט דעם פאָלק צו אן אויפשטאַנד געגען מיין האר קעניג — און זיי זיינען גלייך געקומען מיר אַנזאָגען.

— און ווער זיינען דאָס די שפּיאָנען?

— זיי זיינען גבעונים, וועלכע וואָהנען פיעלע יאָהרען מיט די אידען צוזאַמען, אָבער זיי האָבען זיי זעהר פיינט, און ווען זיי קענען אויף זיי ברייגען א צרה, טהוען זיי דאָס מיט גרויס פערגע־

ניגען... ווען איך האב זיך פון די גבעונים דערוואוסט, האב איך זיי גע־שיקט רופען, און איך האב זיי אנגע־שטעלט אלס שפיאנען. די אידען פער־דעכטיגען זיי נישט, און מען היט זיך נישט פאר זיי. און ווען עס פאסירט עפעס וויכטיגעס, קומען זיי מיר אנזא־גען. אזוי, מיט פיער טעג צוריק זיינען געקומען די גבעונים און האבען מיר דערצעהלט, אז דבורה געפינט זיך אין קדש. האב איך גלייך אוועקגעשיקט מיי־נע מענשען און פערלאנגט פון זיי מען זאל מיר ארויסגעבען דבורה'ן, און אויב נישט, האב איך געדראהט חרוב צו מא־כען די גאנצע שטאדט. די איינוואהנער פון שטאדט האבען נאכגעגעבען מיין פערלאנג און איבערגעגעבען דבורה אין די הענט פון מיינע בעאמטע.

— נו, וואס ווען איהר יעצט זאגען?

— האט דער קעניג זיך געווענדעט צו די צוויי געהיימע שלוחים, וועלכע זיי־נען געשטאנען נישט וויט פון סיסרא'ן.

— אה, מעכטיגער קעניג, עס איז אונמעגליך! — האט איינער פון די שלוחים אויסגערופען. — מיט פיער טעג צוריק האבען מיר געזעהן דבורה'ן אין א שטאדט פון דעם שבט זבולון.

— וואס?! — האט סיסרא אויסגע־רופען מיט צארן. דיינע אומווירדיגע מענשען ווען מיר מאכען פאר א ליג־נער!

—מיר ווילען דיר ניט ווידערשפרע־כען אבער פיליכט מאכסטו א טעות!

— איך א טעות... ווען דבורה איז ביי מיר אין האנט געווען. ווי אזוי קען איך מאכען א טעות.

— זיי האבען ביידע געשוואוירען ביי די געטער פון חצור, אז זיי האבען גע־זעהן און געהערט דבורה'ן מיט איניגע טעג צוריק — האט דער קעניג זיך אפ־גערופען.

— און איך שווער ביי די געטער פון חצור אז זיי האבען געשוואוירען פאלש — האט סיסרא אויסגערופען.

— וועלען מיר טאקע באלד זעהן! — האט דער קעניג געזאגט. — ברייגג דבורה'ן אהער און זיי וועלען איהר בע־טראכטען... דאן וועלען זיי שוין דאך נישט קענען אפלייקענען...

— המ... האט סיסרא'ס פנים זיך גע־ביטען קאלירען... איך קען איהר נישט ברייגגען!

— אויב זי איז אין דיין רשות, טא פארוואס קענסטו איהר נישט בריינגען אהער — האט יבין געפרעגט מיט ער־שטוינונג.

סיסרא האט געשוויגען.

— פארוואס ענטפערסטו מיר נישט!

— האט דער קעניג געזאגט מיט א שטרענגע שטימע.

— עס איז אונמעגליך פאר מיר איהר יעצט צו ברייגגען — האט סיסרא גע־ענטפערט. און איך האף אז דער קעניג וועט מיר גיכער גלויבען איידער אט די — האט ער אנגעצייגט אויף די צוויי שלוחים.

— איך בין אבער אליין זעהר נייגע־ריג צו זעהן די פרוי, וועלפע ווערט אנ־גערופען די נביאה און ווערט פערהיי־ליגט ביי אלע אידען. און דעריבער פער־לאנג איך פון דיר, אז דו זאלסט זעהן איהר גלייך צו בריינגען פאר מיר.

— איך בעט דיר, מיין האר קעניג, פערלאנג נישט פון מיר אן אונמעגליכ־קייט — האט סיסרא געזאגט מיט א ני־דעריגע שטימע.

וואו איז די אידישע פרוי? — האט יבין איהם געפרעגט — האסטו איהר געטויטעט?

ניין!

— אויב אזוי, פאדער איך פון דיר, אז דו זאלסט איהר גלייך צושטעלען צו מיר!

— עס טוט מיר לייד, מיין האר! — האט סיסרא אויסגערופען — אבער איך האב דבורה'ן איבערגעגעבען אין די הענט פון מיינער א פריינדין!

— וואס?! — האט יבין א געשריי געטהאן — דו האסט געהאט ביי זיך אזא געפעהרליכע פרוי, און דו האסט זי אנפארטרויט צו אן אנדער פרוי.... ווי אזוי האסטו עס געקענט טהאן! וואס

וועסטו טהאָן, ווען זי וועט פון איהר ענטלויפען און זיך צוריקקעהרען צו איהר פאָלק.

— וועגען דעם בין איך נישט בעזאָרגט — מיין פריינדין וועט איהר גוט היטען.

— ניין, דו מוזט איהר נאָך היינט ברייגנען צו מיר — האָט יבין איהם בעפוילען.

— אָבער מיין האַר, איך האָב איהר איבערגעגעבען אַלס אַ מתנה, און עס פּאַסט פאַר מיר נישט צוריקצונעהמען.

— איך פערשטעה נישט וואָס דו רעדסט — ווענען האָסטו איבערגעגעבען דבורה׳ן אַלס אַ מתנה.

— איך האָב זי איבערגעגעבען צו יעל׳ן, די פרוי פון חבר דעם קיני, וועלכער האָט געשלאָסען אַ בונד פון שלום מיט דעם קעניג, ווייל יעל איז געווען זעהר פריינדליך צו מיר.

— דו האָסט נישט געהאַט קיין רעכט אַזוי צו האַנדלען אײדער דו האָסט מיר געפרעגט — האָט יבין אויף איהם געשטורעמט, און יעצט פערלאַנג איך אַז דו זאָלסט גלייך געהן אהין און צוריקקומען מיט דבורה׳ן, כדי איך זאָל קענען זיך איבערצייגען אַז מיינע צוויי געהיימע שלוחים האָבען געזאָגט אַ ליגען.

— איך בעט דיך, מיין האַר קעניג...

— עס וועט דיר גאָר נישט העלפען

— האָט יבין אויסגערופען. אַזוי איז מיין בעפעהל און דו מוזט עס גלייך דורכפיהרען. מאָרגען אין דער פריה, וועל איך דיך ערוואַרטען מיט דבורה׳ן, און יעצט קענסטו געהן.

סיסרא איז ארויס פון פּאַלאַץ אויפגערעגט און טרויעריג... ער האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי ער וועט יעצט קענען קומען צו יעל׳ן און פון איהר פערלאַנגען, זי זאָל איהם צוריקקעהרען די מתנה וואָס ער האָט איהר אוועקגעשאָנקען צו איהר געבורטס־טאָג. ער האָט דערצעהלט זיין מוטער וועגען דעם קעניג׳ס בעפעהל, און זי האָט איהם געראַטען, ער זאָל איהם יעצט פאָלגען.

— ער האָט קיין רעכט ניט געהאַט אַזוי שטרענג מיט מיר צו ריידען! — האָט סיסרא זיך אָפּגערופען צו זיין מוטער. ווען נישט איך, וואָלט ער דען יעצט געווען קעניג? איך האָב בעזיעגט אַלע זיינע שונאים און פערשטאַרקט זיין מלוכה און אַזוי בעצאָהלט ער מיר.

— דו דאַרפסט וויסען זיין מיין זוהן, אַז דו האָסט זעהר פיעל שונאים צווישען די מיניסטאָרען און זיי האָבען געזוכט צו פער׳מיאוסן דיר אין די אויגען פון דעם קעניג... דעריבער איז מיין עצה, דו זאָלסט איהם איצט פאָלגען און ברייגען יענע פרוי.

— אָבער ווי אַזוי וועל איך דאָס קענען טהאָן? וואָס וועט יעל טראַכטען פון מיר?

— דו וועסט איהר ערקלערען, אַז דער קעניג האָט אויסגעדריקט זיין פערלאַנג איהר צו זעהן און אַז אַזוי שנעל ווי מעגליך וועטו זי צוריק אָפּשיקען צו איהר... יעל איז דאָך אַ קלוגע פרוי און זי וועט דיר פערשטעהן.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה איז סיסרא אוועקגעפאָהרען צו יעל׳ן אין דער בעגלייטונג פון עטליכע זיינע דינער.

ווען ער איז אָנגעקומען צו דעם פּאַלאַץ וואו יעל׳ס געצעלטען געפינען זיך, האָט ער געשיקט אָנזאָגען יעל׳ן אַז ער איז דאָ און ער וויל מיט איהר ריידען וועגען עפּעס וויכטיגעס.

— אונזער האַרינטע שלאָפט נאָך — האָט מען איהם געענטפערט.

— איך בין אַהער געקומען זעהר דרינגענד — האָט סיסרא זיך אָפּגערופען צו איינער פון די דינסטען, געה שנעלער און וועק איהר אויף אין מיין נאָמען.

אין אַ ווײלע אַרום, איז יעל ארויס און אָנגעקוקט סיסרא׳ן מיט ערשטוינונג.

— מיין האַרינטע, דו וועסט מיר געוויס ענטשולדיגען וואָס איך האָב דיר געשטערט! — האָט סיסרא זיך אַ נייג געטהאָן פאַר איהר. אָבער דעם קעניג׳ס בעפעהל איז, אַז איך זאָל איהם צושטעלען דבורה׳ן די נביאה. אימיצער האָט

איהם דערצעהלט אז איך האב איהר גענומען אין געפאנגשאפט, האט זיך איהם פלוצלונג פערוואלט איהר אנצוקוקען. און ער האט מיר געהייסען איהר היינט ברייננען פאר איהם... דו קענסט זיך פארשטעלען ווי אונאנגענעהם עס איז פאר מיר צו בעטען דיר דו זאלסט מיר אומקעהרען דבורה'ן. אבער איך פערזיכער דיר, אז דאס איז בלויז אויף א קורצע ווילע, איך וועל דיר זי צוריקברייננען אזוי שנעל ווי מעגליך.

— אה! — האט יעל אויסגערופען — און איך בין געווען אזוי גליקליך צו בעזיצען אזא דינסט... איך האב פון איהר פיעלע נוצען געהאט... און יעצט ווילסטו איהר אוועקנעמען פון מיר!

איך שווער דיר ביי די געטער פון הצור, אז איך וועל זי דיר גלייך צוריקברייננען... זאל נאר דער קעניג אנזעטיגען זיינע אויגען מיט איהר. פערשטעהס דו מיר, אין פאלאץ געפינען זיך צוויי געהיימע שלוחים, וועלכע האבען געוואלט איינריידען דעם קעניג אז זיי האבען געזעהן דבורה'ן מיט עטליכע טעג צוריק צווישען די וויטערע שבטים, און דער קעניג ווייסט נישט וועמען צו גלויבען, וויל איך דעריבער ברייננען דבורה פאר איהם, און דאן וועט ער בעשטראפען די צוויי שלוחים פאר פאלש שווערען.

יעל איז בלאס געווארען... איהר הארץ האט איהר געשראקען פאר איהר פריינדין שרה... ווען זיי וועלען אויסגעפינען דעם אמת, וועט זי זיכער בעשטראפט ווערען.

— דו ווארט דא צו א ווילע! — האט יעל זיך אפגערופען צו סיסרא'ן — איך וועל באלד ארויסקומען מיט דער דינסט, וועלכע דו האסט מיר געשאנקען.

יעל איז אריין צו שרה'ן אין צימער און האט איהר איבערגעגעבען אלעס וואס סיסרא האט איהר נאר וואס געזאגט.

— איך בין פערלארען! איך בין פערלארען! — האט שרה אויסגערופען א טויט בלאסע. יעצט וועט זיך סיסרא דערוויסען, אז איך האב איהם גענארט. ער וועט אויסגעפינען, אז איך בין ניט דבורה, און ווער ווייס וואס ער וועט טהאן?

— בערוהיג זיך שרה! — האט יעל איהר געטרייסט, וואס עס זאל נישט פאסירען, זאלסטו זיך אקארשט נישט מודה זיין. דו בעשטעה, אז דו ביזט דבורה די נביאה... איך בין זיכער, אז סיסרא וועט דיר בעסער גלויבען, איידער די צוויי שלוחים... ער וועט זיי נישט וועלען צוגעבען צוליעב דעם, מען זאל ניט זאגען, אז מען האט איהם געקענט אפנארען... .און איך בין זיכער, אז אין עטליכע טעג ארום וועט דיר סיסרא צו מיר אומקעהרען. איך האב איהם געגעבען צו פערשטעהן, אז מיר איז זיך שווער צו שיידען פון אזא דינסט... און ער האט מיר צוגעשווארען ביי די געטער אז ער וועט דיר אומקעהרען צו מיר.

יעל איז צוגעקומען מיט שרה'ן צו סיסרא'ן און זיך אפגערופען:

— אט האב איך דיר צוריקגעבראכט די דינסט, וואס דו האסט מיר געשאנקען. איך האף, אז איך וועל איהר איינגיכען צוריק האבען... איך וועל גאנץ איינפאך יעצט אהן איהר נישט קענען אויסקומען.

— איך וועל מיין שבועה האלטען! — האט סיסרא זיך אפגערופען און געהייסען די דינסט אריינגעהן אין זיין קארעטע. ער האט זיך געזעגנט מיט יעל'ן און שנעל אפגעפאהרען קיין חצור.

---

ווען סיסרא איז געקומען אין פאלאץ, האט ער געהייסען צוויי קנעכט אריינצופיהרען דבורה'ן צוזאמען מיט איהם.

מען האט איהר פארגעבראכט פאר דעם קעניג און סיסרא האט זיך פערנייגט און אויסגערופען:

— דיין וואונש, מיין האר קעניג איז ערפילט. איך האב געבראכט די נביאה פאר דיר.

— זאלען די צוויי געהיימע שלוחים אריינקומען! — האט יבין בעפוילען.

באלד זיינען זיי אריינגעקומען.

שרה איז געשטאנען מיט איהר קאָפּ געבויגען. זי איז געווען בלאס און צושראקען.

— וואָס וועט איהר יעצט זאָגען, איהר פאַלשע מענשען, איהר ליגנער. איהר האָט געגלויבט, אז אייך וועט געלינגען מיך אָפּצונארען! — האָט יבין אויסגעשריען. — איך האָב אייך געשיקט אויף א געהיימע שליחות און איהר קומט און דערצעהלט מיר, אז איהר האָט געזעהן דבורה'ן די נביאה צווישען די שבטים אין ישראל, אין דער צייט ווען זי איז גאָר געווען אין די הענט פון מיין גענעראל סיסרא.

— און זיי האָבען נאָך דערצו פאַלש געשוואָרען! — האָט סיסרא צוגעגעבען. — זיי האָבען פערדינט א גרויסען שטראָף.

די צוויי שלוחים האָבען געוואָרפען זייערע אויגען אויף "דבורה'ן" און דער עלטערער פון זיי האָט אויסגערופען:

— אָ, ניין, מיין האר קעניג, מיר זיינען נישט קיין ליגנער, דיזע פרוי איז נישט דבורה די נביאה!

— זיי ווילען אָנדייטען, אז איך בין א ליגנער! — איז סיסרא רויט געוואָרען פון כעס. אָה, מיין האר קעניג, זיי האָבען פערדינט דעם טויט!

— ווי אזוי האָט איהר נאָך די חוצפּה אָפּצולייקענען אין די אויגען פון סיסרא! — האָט יבין אויף זיי א געשריי געטהאָן.

— אָבער, גנעדיגער קעניג! — האָט דער צווייטער שליח זיך גענומען בעטען. — פיליכט קומט דאָ פאָר א מיספערשטענדעניש. פאַרוואָס זאָלען מיר וועלען זאָגען א ליגען... מיר זיינען אזוי זיכער, אז מיר האָבען געזעהן דבורה'ן די נביאה אין א שטאָדט פון דעם שבט זבולון. מיר האָבען געזעהן דעם געדראנג פון המון, וואָס איז געלאָפען איהר הערען, און מיר האָבען געהערט איהרע רייד, ווי זי האָט גערופען אלע אידען צום קאַמף!

— יע, איהר האָט געזעהן און געהערט דבורה'ן אין דער צייט, ווען זי איז גאָר געווען א געפאנגענע ביי סיסרא'ן! — האָט דער קעניג געזאָגט. — וועמען ווילט איהר איינריידען!

— זי איז נישט דבורה! — האָבען ביידע מיט אמאָל אויסגערופען, אָנצייגענדיג מיט די פינגער אויף איהר.

— וועט דער האר קעניג ערלויבען דיזע אומווירדיגע מענשען מיר צו בעליידיגען! — האָט סיסרא זיך געווענדעט צו יבין. — דאָס איז נאָך נישט געהערט געוואָרען, אז צוויי קנעכט זאָלען אזוי ערנידעריגען און בעליידיגען דעם קעניג'ס הויפּט־גענעראל!

— זיי וועלען בעשטראָפט ווערען דערפאַר! — האָט דער קעניג אויסגערופען. — זיי האָבען דערצו געשוואָרען פאַלש מיט די געטער פון חצור!

— זיי זאָלען געהאנגען ווערען! — האָט סיסרא אויסגערופען.

— פערשפּארט זיי אין געפענגנים! — האָט יבין בעפוילען זיינע לייב־וועכטער. — זייער שטראָף וועלען זיי מאָרגען בעקומען.

די צוויי שלוחים זיינען געפאַלען אויף זייערע קניע און האָבען געבעטען דעם קעניג ער זאָל אויף זיי רחמנות האָבען.

— ווען איהר האָט געקענט מיר אָפּנארען און שווערען פאַלש, האָט איהר אייער שטראָף פערדינט!

יבין'ס הויפּט־מיניסטער איז נאָרוואָס אריינגעקומען און דער קעניג האָט זיך צו איהם געווענדעט:

— האָסטו געהערט פון זייער חוצפּה, זיי האָבען געשוואָרען ביי די געטער, אז זיי האָבען דבורה'ן געזעהן מיט עטליכע טעג צוריק אין א שטאָדט פון דעם שבט זבולון. און דאָ קומט סיסרא און ברייננגט מיר דבורה'ן, וועלכע איז שוין ביי איהם געווען געפאנגען עטליכע טעג!

— זי איז נישט דבורה! זי איז נישט דבורה! — האָבען די צוויי שלוחים נישט אויפגעהערט צו שרייען.

דער הויפּט־מיניסטער האָט א קוק געטהאָן אויף סיסרא'ן און אָפּגעמאָסטען מיט זיינע בליקען די יונגע שעהנע פרוי,

וועלכע איז געשטאנען מיט א געבויגענעם קאפ.

— אויב זיי האבען געזאגט א ליגען און געשווארען פאלש ביי די געטער, האבען זיי פערדינט דעם טויט! — האט ער אויסגערופען. — אבער איז דער קעניג איבערציינט, אז זיי האבען געזאגט א ליגען.

— וועמען זאל איך בעסער גלויבען, מיין הויפט־גענעראל אדער דיזע קנעכט!

— האט יבין אויסגערופען.

— עס איז מעגליך, אז סיסרא מאכט א טעות! — האט דער הויפט־מיניסטער אויסגערופען. — האט ער דען נישט געמאכט קיין טעות מיט דעם, וואס ער האט גלייך דעם קעניג נישט געזאגט וועגען דער געפאנגענער אידישער נביאה.

— יע, און דעריבער האב איך בעשלאסען פון איהם אוועקצונעהמען דבורה'ן — האט יבין געזאגט. — פון היינט אן וועט זי זיין אין מיין רשות...

— מיין האר קעניג! — האט סיסרא זיך אפגערופען. — איך האב דבורה'ן אוועקגעשאנקען פאר א דינסט צו יעל'ן, און זי האט מיין מתנה מיט דאנק אנגענומען. און ווען דער קעניג האט פון מיר פערלאנגט איך זאל איהר צושטעלען צו איהם, האב איך יעל'ן צוגעשווארען, אז איך וועל זיך אומקעהרען צו איהר... און אויב דער קעניג וועט איהר פערהאלטען, וועל איך זיין געצוואונגען צו ברעכען מיין שבועה צו איהר.

— דו האסט קיין רעכט נישט געהאט אוועקצושענקען אזא פרוי ווי דבורה די נביאה!... וואס וואלסטו געטהאן, ווען זי וואלט אינגאנצען פון יעל'ן אנטלאפען געווארען און ערשט דאן וואלט איהר געלונגען צו פעראייניגען אלע שבטים געגען אונז.

— אפילו ווען די אידען זאלען זיין צוויי מאל אזוי פיעל און זיינען פעראייניגט, וועלען זיי נישט וואגען זיך געגענצושטעלען מיר! — האט סיסרא מיט שטאלץ געזאגט. — ווייל זיי ווייסען, ווען איך זאל מיט זיי מלחמה האלטען, וואלט איך זיי אלעמען ווי בהמות אויסגעשלאכטעט.

— אזוי איז מיין בעשלוס, און אזוי וועט עס געשעהן! — האט יבין אויסגערופען. — דבורה די נביאה בלייבט פון יעצט אן אונטער מיין אויפזיכט, און אויב דו וועסט וועלען צופרידענשטעלען יעל'ן, קענסטו פאר איהר קריגען א צווייטע אידישע דינסט... דו האסט דאך פיעלע געפאנגענע אידישע טעכטער!

סיסרא האט איינגעזעהן, אז דער קעניג וועט זיין בעשלוס נישט ענדערען. זיין כעס און אויפרעגונג איז נאך שטארקער געווארען אויף די צוויי געהיימע שלוחים: ווען נישט זיי, וואלט גאר דעם קעניג קיינמאל נישט איינגעפאלען צו פאדערען דבורה'ן ביי איהם... און יעצט ווי אזוי וועט ער קענען זיך ווייזען פאר יעל'ן... ווי וועט ער אויסקוקען אין איהרע אויגען? בפרט נאך יעצט, ווען ער איז שוין געווען כמעט ווי זיכער, אז יעל געהערט צו איהם...

— גוט, מיין האר קעניג, זאל דבורה פערבלייבען אין דיין רשות, אבער איך בעט דיר צו בעשטראפען דיזע צוויי אומווירדיגע ליגנער.

— דיזען פערלאנג וועל איך ערפילען! — האט יבין געזאגט. — ביידע וועלען נאך היינט אויפגעהאנגען ווערען פאר זייער פערברעכען.

שרה, וועלכע האט אלעס צוגעזעהן און געהערט, האט אנגעהויבען צו ציטערען פאר שרעק. זי האט שוין איינגעזעהן, אז צוריקקעהרען זיך צו יעל'ן וועט זי שוין נישט... ווער ווייס וואס דער קעניג וועט צו איהר טהאן.. זי האט געהערט די געוויינען און געבעטען פון די צוויי שלוחים, וועמען די לייב־וועכטער האבען גענומען ארויספיהרען פון פאלאץ, דורכצופיהרען דעם קעניג'ס בעפעהל... און א רחמנות האט זיך ביי איהר אין הארצען ערוועקט אויף זיי... זי איז די איינציגע, וועלכע ווייס, אז זיי זיינען אומשולדיג. זאל זי זיי לאזען שטארבען? זי וועט אויסזאגען דעם אמת, אז זי איז נישט דבורה, און דאמיט זיי ראטעווען פון טויט... אבער וואס וועט מען צו איהר טהאן? — האט זי ווידער גענומען טראכטען... — ניין,

פאַר איהר קען שוין ערגער נישט זיין... זי וועט זיי ראַטעווען!

— מיין האר קעניג! — האָט שרה פּלוצלונג אויסגערופען זיך פערנייגענדיג — ערלויב מיר עטוואָס צו זאָגען!

— שווייג, דו דינסט! — האָט סיסרא אויף איהר א געשריי געטהאָן.

—עס וועט נישט שאַדען, ווען דער קעניג וועט הערען וואָס זי האָט צו זאָגען! — האָט דער הויפּט־מיניסטער זיך אָפּגערופען.

— רייד! — האָט יבין איהר בעפוילען.

— יענע צוויי מענשען זיינען אומשולדיג! — האָט שרה אָנגעוויזען אויף די צוויי שלוחים, וועלכע זיינען שוין צוגעפיהרט געוואָרען ביז צום טהיר פון די לייב־וועכטער.

— ווי וואגסטו אזוי צו ריידען! — האָט סיסרא איהר א שליידער געטהאָן צום באָדען.

דער קעניג און זיינע מיניסטאָרען זיינען ערשטוינט געוואָרען צו זעהן די רשעות פון דעם הויפּט־גענעראַל סיסרא.

— האָב איך דיר דען נישט געזאָגט, אז פון יעצט אָן איז דבורה אין מיין רשות! — האָט יבין זיך אויף איהם אָנגעבייזערט. — און דו האָסט מעהר קיין רעכט נישט צו טהאָן צו איהר וואָס דיר געפעהלט!

— ענטשולדיג מיר, גנעדיגער קעניג!

— האָט סיסרא זיך פערנייגט, זעהענדיג, אז ער האָט זיך בענאַרישט. — אָבער ווי אזוי וואגט דיזע אומווירדיגע דינסט צו אָנדייטען, אז איך בין א ליגנער.

— לאָמיר פריהער הערען, וואָס זי האָט צו זאָגען! — האָט יבין זיך צו איהר געווענדעט. — זאָג מיר, וואָס דו ווייסט.

— יענע צוויי מענשען האָבען דעם קעניג געזאָגט דעם אמת! — האָט שרה אויסגערופען. — זיי האָבען טאקע געזעהן דבורה'ן די נביאה!

— און ווער ביזטו! — האָט יבין איהר אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך בין נישט דבורה!

— דו ביזט נישט דבורה די נביאה!

— האָט יבין זיך אויפגעשטעלט פון זיין טראָהן.

סיסרא'ס בלוט האָט גענומען זידען.

— אָה, וואָס פאַר א ליגנערין! זאָל זי דערפאַר אויך געהאנגען ווערען צוזאַמען מיט זיי! — האָט ער געדריקט מיט זיין פויסט און געקריצט מיט די ציינער.

— ווי עס ווייזט אויס, האָט מען איהם אָפּגענאַרט! — האָט דער הויפּט־מיניסטער זיך אָפּגערופען מיט א נצחון־שמייכעל.

— זאָלען מיינע לייב־וועכטער און די שלוחים צוריקגערופען ווערען! — האָט יבין בעפוילען.

— מיר וועט מען נישט נאַרען! — האָט סיסרא אויסגערופען. — איך וועל שיקען רופען די גבעונים, וועלכע האָבען מיר אָנגעזאָגט, אז דבורה געפינט זיך אין קדש.

— יע, מיין האר קעניג! — האָט שרה אויסגערופען. — עס איז אמת, דבורה האָט זיך טאקע געפונען אין קדש אין יענער צייט. אָבער ווען סיסרא האָט געפאָדערט מען זאָל איהר ארויסגעבען, האָב איך זיך פערשטעלט פאַר דבורה'ן און מיר האָט מען איבערגעגעבען אין סיסרא'ס הענט... דבורה האָט גלייך פערלאָזען קדש. און דיזע צוויי מענשען האָבען ווירקליך געהאט די מעגליכקייט צו זעהן דבורה'ן אין יענער צייט.

— עס איז א ליגען! עס איז אונמעגליך! — האָט סיסרא אויסגערופען מיט צאָרן. — זי פערדינט דעם טויט! אָט וועל איך שיקען רופען די גבעונים.

— וואו געפינען זיך די גבעונים? — האָט יבין איהם געפרעגט.

— זיי געפינען זיך נישט ווייט פון קדש. איך וועל שיקען שנעלע לויפער און זיי וועלען מיט זיי באלד אָנקומען.

סיסרא איז ארויס פון פּאַלאַץ. זיין פּנים האָט געפלאַמט פון צאָרן. ער האָט געשוואָרען, אז ער וועט זיך אָפּרעכענען מיט דבורה'ן און מיט די צוויי שלוחים. גלייך האָט ער אוועקגעשיקט צוויי רייטער און זיי אָנגעזאָגט, אז די גבעונים,

וועלכע האָבען גע׳מסר׳ט, אז דבורה די נביאה געפינט זיך אין קדש, מוזען שנעל קומען צום קעניג.

א היבשע ווייל שפּעטער האָט מען געמאָלדען דעם קעניג, אז די גבעונים זיינען אָנגעקומען. יבין האָט זיי גלייך געהייסען אריינקומען.

אין פּאַלאַץ האָבען אַלע געוואַרט מיט גרוים אומגעדולד אויף זייער אָנקומען. זיי האָבען געוואוסט, אז דורך די גבעונים וועט די גאַנצע געהיימניס אויפגעקלערט ווערען.

די גבעונים זיינען געבראַכט געוואָרען פאַר דעם קעניג און זיי האָבען זיך פערנייגט.

—האָט איהר אליין געזעהן דבורה׳ן די נביאה? — האָט יבין זיי געפרעגט.

— יע, גנעדיגער קעניג! — האָבען זיי מיט אמאָל געענטפערט.

— וואָלט איהר זי יעצט דרעקענט?

— געוויס!

— איז דיזע פרוי דבורה! — האָט דער קעניג אָנגעציינט אויף שרה׳ן.

די גבעונים האָבען אומגעדרעהט זייערע קעפּ און א קוק געטהאָן.

— ניין! זי איז נישט דבורה! — האָט איינער פון די גבעונים אויסגערופען.

— ווער האָט עס געזאָגט, אז זי איז דבורה! — האָט דער צווייטער גבעוני זיך געוואונדערט.

סיסרא איז געבליבען שטעהן א געלעהמטער... מען האָט איהם אָפּגענאַרט!

— אָה, די פערפלוכטע אידען, זיי האָבען מיר אָפּגענאַרט! נקמה וועל איך פון אַלעמען נעהמען! — האָט סיסרא געברומט צו זיך.

— נו, יעצט זעהסטו שוין, סיסרא, אז דו ביזט אומגערעכט?

— יע, מען האָט מיר גענאַרט! די פאַרשטעהער פון שטאָדט האָבען מיר אָנשטאָט דבורה׳ן איבערגעגעבען א צווייטע פרוי. אָה, זי האָט פערדינט דעם טויט!

— יע, זי וועט דאַרפען שטאַרבען אויף דער תליה אָנשטאָט די צוויי געהיימע שלוחים! — האָט יבין אויסגערופען.

— מיין האַר קעניג! — האָט זיך דער הויפּט־מיניסטער אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ. — וועט דען גערעכטיגקייט געטהאָן ווערען צו דער פרוי, וועלכע האָט געראַטעוועט צוויי אומשולדיגע מענשען? ווען זי וואָלט זיך נישט מודה געווען, וואָלטען דאָך די צוויי שלוחים געהאַנגען געוואָרען. דאָס בעווייזט, אז דיזע פרוי האָט איינגעשטעלט איהר אייגען לעבען צו ראַטעווען צוויי פרעמדע מענשען.

— אָבער זי אליין האָט מיר געזאָגט, אז זי איז דבורה די נביאה! — האָט סיסרא אויסגערופען. — און פאַר אזא ליגען פערדינט זי דעם טויט.

— מיין הויפּט־מיניסטער איז גערעכט! — האָט יבין אויסגערופען. — ווען זי וואָלט נישט געוואָלט ראַטעווען די צוויי אומשולדיגע מענשען, וואָלט מען פיליכט קיינמאָל נישט אויסגעפונען, אז זי האָט גענאַרט, דעריבער וועל איך איהר נישט טויטען. איך וועל איהר אריינשפּאַרען אין תפיסה, ביז וואַנען איך וועל אריינקריגען די אמת׳ע דבורה, די נביאה.

— איך שווער ביי אונזערע הייליגע געטער, אז איך וועל נישט רוהען ביז וואַנען איך וועל נעהמען דבורה׳ן געפאַנגען. איך וועל ארויסגעהן מלחמה האַלטען מיט יעדען שבט. איך וועל אויסראָטען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, און דבורה׳ן מוז איך בעקומען! — האָט סיסרא אויסגערופען.

— איך וועל ארויפליגען אויף דער שטאָדט קדש א גרויסע צינז אָפּצאָהל פאַר דעם וואָס זיי האָבען דיר אָפּגענאַרט! — האָט יבין זיך אָפּגערופען צו סיסרא׳ן און אויב זיי וועלען נישט וועלען —צאָהלען, דאַן וועסטו פאַרזאַמלען דיינע סאָלדאַטען און ארומרינגלען די שטאָדט און זי פאַרניכטען.

— מיין עצה איז אז מיר זאָלען גלייך ארויסגעהן אויף זיי מלחמה האַלטען!— האָט סיסרא אויסגערופען — מיט אונ־

זערע נייז הונדערט אייזערנע רייטוועגן, קענען מיר זיי אין גאנצען פערניכטען!

— פריהער וועל איך שיקען ארויספאדערען מען זאל אונז איבערגעבען אין אונזערע הענט דבורה די נביאה, און אויב זיי וועלען נישט וועלען פאלגען וועל איך דאן ארויסגעהן מלחמה האלטען מיט זיי! — האט יבין געזאגט. און פון יעצט אן פערזאג איך דיר, סיררא, אז ווען דו פאנגסט א וויכטיגע פערזאן, איך מיי[illegible]א שעהנע פרוי פון ישראל זאלסטו איהר פריהער בריינגען צו מיר.

— יע, מיין האר קעניג! — האט סיסרא זיך א נייג געטהאן.

— און אייך! — האט זיך סיסרא געווענדעט צו די צוויי געהיימע שלוחים — מאך איך פאר מיינע בעאמטע און אייער ערשטע פליכט וועט זיין אריינזעצען אין תפיסה דיעזע פרוי וועלכע האט זיך פארשטעלט אלס דבורה די נביאה. די צוויי שלוחים האבען בעדאנקט דעם קעניג פאר זיין גנאדע וואס ער האט מיט זיי געטהאן און האבען איבערגענומען שרה'ן פון סיסרא'ס רשות און איהר ארויסגעפיהרט פון פאלאץ.

מיט א געבויגענע קאפ, וויינענדיג איז שרה געגאנגען מיט די צוויי בעאמטע.

— זארג נישט, דו עדעלע פרוי! — האט זיך איינער פון זיי צו איהר אפגערופען — קיין שלעכטעס וועט דיר נישט געשעהן. דו האסט אונזערע לעבענס גערעטעט, דו האסט נישט געקענט צוזעהן ווי מען וויל טויטען צוויי אומשולדיגע מענשען, און דו האסט דיין אייגען לעבען אין געפאהר געשטעלט און אונז פון טויט מציל געווען. זאל דיר דיין גאט פאר דעם בעשיצען פון אלדאס־בייז און דיר אומקעהרען צוריק צו דיין משפחה. מיר זיינען שטארק צופריעדען וואס דער קעניג האט דיר יעצט איבערגעגעבען אין אונזער רשות, מיר וועלען אכטונג געבען אז קיין שלעכטעס זאל דיר ניט געטהאן ווערען.

— איז פיעלייכט פאראן א זאך וואס דו פערלאנגסט פון אונז מיר זאלען פאר דיר טהאן? זאג אונז דו נאבעלע נשמה, און אויב מיר וועלען נאר האבען די מעגליכייט וועלען מיר עס זיכער טהאן.

שרה האט אויף זיי געקוקט, און זי האט געקענט גלייך זעהן אז די צוויי מענשען זיינען ערנסט. זייער דאנקבארקייט צו איהר איז זעהר גרויס.

— גאט וויים, אויב איך וועל שוין ווען עס איז פריי זיין! — האט זי טרויעריג אויסגערופען — וואס פאר א פערלאנגען קען א מענש האבען, ווען זיין פרייהייט איז פון איהם גערויבט.

— מיר וועלען נישט רוהען, ביז וואנען מיר וועלען דיר זעהן בעפרייט! — האט דער ערשטער נאך אמאל געזאגט. מיר שווערען דיר ביי אלע אונזערע געטער אז אזוי לאנג ווי מיר לעבען וועלען מיר דיין גרויסען חסד וואס דו האסט מיט אונז געטהאן, נישט פערגעסען.

— איך וועל פון אייך פערלאנגען א קליינע טובה! — האט שרה זיך צו זיי געווענדעט — סיסרא האט א שקלאף פון די אידען, און זיין נאמען איז יואש, און דיעזער שקלאף איז געווען גאנץ גוט בעקאנט מיט מיין משפחה, וואלט איך וועלען, אז ווען איהר וועט די געלעגענהייט האבען איהם צו זעהן זאלט איהר איהם איבערגעבען אז פרידען איז צו מיר, און אז איך האף ווען עס איז בעפרייט צו ווערען פון געפענגנים, יא, איהר קענט איהם דערצעהלען אלעס וואס עס איז היינט פארגעקומען אין פאלאץ. מעגליך אז ער וועט אמאל האבען א געלעגענהייט זיך צו זעהן מיט איינעם פון מיין משפחה, וועט ער זיי קענען איבערגעבען אז איך לעב נאך.

— דיין פערלאנג וועלען מיר טהאן — האט דער צווייטער אויסגערופען — אבער ווען דו וועסט האבען מעהר צוטרויען אין אונז און דו וואלסט אונז אליין געזאגט וואו דיין משפחה געפינט זיך און ווי איז דער נאמען פון דיין משפחה, וואלטען מיר געהאט א שנעלערע געלעגענהייט זיי איבערצוגעבען א גרוס פון דיר.

— שווערט מיר צו אז איהר וועט פאר

קיינעם ניט ענטדעקען ווער איך בין און פון וועלכע משפחה איך שטאם! — האט שרה זיך צו זיי אפגערופען.

— מיר שווערען! — האבעןביידע מיט אמאל אויפגעהויבען זייערע רעכטע הענד.

— מיין נאמען איז שרה, איך קום פון דער שטאדט קדש! —האט זי געזאגט— מיין פאטער'ס נאמען איז אבינעם און מיין ברודער הייסט ברק.

— איך האב געהערט וועגען דיין ברודער! — האט איינער פון זיי אויסגערופען — מען זאגט אויף איהם אז ער איז א גאנץ בראווער יונג.

— איך האף אז מיר וועט אויסקומען צו זיין גאר אין גיכען אין קדש! — האט דער צווייטער געזאגט — דאן וועל איך עס שוין מאכען פאר מיין פליכט זיך מיט איינעם פון זיי צו זעהן. דו האסט גאר נישט וואס מורא צו האבען, דו פארשטעהסט דאך אליין אז מיר וועלען שוין קיינמאל נישט קענען זיין קיין פריינד פון סיסרא'ן. איהם האט א פאר מאל אפגעגליקט און ער האט בעזיעגט די שונאים, האט איהם יבין דערפאר דערהויבען און יעצט איז ער דער הויפט גענעראל פון אלע ארמייען. אבער מיר קענען איהם אלס א שכור און א פוסטער בעריהמער, און מיר האפען אז עס וועט לאנג נישט נעהמען און דער קעניג וועט זיך ארומזעהן אז סיסרא איז גאר קיין העלד נישט, און אז יעדער איינער וואלט געקענט באווייזען אזעלכע גבורות, ווען ער האט מיט זיך נייַן הונדערט אייזערנע רייטוועגען... אלע ווייסען אז סיסרא איז א רשע און א מענשען'ס לעבען האט ביי איהם קיין ווערדע נישט.

— יע, דו דארפסט זיין שטארק צופריעדען, וואס דער קעניג האט דיר ארויסגענומען פון סיסרא'ס רשות. יעצט אמוועניגסטענס וועסטו נישט האבען ווער עס זאל דיר בעלעסטיגען. עס איז פאר קיינעם קיין סוד נישט וואס ער טוט מיט די פרויען וועלכע ער פאנגט, בפרט ווען די פרוי איז א שעהנע.

זיי זיינען צוגעקומען צו דער תפיסה און האבען נאך אמאל פארזיכערט שרה'ן אז זיי וועלען זיך בעמיהען מיט אלע זייערע קרעפטען, איהר פון דארטען צו בעפרייען.

—זי איז דעם קעניג'ס א געפאנגענע! — האט דער עלטערער פון די צוויי שלוחים זיך אפגערופען צו דעם אויפזעהער פון געפענגעניס, זעה איהר גוט צו בעהאנדלען. דו זאלסט קיינעם צו איהר נישט צולאזען, סיידען יענער וועט קומען אין אונזער בעגלייטונג אדער מיט אונזערע אן ערלויבנים. און אפילו ווען סיסרא וועט וועלען קומען איהר באזוכען, זאלסטו איהם נישט ערלויבען.

— אבער מיין האר, ווי אזוי וועל איך קענען אזוי האנדלען געגען סיסרא'ן איז ער דען נישט דער הויפט גענעראל?

— ווען ער וועט אהער קומען, זאלסטו איהם זאגען אז דו האסט דעם קעניג'ס באפעהל אז קיינער זאל צו איהר נישט צוקומען אהן א ספעציעלע ערלויבנים פון דעם קעניג, דאן מעגסטו זיכער זיין, אז סיסרא וועט דיר שוין א צווייטען מאל נישט באלעסטיגען. יע, דער קעניג האט איהר איבערגעגעבען אונטער אונזער אויפזיכט, און בלויז מיר האבען דאס רעכט צוצוקומען א יעדע מאל, ווען מיר וועלען געפינען פאר נויטיג. אזוי איז דעם קעניג'ס בעפעהל.

— איך וועל טהאן אלעס וואס איהר האט מיר אנגעזאגט — האט דער אויפזעהער פון געפענגנים זיך אפגערופען און האט ארייגעפיהרט שרה'ן אינוועניג.

## 13טער קאפיטעל

עטליכע טעג זיינען פאראיבער, און ווען סיסרא האט נישט צוריקגעבראכט שרה'ן צו איהר, האט יעל פארשטאנען אז עפעס האט דארט פאסירט מיט איהר. זי איז געווען זעהר נייגעריג צו ווייסען, וואס האט געטראפען מיט איהר געטריייע פריינדין, און זי האט דעריבער מיט גרוים נייגעריגקייט געווארט צו הערען עפעס פון סיסרא'ן, אבער ער האט פון זיך נישט געלאזט הערען.

— פון מיין גאנצען פלאן האט זיך גאר נישט אויסגעלאזען — האט זיך יעל אפגערופען צו איהר מאן — און איך האב שוין געמיינט אז שרה איז געראטעוועט.

— פון דעם רשע׳ס הענט קען מען זיך אזוי שנעל נישט בעפרייען! — האט חבר צוגעגעבען — און איך מוז דיר זאגען, מיין ליעבע יעל, אז מיין הארץ שרעקט מיר זעהר שטארק, טאמער וועט ער אפהאלטען נאך א זיעג, דאן זיינען מיר אויך פארלארען. דער קעניג וועט אליין פאר איהם מורא האבען און איהם ערלויבען צו טהאן אלעס וואס זיין הארץ געלוסט... און דאן ווער וועט איהם שטערען, ווען ער וועט בעשליסען מיר איבערצוגעבען אין די הענט פון עמלק, און דיר וועט ער צונעהמען פאר זיך...

— דאס וועט ער שוין נישט דערלויבען! — האט יעל ארומגענומען איהר מאן — דו ווייסט דאך ווי גרויס זיין ליעבע איז צו מיר, און איך קען טהאן מיט איהם וואס איך וויל... ער מיינט דאך אז דו ווייסט פון גאר נישט... און דעריבער, איידער ער וועט מאכען אזא שריט, וועט ער זיך מיט מיר בעראטען, און דאן מעגסטו זיכער זיין אז זיינע פלענער וועלען צושטערט ווערען. ער וועט פריהער זיין קאפ ביי מיר פארליערען... און א חוץ דעם, בין איך זיכער אז ער וועט דיעזע מלחמה פערליערען. ווי איך האב אויסגעפונען, איז דבורה׳ן געלונגען צו פעראייניגען כמעט אלע שבטים. זי האט צוזאמענגענומען א גרויסע ארמעע, און איך גלויב אז עס וועט לאנג נישט נעהמען, און דבורה וועט אויך געפינען א בראווען מאן, וועלכער זאל זיין דער הויפט פיהרער פון די ארמעע... דערצו וועלען מיר זיי קענען איבערגעבען וויכטיגע אויסקינפטע וועגען דעם צושטאנד פון סיסרא׳ס ארמעע.

— דו מיינסט, מיין פרוי, אז סיסרא וועט דיר אויסזאגען וויכטיגע סודות פון זיין ארמעע! — האט חבר זיך אפגערופען — איך בין זיכער אז ער וועט מיט דיר נישט וועלען ריידען פון דעם, און ווען דו וועסט איהם נעהמען פרעגען, וועט ער נאך דיר פיעלייכט הושד זיין.

— דו מעגסט זיך אויף מיר פערלאזען, איך וועל ארויסקריגען פון איהם די פערבארגענסטע סודות, און איהם וועט אפילו נישט איינפאלען צו טראכטען אז איך בין אין דעם פאראינטערעסירט... און אויסער דעם וועל איך קריגען וויכטיגע אויסקינפטע דורך יואש׳ן סיסרא׳ס פערזענליכער שקלאף... ער וועט מיר לאזען וויסען וועגען סיסרא׳ס פלענער, וואו עס געפינען זיך זיינע אייזערנע רייטוועגען, און ווי גרויס איז זיין ארמעע אין יעדען פלאץ. דאס אלעס וועט זיין א גרויסע הילף צו דבורה׳ן.

— און וואס וועלען מיר טהאן אז טראטץ אט דעם אלעס וועט סיסרא בעזיעגען ישראל? — האט חבר מיט זארג איהר געפרעגט.

— דאן וועל איך איהם איינלאדען צו קומען פייערן זיין גרויסען זיעג אין מיין געצעלט, איך וועל איהם אנ׳שכור׳ן און טהאן צו איהם ווי ער פערדיענט.

— וואס וועט דאן דער קעניג צו אונז טהאן? — האט חבר געפרעגט א דערשראקענער.

— דער קעניג וועט מיך נאך בעלוינען! — האט יעל געענטפערט — ער האט דאך אין מיר פערטרויט אז ער האט בדעה צו פערכאפען די מלוכה. יעצט שטעל זיך פאר ווען יבין געפינט אויס אז איך האב געטויטעט דעם מאן, וועלכער האט געזוכט איהם צו טויטען, וועט ער דען נישט מיר דאנקבאר זיין פאר דעם? איך האב גענוג בעווייזע, אז סיסרא פלאנעוועט צו טויטען יבין.

— דאך האף איך אז די שבטים פון ישראל זאלען מנצח זיין סיסרא׳ן מיט יבין׳ען! — האט חבר געזאגט. ווייל יבין איז אזא רשע ווי סיסרא, און וואס וועלען מיר טהאן, אויב איהם וועט זיך פערגלוסטען דיך אוועקצונעהמען פון מיר.

— וועגען דעם דארפען מיר יעצט

ניִשט זאָרגען! — האָט יעל געזאָגט — דו דאַרפסט וויסען זיין מיין מאַן, אַז איך געהער בלויז צו דיר, און קיינער וועט מיר פון דיר נישט קענען אוועקנעהמען! — אָבער איך האָף אַז סיסרא זאָל דערווייל קיין שלעכטס ניט טהאָן צו שרה'ן.

— פיעלייכט וואָלסטו געשיקט איינע פון דיינע דינסטען צו סיסרא'ן — האָט חבר געזאָגט.

— ניין. דאָס וועל איך נישט טהאָן. זאָל ער נישט מיינען, אַז איך יאָג זיך נאָך איהם נאָך!... איך וויל זיך מאַכען גלייכגילטיג... און וואַרטען ביז וואַנען ער וועט אליין צו מיר קומען.

— מיר דוכט זיך, אַז אימיצער קומט אָן! — האָט חבר אָנגעשטרענגט זיינע אויגען.

יעל האָט אַ קוק געטהאָן אין יענער ריכטונג און געזאָגט: יע, איך זעה איינעגע מענשען אָנקומענדיג. איך בין זיכער, אַז דאָס זיינען סיסרא'ס קנעכט. איך האָף נאָר אַז יואש זאָל זיין איינער פון זיי.

— דאָס וועלען מיר שוין זעהן — האָט חבר געזאָגט.

באַלד זיינען צוגעקומען עטליכע רייטער אויף אייזלען. הינטער זיי איז נאָכגעפאָהרען אַ וואָגען, וואו עס זיינען געזעסען צוויי פון סיסרא'ס קנעכט און אַ פרוי איז געווען מיט זיי.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו יעל'ס געצעלט האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט. יעל איז צו זיי צוגעגאַנגען און זיי אַלעמען בעטראַכט. זי האָט צווישען די אַנדערע אויך בעמערקט יואש'ן און איז געווען זעהר צופריעדען.

דער הויפּט פון די קנעכט האָט אַרונטערגענידערט פון זיין אייזעל און פערנייגענדיג זיך האָט ער אויסגערופען:

— מיין האַר, סיסרא, האָט מיר געשיקט דיר איבערצוגעבען, אַז יענע פרוי וועלכע האָט געזאָלט זיין דיין דינסט, איז אַרעסטירט געוואָרען ביי דעם קעניג צוליעב דעם וואָס עס איז אויסגעפונען געוואָרען אַז זי האָט די גאַנצע צייט גענאַרט מיין האַר. זי האָט זיך פערשטעלט אַלס די בעוואוסטע דבורה די נביאה און מען האָט אויסגעפונען אַז די אמת'ע דבורה געפינט זיך צווישען די שבטים פון ישראל.

יעל'ס פנים איז בלאַס געוואָרען.

— אָה, עס איז פאַר מיר אַ גרויסער שאַדען! — האָט זי אויסגערופען — זי איז געווען זעהר אַ גוטע דינסט.

— וועגען דעם האָסטו נישט וואָס צו זאָרגען, מיין האַרינטע — האָט דער קנעכט זיך אָפּגערופען — אונזער האַר, סיסרא, האָט דיר געשיקט אַ צווייטע דינסט, וואָס איז אַזוי גוט ווי די ערשטע. און מיין האַר האָפט אַז דו וועסט איהם מוחל זיין די שבועה וואָס ער האָט געגעבען. ער האָט זיך נישט געקענט העלפען... ער האָט אפילו געוואָלט מען זאָל איהר אין גאַנצען טויטען, דאַן וואָלט ער איהר צו דיר אַ טויטע געבראַכט.

— אָה, צו וואָס טויג מיר אַ טויטע דינסט! — האָט יעל אַ ציטער געטהאָן.

— מיין האַר וואָלט עס געטהאָן בלויז כדי צו ווייזען אַז ער האַלט זיין וואָרט און אַז ער ברייינגט איהר צו דיר צוריק אפילו ווען זי איז טויט. אָבער דער קעניג האָט בעשלאָסען, דערווייל צו האַלטען איהר אין געפענגעניס, ביז וואַנען איהם וועט געלינגען אַריינצוקריגען די ריכטיגע דבור'ן, וועלכע זוכט צו מאַכען אַן אויפשטאַנד געגען יבין.

דער הויפּט קנעכט האָט אַ וואונק געטהאָן און צוויי קנעכט האָבען באַלד צוגעפיהרט די דינסט...

— זי איז אויך אַ אידישע דינסט — האָט ער צוגעגעבען, און מיין האַר האָט אויסגעדריקט זיין האָפענונג, אַז דו וועסט מיט איהר צופריעדען זיין אַזוי גוט ווי מיט דער ערשטער...

— איהר זייט געווים הונגעריג! — האָט יעל זיך אָפּגערופען צו די קנעכט, געהט אַריין אין הויז און מיינע דינסטען וועלען אייך געבען וואָס צו עסען. און דערווייל וועט איינער פון אייך אַריינקומען מיט דער דינסט צו מיר אין צימער און איך וועל אָנשרייבען אַ בריעף צו אייער האַר סיסרא'ן און עס יענעם

געבען אין האנט ער זאל עס איבערגעבען צו זיין האר.

אלע קנעכט האבען זיך אויסגעגלייכט. יעדער איינער האט געהאט חשק אויסגעקליבען צו ווערען אלס דער יעניגער צו וועמען יעל וועט האבען מעהר צוטרויען.

יעל אבער האט אויסגעקליבען יואש׳ן:

— קום אריין מיט דער דינסט צו מיר אוןווארט ביז וואנען איך וועל פארטיג ווערען! — האט יעל אויסגערופען און איז ארוים פון דארטען.

יואש איז צוגעגאנגען צו דער דינסט און זיך צו איהר שטילערהייט אפגערופען:

— שרעק זיך נישט. קיין שלעכטס וועט צו דיר נישט געטהאן ווערען, קום מיט מיר.

די דינסט איז מיט יואש׳ן אריינגעקומען צו יעל׳ן אין געצעלט.

— האסטו איהר פארזיכערט אז קיין בייזעס וועט צו איהר נישט געשעהן? — האט יעל זיך געווענדעט צו יואש׳ן.

— דאס האב איך איהר נאר וואס געזאגט, אבער זי ווייס נאך פון גאר נישט! — האט יואש געענטפערט — ווייל איך האב קיין געלעגענהייט נישט געהאט מיט איהר צו ריידען.

— ווי רופט מען דיר? — האט זיך יעל אפגערופען צו איהר.

— מיין נאמען איז רחל! — האט זי געענטפערט מיט א ציטערענדע שטימע.

— זי איז געווים די זעלבע רחל וועגען וועלכע דבורה האט דערצעהלט! — האט יעל אויסגערופען.

יואש און רחל האבען איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— ווען איך האב זיך מיט דבורה׳ן געזעהן אין קדש האט זי פאר אלעמען דערצעהלט אז ווען זי האט געריזט אהער האט זי געטראפען אין איין דארף אן ארימען אכר, ביי וועמען סיסרא׳ס קנעכט האבען אוועקגערויבט זיין בעליעבטע טאכטער. זי האט אויך דערצעהלט אז זיין פרוי און די אינגערע טאכטער האבען מורא געהאט אז ער זאל פון זינען נישט געריהרט ווערען פון קלעמעניש, ווייל ער האט שוין מעהר קיין זאך נישט געוואלט טהאן. ער האט נישט געפיטערט זיין שאף און נישט בעארבייט זיין פעלד. און ווען זי איז צו איהם צוגעגאנגען און גענומען איהם טרייסטען און געגעבען האפנונג אז זיין טאכטער וועט זיך צו איהם צוריקקעהרען איז ער געווארען אן אנדער מענש. ער האט אויפגעלעבט, ער האט זיך גענומען צו זיין ארבייט ווי פריהער און די גאנצע משפחה איז פרעהליכער געווארען. מיר דוכט זיך, אז דבורה האט געזאגט אז דער נאמען פון יענעם אכר איז געוועזן עירא.

— אה, ער איז מיין פאטער! — האט רחל אויסגעבראכען אין א געוויין. איך בין דאס זיין טאכטער... אה, לעבט ער נאך?

— בערוהיג דיר מיין קינד! — האט יעל געווישט איהרע טרעהרען. פריעדען איז צו דיין פאטער און מוטער און צו דיין אינגערע שוועסטער. זעהסטו דען נישט אז די נבואה פון דבורה׳ן ווערט מקוים. עס וועט שוין לאנג נישט נעהמען און דו וועסט זיך אומקעהרען צו דיינע עלטערען.

— דו ביזט יעצט אין זיכערע הענט!
— האט יואש זיך צו איהר אפגערופען
— יעל איז דיין פריינדין און זי וועט שוין זעהן אז דו זאלסט בשלום צוריקגעבראכט ווערען צו דיין פאטער׳ס הויז. די איינציגע זאך וואס דו דארפסט טהאן איז צו האלטען אלעס בסוד. דו טארסט זיך פאר קיינעם נישט ארויסריידען וועגען דעם וואס דו האסט נאר וואס געהערט, און וואס דו וועסט הערען.

— איצט דערצעהל מיר וואס האט פאסירט מיט שרה׳ן — האט יעל איהם געפרעגט.

— איך האף אז קיין שלעכטעס וועט צו איהר נישט געטהאן ווערען! — האט יואש געזאגט — אזוי לאנג ווי זי איז ארוים פון סיסרא׳ס רשות, איז זי מעהר אדער ווייניגער זיכער און מיר האבען עס דערצעהלט די צוויי געהיימע שלוחים

פון דעם קעניג, וועמענס לעבענס שרה האט גערעטעט.

— דיינע רייד זיינען צו מיר ווי א רעטעניש — האט זיך יעל אפגערופען — דו האסט געוויס פארגעסען אז איך ווייס גאר נישט וואס מיט שרה'ן האט פאסירט זינט דאן ווען סיסרא האט איהר צוריקגענומען פון מיר.

יואש האט דערצעהלט יעל'ן אלעס וואס עס האט פאסירט, ווי אזוי די צוויי געהיימע שלוחים זיינען געקומען צום קעניג און איהם איבערגעגעבען, אז זיי האבען באגעגענט דבורה'ן, אין דער זעלביגער צייט ווען זי האט גאר געזאלט זיין אין סיסרא'ס רשות, און ווען סיסרא האט שרה'ן געבראכט פאר'ן קעניג און געזאגט, אז זי איז דבורה, און אז די צוויי שלוחים האבען איהם גענארט, האט דער קעניג בעפוילען די צוויי שלוחים צו הייננגען, אבער שרה האט זיי געראטעוועט מיט דעם וואס זי האט זיך מודה געווען. און די צוויי שלוחים זיינען איהר יעצט אזוי דאנקבאר, אז שרה האט אין זיי דעם פולסטען צוטרויען. זי האט זיי געבעטען דאס זיי זאלען זיך זעהן מיט מיר און מיר דערצעהלען אלעס וואס עס האט פאסירט.

— פונדעסטוועגען האט שרה בעדארפט זיין מעהר פארזיכטיג און נישט פערטרויען די צוויי געהיימע שלוחים וועגען דיר! — האט יעל מיט אומרוהיגקייט געזאגט — ווען סיסרא וועט זיך דערוויסען, אז דו ביזט איהר מאן, קען נאך דורכדעם אלע אונזערע פלענער צושטערט ווערען.

— ווי איך פערשטעה, האט שרה זיי בלויז געזאגט, אז איך בין בעקאנט מיט איהר משפחה — האט יואש געזאגט, אויף אזוי פיעל צוטרוי האט זי צו זיי נישט.

— יעצט דערצעהל מיר וואס מיט דיר האט פאסירט ווען מען האט דיר געבראכט פאר סיסרא'ן — האט יעל זיך געווענדעט צו רחל'ן.

טרעהרען האבען זיך באוויזען אין רחל'ס אויגען, די עראינערונגען זיינען געווען טרויעריגע און ביטערע.

מיט איהר האט פאסירט, דאס וואס עס פאסירט מיט יעדער שעהנער מיידעל, וועלכע פאלט אריין אין סיסרא'ס הענט!

— האט יואש געזאגט — דער איינציגער אונטערשיעד איז וואס פיעלע זיינען צו שוואך זיך געגענצושטעלען דעם גרויזאמען סיסרא'ן, און גיעבען זיך אונטער, אבער רחל האט געקעמפט, יע, זי האט בראוו געקעמפט, זי האט געליטען יסורים. ער האט איהר אין געפענגנים אריינגעשליידערט, אבער זי האט איהר עהרע פארטהיידיגט.

— א, ווי וואונדערבאר די אידישע טעכטער זיינען! — האט יעל אויסגערופען — זיי זיינען געגרייט צו ליידען אזוי פיעל פאר זייער כבוד, זיי זיינען אפילו גרייט צו שטארבען אבי נישט פעראומרייניגט צו ווערען...

רחל האט די גאנצע צייט געקוקט מיט ערטשוינונג אויף יעל'ן און אויף יואש'ן. זי האט נישט געקענט פערשטעהן ווי אזוי א נישט־אידישע פרוי זאל אזוי ריידען. עפעס איז דאס איהר אויסגעקומען ווי א רעטעניש.

באלד אבער האט איהר יעל אלעס ערקלעהרט. זי האט איהר געזאגט וועגען דער גרויסער מלחמה וואס די אידען גרייטען זיך געגען סיסרא'ן, און ווי אזוי א נעץ איז פערשפרייט פאר דעם גרויזאמען רשע, סיסרא, און עס איז צו האפען, אז מיט פעראייניגטע כוחות וועלען די שבטים פון ישראל בעזיעגען די מחנות פון יבין, און דאן זיך אין גאנצען בעפרייען פון זיין יאך.

— לויט ווי איך האב זיך דערוואוסט וועט דער קעניג יבין ארויסשטעלען א פאדערונג, אז די אידען זאלען ארויסגעבען דבורה'ן און אויב נישט וועט סיסרא ארויסגעהן אויף מלחמה מיט זיי — האט יואש געזאגט צו יעל'ן.

— אויב אזוי וועל איך אוועקשיקען חבר'ן איבערצוגעבען ברק'ן די וויכטיגע נייעס! — האט יעל געזאגט — כדי זיי זאלען זיין געגרייט מיט אלעס. און

דערווײַלע וועל איך אָנשרײַבן צו איהם א בריעף און איהם בעדאַנקען פאַר דער גײַער דינסט וואָס ער האָט מיר געשיקט.

יעל האָט זיך אוועקגעזעצט און אָנגעשריבען פאָלגענדען בריעף צו סיסרא'ן.

"צו דעם מעכטיגען, העלדישען הויפּט־גענעראַל סיסרא. איך דאַנק דיר זעהר פאַר דעם חסד וואָס דו צייגסט ארויס צו מיר. איך פערשטעה, אז עס איז פאַר דיר געווען אומעגליך צו ערפילען דײַן שבועה און מיר צוריקקעהרען די ערשטע דינסט. איך בין אויך צופריעדען מיט דער צווייטער דינסט, וועמען דו האָסט מיט דײַן גרויס גענאָד, מיר געשענקט. איך האָף, אז איך וועל נאָך האָבען די מעגליכקייט דיר אָפּטער צו זעהן... ווייל מײַן בענקעניש נאָך דיר איז זעהר גרויס, און מײַן פאַרלאַנג איז, אז איידער דו פאַנגסט אָן די מלחמה, זאָלסטו צו מיר קומען... איך האָב מיט דיר פיעל צו ריידען".

"דײַן יעל".

זי האָט איבערגעלייענט דעם בריעף פאַר יואש'ן און נאָכהער עס פאַרזיגעלט און איהם עס דערלאַנגט.

— איך ווייס, אז ער זוכט שלעכטעס צו טאָהן צו מײַן מאַן ! — האָט יעל געזאָגט צו יואש'ן, — און איך מוז איהם ארויסצייגען פיעל ליעבשאַפט, כדי ער זאָל גאָר נישט פערדעכטיגען, און ווען ער וועט עפּעס וועלען טאָהן וועט ער זיך מיט מיר פריהער בעראַטען...

א ווײַלע שפּעטער האָט יעל אוועקגעשיקט סיסרא'ס קנעכט צו זײַער האַר אין חצור.

---

ווען סיסרא האָט דערהאַלטען יעל'ס בריעף איז ער געווען אויסער־זיך פון פריידע... ער האָט געמיינט, אז זי וועט זײַן אויף איהם אין כעס פאַר דעם, צום סוף באַדאַנקט זי איהם, און שיקט איהם אזא וואַרימען בריעף... ער האָט דעם בריעף עטליכע מאָל דורכגעלעזען... זי בענקט גאַנץ שטאַרק נאָך איהם... ווען נישט חבר, איהר מאַן, וואָלט זי שוין לאַנג געווען אין זײַנע אָרעמס... ניין, ער וועט שוין מעהר נישט וואַרטען... יעל מוז געהערען צו איהם. ער מוז פּטור ווערען פון חבר'ן וואָס שנעלער.

סיסרא האָט גענומען טראַכטען פון פערשיעדענע פּלענער ווי אזוי צו פאַר־מיאוס'ען חבר'ן אין די אויגען פון יבין, כדי צו־נישט צו מאַכען דעם בונד פון שלום וואָס איז צווישען זיי געשלאָסען געוואָרען.

ער האָט זיך בעראַטען מיט דעם בעאַמטען וועמען ער האָט פערטרויט אַלע זײַנע וויכטיגע סודות.

—דער קעניג פון עמלק באָט מיר אָן פיעל געלד פאַר זײַן קאָפּ — האָט סיסרא צו איהם אָנגערופען — אָבער די צרה איז וואָס יבין האָט מיט איהם געשלאָסען א בונד פון שלום, און מיר וועט אָנקומען גאַנץ שווער איהם איינצורייידען, ער זאָל דעם אָנבאָט פון דעם קעניג פון עמלק אָננעהמען.

— עס וועט זײַן זעהר גרינג דאָס צו טאָהן ! — האָט דער בעאַמטער געזאָגט — וואָס דו, מײַן האַר, דאַרפסט טאָהן, איז צו געפינען עדות, וועלכע וועלען פאַר דעם קעניג עדות זאָגען, אז חבר איז פערבונדען מיט עטליכע פון זײַנע שונאים, און ער זוכט צו מאַכען א פערשווערונג אויף דעם קעניג, און ארויפזעצען אויף דעם טראָהן איינעם וועלכער שטאַמט פון זײַן שבט.

— איך האָב אָבער מורא, אז דער קעניג וועט אויף איהם נישט וועלען גלויבען אזא זאַך — האָט סיסרא געזאָגט.

— איך אליין וועל עדות זאָגען, אז איך האָב זיך אונטערגעהערט א געשפּרעך וואָס ער האָט געהאַט מיט א צווייטען פּאַסטוך, און דו דאַרפסט נאָר זעהן צו קריגען נאָך איםיצען, וועלכער זאָל ווערען מײַן שותף, און צוויי עדות וועט יבין גלויבען.

— איך האָב נאָך א גוטען עדות ! — האָט סיסרא אויסגערופען — און דאָס איז מײַן שקלאַף, יואש, ער איז מיר

נעטריי און איבערגעבען, דערצו איז ער נאך זעהר קלוג, און ער וועט שוין וויסען ווי אזוי צו ריידען, און דער קעניג וועט איהם נישט כאפען ביי קיין ליגען. יואש וויים וועגען מיין גרויסער ליעבע צו יעל'ן, און זי האט איהם אויסגעקליבען מיר איבערצוגעבען דעם בריעף.

סיסרא האט גלייך געשיקט רופען יואש'ן און זיך צו איהם אפגערופען:

— זיי וויסען, יואש, אז דו ביזט געגאנגען מיט בעאמטע אין פעלד, און איהר ביידע האבען געהערט ווי חבר, יעל'ס מאן, האט גערעדט וועגען מאכען א פערשווערונג געגען קעניג.

— מיין האר! — האט יואש אויסגערופען מיט שרעק. — איך האב... הם..

— און איך האב געמיינט, אז דו ביזט א קלוגער — האט זיך סיסרא אפגערופען מיט א שמייכעל — איך בין געוועזען זיכער, אז א וואונק איז גענוג פאר דיר. אבער יעצט וועל איך דיר אלעס אויסזאגען, און געדענק, אויב דו וועסט זיך פאר וועמען עס איז ארויסריידען מיט א ווארט וועגען דעם, דאן פערלירסטו דיין קאפ.

— איך וואלט בעסער פערלירען מיין קאפ, איידער צו פערראטען מיין האר! — האט יואש געזאגט.

— יעצט רעדסטו ווי מיינער א געטרייער שקלאף — האט סיסרא איהם א זעץ געטאהן איבער'ן פלייצע — דו ווייסט דאך ווי שטארק די שעהנע יעל האט מיר ליעב, אבער איהר מאן שטעהט אין מיין וועג... און מיר דארפען זעהן איהם אפצוראמען... דעריבער האב איך בעשלאסען, אז דו און מיין בעאמטער זאלען דערצעהלען דעם קעניג, אז איהר האט געהערט ווי חבר זוכט איהם שלעכטעס צו טאהן. פערשטעהסטו שוין?

יואש האט געשוויגען... ער איז געוועזען שטארק איבערראשט פון דעם, און ער האט נישט געוואוסט וואס צו זאגען.

— ווען דיין עדות זאגען וועט העלפען און דער קעניג וועט מיר ערלויבען איהם איבערצוגעבען צו די עמלקים, און יעל וועט אין גאנצען געהערען צו מיר, דאן וועל איך דיר אדער אין גאנצען בעפרייען, אדער איך וועל דיר מאכען פאר מיינעם א בעאמטען — האט סיסרא זיך אפגערופען צו יואש'ן.

דעם זעלבען טאג איז סיסרא אוועק צו יבין'ען און זיך צו איהם אפגערופען:

— מעכטיגער קעניג, יבין, זאלען די געטער בעפעסטיגען דיין מלוכה אויף עוויג... אבער איך בין געקומען דיר ווארנען, אז דו זאלסט זיך היטען פון דיינע גוטע פריינד!...

— וואס האט פאסירט? דערצעהל מיר שנעלער! — האט יבין אויסגערופען — וואס האסטו געהערט?

— איך וויים אז חבר דער קיני דארף זיכער זיין א גוטער פריינד צום קעניג. ווייל האסטו דען מיט איהם נישט געשלאסען א פרידענס־בונד? האסטו דען איהם נישט געגעבען קיין שוץ און איהם ערלויבט זיך צו פערשפרייטען נעבען די גרעניצען פון אונזער לאנד, און צום סוף האב איך נאר וואס אויסגעפונען, אז ער איז א פעררעטהער און אז ער פלאנעוועט צו פערכאפען די מלוכה!

— דאס איז אונמעגליך! — האט יבין אויסגערופען — ווי אזוי האסטו זיך דאס דערוואוסט?

— איך בין געפאהרען אין מיין קארעטע מיט אייניגע פון מיינע בעאמטע און שקלאפען. פלוצלינג האב איך דערזעהען אז איך האב אויף'ן וועג פארלארען א פעקעל. איך האב געשיקט צוויי מענשען דאס אויפצוזוכען, און ווען זיי האבען זיך אומגעקעהרט, האבען זיי מיר דערצעהלט א זאך אז מיינע האר פון קאפ האבען זיך געשטעלט קאפויר.

— וואס האבען זיי דיר דערצעהלט?

— זיי האבען מיר דערצעהלט, אז ווען זיי זיינען געגאנגען זוכען, האט זיך צו זיי פון וויטען דערטראגען א געשפרעך. זיי זיינען צוגעגאנגען עטוואס נעהענטער און האבען בעמערקט ווי דער פאסטוך חבר, רעדט צו א צווייטען. זיי האבען געהערט ווי ער זאגט אז אין דער צייט ווען סיסרא און זיינע מחנות וועלען זיין פארנומען אויף'ן

שלאכטפעלד, וועט זיין זעהר גרינג צו ארונטערזעצען דעם קעניג פון טראהן און פערכאפען די קרוין.

— אויב עס איז ריכטיג, דאן וועט ער מוזען געטויטעט ווערען! זאלען די צוויי עדות גלייך קומען צו מיר! האט יבין בעפוילען. סיסרא האט געשיקט רופען יואש'ן און זיין בעאמטען און זיי האבען פאר יבין איבערדערצעהלט אלעס וואס סיסרא האט פון זיי פערלאנגט.

— א טויט צו חבר'ן און צו זיין גאנצער משפחה! האט יבין אויסגערופען מיט צארן. ברענג איהם שנעלער צו מיר און איך וועל איהם לאזען אויפהענגען מיט זיין פרוי און די איבריגע פון זיין משפחה.

— מיין האר קעניג! — האט סיסרא זיך פארנייגט — איך וויים אז זיין פרוי איז אונשולדיג, זי וויים גאר ניט פון זיינע פלענער, און פאר וואס זאל זי דארפען ליידען פאר זיינע זינד. זי איז א שעהנע פרוי און איך האב מיט איהר פיעל מאל פערבראכט, און איך האב אויסגעפונען אז זי איז ווירקליך געטריי דעם קעניג! איך וויים אז זי האסט איהר מאן זעהר שטארק און בפרט ווען זי וועט אויסגעפינען אז איהר מאן זוכט צו פערראטהען דעם קעניג, וועט זי אליין זיין צופריעדען ווען ער וועט זיין פסק בעקומען. איך האב א בעסערען פלאן, און אויב מיין האר קעניג וועט מיר ערלויבען וועל איך מיין פלאן פארלעגען.

— גוט, זאג מיר וואס דיין פלאן איז! האט יבין געפרעגט.

— ווי דער קעניג וויים שוין, זיינען ניט לאנג צוריק געקומען שלוחים פון דעם קעניג פון עמלק, ער האט אנגעבאטען זעהר פיעל גאלד אויב מען וועט איבערגעבען חבר'ן אין זיין רשות. ווייל חבר האט מיט יאהרען צוריק געטויטעט זיינעם א גענעראל. דאן האסטו, מיין האר קעניג, זיי ענטזאגט צוליעב דעם בונד פון שלום וואס דו האסט מיט איהם געשלאסען. יעצט אבער אז דו האסט אויסגעפונען דאס ער איז דיינער א שונא, איז מיין עצה אז דו זאלסט באפעהלען איהם צו ארעסטירען, און דערווייל וועל איך אוועקשיקען שלוחים אנזאגען דעם קעניג פון עמלק, אז מיר נעהמען אן זיין אנבאט און ווען ער וועט צושיקען דאס גאלד, וועלען מיר איהם איבערגעבען חבר'ן דעם קיני. מיין האר קעניג מעג וויסען אז יעצט וועט אונז שטארק צוניץ קומען דאס גאלד וואס מיר וועלען קריגען, ווייל מיר דארפען זיין געגרייט צו פיהרען מלחמה מיט ישראל.

— דיין פלאן געפעלט מיר! — האט יבין זיך אבגערופען צו סיסרא'ן — חבר וועט זיין שטראף בעקומען אין דעם לאנד עמלק, און מיר וועלען דערצו נאך קריגען פיעל גאלד פאר דעם. איך ערלויב דיר דו זאלסט איהם גלייך ארעסטירען.

— ווען זאל דאס געשעהען? — האט סיסרא געפרעגט.

— ווען דו וועסט וועלען! — האט יבין געזאגט — דו וויסט דאך אז איך האב אין דיר צוטרוי און איך וועל דיר געבען העלפט פון דעם גאלד וואס איך וועל בעקומען פאר חבר'ן.

סיסרא איז אוועק א צופריעדענער פון יבין'ען. זיין פלאן האט געארבייט אויסגעצייכענט. עס וועט שוין לאנג ניט נעהמען און יעל וועט בעפרייט ווערען פון איהר מאן, און דאן וועט ער זי קענען נעהמען פאר זיך.

ווען יואש האט זיך דערוואוסט וואס סיסרא פלאנעוועט צו טהאן צו חבר'ן, איז ער זעהר אונרוהיג געווארען. ער וויים אז אויב חבר וועט ארייגפאלען אין זיינע הענד וועט ער שוין קיין לעבעדיגער ניט צוריקקומען. עס איז זיין פליכט איהם צוווארנען וועגען דעם. אבער ווי אזוי? ווען ער זאל אין מיטען העלען טאג אוועקגעהן, וועט סיסרא גלייך פארשטעהען און ער וועט איהם טויטען.

די גאנצע נאכט איז יואש געלעגען אויף זיין געלעגער און ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון דעם. וועמען קען ער אנפערטרויען אזא וויכטיגע זאך?

אויף מארגען איז דער פריה, ווען ער האט באגעגענט איינעם פון די געהיימע שלוחים, וועמען שרה, זיין פרוי, האט פון טויט גערעטעט, האט ער זיך צו איהם אפגערופען:

— איך ווייס אז דו ביזט זעהר דאנקבאר צו יענער פרוי וואס האט דיך און דיין פריינד פון דער תליה גערעטעט. יעצט וועסטו דאך געוויס ניט ענטזאגען איהר א טובה צו טהאן. ווי איך האב געהערט, קלייבען זיך איהרע עלטערען צו פערלאזען די שטאדט קדש, און עס איז מעגליך אז זיי וועלען דאס נאך גאר אין גיכען טהאן, דעריבער וויל איך אנשרייבען א בריעף צו זיי אז זייער טאכטער לעבט און קיין ביזעס וועט צו איהר ניט געשעהען. דאמיט וועסטו א גרויסע דיענסט טהאן צו שרה'ן.

— איך וועל זיך שעצען גליקליך אויב איך וועל קענען עפעס טהאן פאר דער נאבעלער פרוי! — האט דער שליח זיך אפגערופען—און אויב דאס וועט איהר צופריעדענשטעלען, וועל איך דאס נאך היינט טהאן.

— דו דארפסט אבער זעהן צו זיין זעהר פארזיכטיג סיסרא זאל זיך ניט דערוויסען פון דעם, אז ניט זיינען מיר אלע פערלארען.

— איך וועל שוין זיין פארזיכטיג! דו ווייסט דאך ווי איך האס סיסרא'ן, ער האט דאך געפאדערט ביים קעניג מען זאל מיך און מיין פריינד הענגען. דעריבער מעגסטו רוהיג זיין, אז איך וועל שוין זעהן דאס ער זאל פון דעם ניט וויסען.

יואש האט אנגעשריבען פאלגענדע ווערטער אין עברית צו ברק'ן:

— "חבר'ס לעבען איז אין גרויס געפאהר, זאל ער ווי אם שנעלסטען אנטלויפען פון צעננים. בעהאלט איהם אויס אין קדש, ביז וואנען די סכנה וועט פאראיבער. דיין שוועסטער שרה איז אין געפענגנים, אבער זי איז געזיכערט ניט אריינצופאלען אין סיסרא'ס אונריינע הענד".

ער האט דעם בריעף איבערגעגעבען דעם שליח און איז גלייך אוועק צו סיסרא'ס געצעלט.

---

ווען דער שליח האט איבערגעגעבען ברק'ן יואש'ס בריעף, האט ער דעם שליח בעדאנקט, און אין דער צייט וואס מען האט דעם שליח אונטערהאלטען אין זיין הויז מיט שפייז און געטראנקען, האט ברק גענומען א פערד און איז גלייך אוועק צו יעל'ן.

— דיין מאן'ס לעבען איז אין גרויס געפאהר — האט ברק איהר געוויזען יואש'ס בריעף, ער וועט מוזען אלעס פערלאזען און געהן גלייך מיט מיר. איך וועל איהם אויסבעהאלטען ביז וואנען די סכנה וועט פאראיבערגעהן.

— דער רשע סיסרא האט בעשלאסען איהם פארט שלעכטעס צו טהאן! האט יעל אויסגערופען מיט שרעק, און ער האט מיר פערשפראכען אז ער וועט גאר ניט טהאן צו מיין מאן ביז וואנען ער וועט זיך האבען בעראטהען מיט מיר!

— מסתמא איז די געפאהר זעהר גרויס, אז יואש האט געוואגט מיר אזא בריעף צו שיקען דורך א צידוני.

— איך וועל גלייך שיקען צוויי פון מיינע קנעכט אומצובייטען חבר'ן מיט די שאף, און ער זאל שנעל קומען אהיים, האט יעל צוגערופען צוויי פון איהרע געטרייעסטע קנעכט.

— מעגליך אז סיסרא וועט זיי פרעגען וואו זייער האר איז? האט ברק געזאגט, דעריבער איז מיין עצה, אז דו זאלסט ארויסלאזען א קלאנג אז חבר איז פערפאלען געווארען. און געוויס האט מיט איהם אן אומגליק פאסירט. און ווען אימיצער וועט די קנעכט פרעגען, זאלען זיי אלע אויך זאגען דאס זעלבע.

יעל האט אנגעזאגט איהרע צוויי געטרייע דיענער, וואס זיי זאלען זאגען, אין פאל אימיצער וועט זיך נאכפרעגען אויף זייער האר. און זי האט זיי גלייך אוועקגעשיקט אין פעלד אריין צו חבר'ן.

א ווײלע שפעטער איז חבר אנגעקר־

**מען. יעל און ברק האבען איהם איבער־געגעבען וועגען דער געפאהר וואס לוי־ערט אויף איהם.**

חבר האט נעקושט זיין פרוי, און איהר אנגעזאגט, אז זי זאל זיך נישט ער־נערען, ווייל סיסרא'ס פלענער וועלען זיכער דורכפאלען.

— זאל דיר דער גאט פון ישראל בעשיצען! — האט יעל וויינענדיג גע־זאגט — דער רשע וועט געוויס זיין דא און איך וועל פון איהם אויסגעפינען די איינצעלהייטען, און דיר וועגען אלעם לאזען וויסען.

חבר האט מיט עפעס פארדעקט זיין פנים און זיך ארויפגעזעצט אויף א פערד און ביידע צוזאמען זיינען שנעל אבגע־פאהרען קיין קדש.

## 14טער קאפיטעל
## ברק און דבורה

דבורה האט איהר ארבייט פארענ־דיגט; זי האט פעראייניגט די שבטים פון צפון און האט אויך געקראגען די פערזיכערונג פון די שבטים, בנימין, מנשה און אלע יונגע לייט פון איהר אייגענעם שבט אפרים, זיינען ווי איין מאן געווען געגרייט צו קומען צו איהר רוף צום קאמפף געגען יבין דעם קעניג פון חצור.

— יעצט, אז מיר האבען א גרויסע ארמעע, וועלען מיר דארפען א העלדי־שען פיהרער, וועלכער זאל פיהרען די ארמעען אין קאמפף ביז א פאלשטענ־דיגען זיעג — האט לפידות געזאגט צו דבורה'ן.

— איך קען ניט געפינען קיין מעהר פאסענדען מאן ווי ברק, דעם זוהן פון אבינעם! — האט דבורה געענטפערט, און איך וועל נאך היינט אוועקשיקען מענשען און איהם זאגען ער זאל וואס שנעלער צוזאמענשטעלען אן ארמעע פון דעם שבט נפתלי און זבולון און דאן זיך פעראייניגען מיט די סאלדאטען פון די איבעריגע שבטים.

דבורה האט צוזאמענגערופען עטליכע שטארקע יונגע לייט. זי האט אויסגע־קליבען צוויי פון זיי און זיי געשיקט נאך קדש, איבערצוגעבען ברק'ן, אין איהר נאמען, אז ער זאל צוגרייטען אן ארמעע פון צעהן טויזענד מענשען פון נפתלי און זבולון, וואס וועלען פער־אייניגע ווערען מיט די איבעריגע אר־מעען פון די אנדערע שבטים און ער זאל איבערנעהמען די פיהרערשאפט פון דער פעראייניגטער ארמעע און זאל גלייך ארויסגעהן מלחמה האלטען מיט סיסרא'ן.

---

ווען דבורה'ס שלוחים זיינען אנגע־קומען אין קדש און איבערגעגעבען ברק'ן דבורה'ס רייד האט ברק אנגע־שריבען פאלגענדען בריעף צו דבורה'ן:

"צו דער הייליגער נביאה, דבורה, שלום.

"דו האסט מיר גרויס כבוד אנגע־טהאן, מיט דעם וואס דו גלויבסט אז איך בין פעהיג צו פיהרען אונזערע אר־מעען אין מלחמה געגען דעם שטארקען שונא. דו האסט מיך אויסערוועהלט פון אלע אנדערע צו זיין דער הויפט גענע־ראל פון די פעראייניגטע מחנות, אבער כאטש איך האב בטחון אין גאט, אז ער וועט אונז העלפען געגען אונזערע שונאים, די רשעים, פון דעסטוועגען פיהל איך, אז איך אליין בין ניט גענוג פעהיג צו ערמוטהיגען און בעגייסטערען די סאלדאטען זיי זאלען קעמפפען מיט אלע זייערע כחות, יע, זיי זאלען קעמפ־פען אזוי ווי אונזערע עלטערען האבען געטהאן אונטער דער פיהרערשאפט פון יהושע דעם זוהן פון נון. און יעצט, געטליכע דבורה, איך וועל אננעהמען דיין אנבאט, מיט דעם תנאי אז דו זאלסט אויך מיטגעהן מיט מיר. דאס פאלק האט דיך זעהר ליעב. אלע שע־צען און אכטען דיך און ווען זיי וועלען דיך דערזעהן וועט זייער בעגייסטערונג ווערען נאך גרעסער און זיי וועלען קעמפפען ווי לייבען. יע, אויב דו געהסט מיט, וועל איך אננעהמען די פיהרער־שאפט און אויב ניט, וועל איך אויך ניט געהן".

**"ברק, דער זוהן פון אבינעם".**

ברק האט פער'חתמ'עט דעם בריעף און דאס איבערגעגעבען צו דבורה'ס שלוחים.

— דערווייל‏ע מיין זוהן, גלויב איך, אז דו זאלסט זיך זעהן מיט די פארשטעהער פון די שטעדט פון אונזער שבט און פון שבט זבולון—האט אבינעם זיך אבגערופען צו ברק'ן, נאכדעם ווי ער האט אוועקגעשיקט דעם בריעף צו דבורה'ן. דו מעגסט זיכער זיין אז דבורה וועט דיין בעדינג אננעהמען. און אויב דו וועסט דערווייל האבען צוגעגרייט די ארמעע פון די צוויי שבטים, וועט שנעלער פארקומען די פעראייניגונג מיט די מחנות פון די אנדערע שבטים.

— דו פארגעסט אבער, פאטער, אז צוליעב דעם ערשטען דורכפאל וואס איך האב געהאט מיט יאהרען צוריק, האבען פיעלע פערלארען דעם צוטרוי צו מיר, און אויב איך וועל זיי ניט קענען זאגען אז דבורה וועט מיט אונז מיטגעהן, וועט מיר אנקומען גאנץ שווער צונויפצוזאמלען א גרויסע ארמעע. אבער ווען זיי וועלען וויסען אז דבורה וועט וועלען וויסען אז דבורה וועט זיך אויך געפינען אויף דעם שלאכטפעלד וועט זייער מורא פאר סיסרא'ן פערשווינדען. ווייל דבורה איז ביי אלעמען פערהייליגט און זיי וועלען זיכער זיין, אז צוליבע איהר זכות וועט אונז גאט העלפען.

— נו, און דו גלויבסט, אז דבורה די נביאה, די בראווע און העלדישע פרוי וועט נישט וועלען מיטגעהן מיט דיר ?—האט אבינעם איהם געפרעגט.

— ניין, נישט דאס מיין איך !—האט ברק געענטפערט.—מעגליך אז נאכדעם ווי זי וועט לעזען מיין בריעף וועט זיך דבורה ארומזעהן, אז איך בין נישט פאסיג צו זיין דער פיהרער און זי וועט אויסדערוועהלען אימיצען אנדערש !

— ניין, מיין זוהן, דו מאכסט א טעות, דבורה די נביאה וועט איהר בעשלום נישט ענדערען, דו קענסט גליין געהן און ריידען צו די פארשטעהער אין איהר נאמען און זיי אויך פערזיכערען, אז דבורה וועט אויך מיטגעהן !

ברק האט זיך געזעגענט מיט זיין פאטער און מוטער מיט זיין פרוי און קינדער און איז אוועק צוזאמענרופען די פארשטעהער פון ביידע שבטים.

---

ווען מען האט אנגעזאגט סיסרא'ן אז צעהן בעאמטע פון דעם קעניג עמלק זיינען אנגעקומען אין חצור איז ער זיי ענטקעגען געגאנגען, און זיי פיין אויפגענומען, ער האט זיי גלייך איינגעלאדען צו דעם קעניג אין פאלאץ, און זיי פארגעשטעלט פאר דעם קעניג יבין.

זיי האבען זיך אלע פערנייגט ביז'ן באדען און דער עלטערער פון זיי האט זיך אפגערופען :

— אונזער האר קעניג פון עמלק שיקט זיין בעגריסונג צו דעם מעכטיגען קעניג יבין, און ווינשט איהם ערפאלג אין אלע זיינע אונטערנעהמונגען. מיר האבען זיך דערוואוסט אז דער קעניג פון חצור האט בעוויליגט איבערצוגעבען אין אונזערע הענט חבר'ן דעם קיני וועלכער האט געטויטעט דעם הויפט גענעראל פון עמלק, און אונזער קעניג האט מיט אונז מיטגעשיקט הונדערט שטיקער גאלד, ווי עס איז געווען אפגעמאכט.

— איך וועל איהם איבערגעבען אין אייערע הענט און איהר וועט קענען טהאן מיט איהם וואס איהר ווילט — האט יבין זיך צו זיי אפגערופען—ווען איך וואלט געוואוסט, אז חבר איז אזא פערברעכער וואלט איך מיט איהם קיינמאל קיין בונד פון שלום נישט געשלאסען... אבער איך האב אויסגעפונען אז ער איז פאלש, פארדארבען און שלעכט. דעריבער וועל איך זיין צופרידען ווען דער קעניג פון עמלק וועט טהאן צו איהם, ווי ער האט געטהאן צו זיין גענעראל—יעצט סיסרא, קענסטו שיקען דיינע מענשען און זאלען זיי איהם ברענגען אהער און איך וועל איהם זיי איבערגעבען געשמידט אין קייטען.

— מיין האר קעניג !—האט סיסרא זיך אפגערופען—איך האב מיינע מענשען שוין עטליכע מאל געשיקט צו דעם

פלאץ, וואו חבר פלעגט פיטערן זיינע שאף אבער ווי עס ווייזט אויס האבען זיי איהם נישט געטראפען, און דעריבער וועל איך אליין אויך דארפען מיט זיי מיטגעהן. איך וועל מוזען זיך זעהן מיט זיין פרוי יעל'ן. פון איהר וועל איך זעהר גרינג אויסגעפינען וואו חבר געפינט זיך יעצט. און איך וועל שוין זעהן, אז ער זאל אהער גלייך געבראכט ווערען.

סיסרא האט מיטגענומען אייניגע בעאמטע און זיינע געטרייע קנעכט און איז אפגעפאהרען צו יעל'ן.

ווען ער איז צוגעקומען צו איהר געצעלט, איז יעל איהם ארויס ענטקעגען:

— קום אריין, מיין האר אין מיין געצעלט!—האט זי איהם געזאגט—איך בין זעהר גליקליך דיך צו זעהן. פריהער האב איך געמיינט, אז דו האסט זיך אן מיר שוין אין גאנצען פערגעסען, נאר ווען איך האב געזעהן, אז מיין מאן קומט מעהר נישט אהיים, שוין עטליכע טעג, האב איך פערשטאנען אז דו האסט איהם אפגעראמט פון וועג. יעצט בין איך פריי, איך וועל געהערען צו דיר, און קיינער וועט מיר נישט שטעהן אין וועג! זאג מיר, איך בעט דיר, מיין האר איז ער טויט אדער....

—וואס רעדסטו, יעל!—האט סיסרא אויסגערופען עטוואס צוטומעלט— איך האב דיין מאן נישט געזעהן...

— וואס? !—האט יעל אויסגערופען מיט ערשטוינונג—דו ווייסט נישט, וואו מיין מאן איז? ! האסטו דען איהם ניט געטויטעט, און איך בין נאך נישט פריי. אויב אזוי, וואו איז ער אהינגעקומען, פארוואס איז ער שוין עטליכע טעג אין דערהיים נישט געווען? זאג דאך מיר, מיין האר, אה, איך ווייס, אז דו מאכסט שפאס! דו האסט מיר געוואלט איבערראשען... אבער איך מוז דיר זאגען, אז איך בין גלייכגילטיג צו איהם... איך האב איהם אויפגעהערט ליעב צו האבען, דעם זעלבען טאג ווען איך האב דיר דערזעהן...

— דו פערשטעהסט נישט יעל!—האט סיסרא זיך אפגערופען מיט פערצווייפלונג—איך בין דאס יעצט אהער געקומען אויסצוגעפינען וואו חבר געפינט זיך. איך און דער קעניג יבין. האבען צוגעשטימט איהם איבערצוגעבען אין די הענט פון דעם קעניג פון עמלק. און יעצט זיינען אנגעקומען אין חצור צעהן בעאמטע פון דער לאנד עמלק מיט הונדערט שטיקער געלד... און איך האב דעם קעניג פערשפראכען אז איך וועל חבר'ן צושטעלען אין גיכען.

— אויב אזוי פערשטעה איך נישט, וואס מיט איהם האט געקענט פאסירען.. ווארט!—האט יעל אויסגערופען—מיר דוכט זיך, אז איך כאפ פערשטעהן... יענעם טאג ווען די פאסטוכער האבען איהם אומגעביטען, און ער האט זיך מעהר צו מיר נישט צוריקגעקעהרט, האבען זיי מיר געזאגט אז פרעמדע מענשען האבען זיך אויף איהם נאכגעפרעגט, איך האב בעת מעשה געטראכט אז דאס האבען דיינע מענשען זיך אויף איהם נאכגעפרעגט, אבער יעצט, אז ער איז אין דיינע הענט נישט אריינגעפאלען, איז מעגליך, אז די פרעמדע מענשען זיינען דאס געווען עמלקים, וועלכע האבען איהם גענומען געפאנגען...

— זאל עס מעגליך זיין, אז די עמלקים האבען מיר אפגענארט. זיי האבען מיר געבראכט געלד איך זאל זיי צושטעלען חבר'ן און דערווייל האבען זיי איהם אליין געפאנגען, און יעצט אז איך וועל חבר'ן נישט ברענגען פאר זיי וועלען זיי צוריקפיהרען דאס געלד צו זייער קעניג...

— האבען דיינע מענשען גערעדט צו מיינע פאסטוכער, האט יעל געפרעגט סיסרא'ן.

— ניין, זיי האבען צו קיינעם נישט גערעדט!

— אט וועל איך אריין אין שייער און פרעגען די פאסטוכער ווי יענע פרעמדע מענשען האבען אויסגעזעהן. און דו וועסט מיר א וויילע ענטשולדיגען.

— און שיק דיינע פאסטוכער אריין אהער!—האט סיסרא איהר געבעטען.

יעל איז אריין צו די פאסטוכער און

זיי אַנגעזאָגט וואָס צו זאָגען סיסרא'ן און זיך גלייך מיט זיי אומגעקעהרט.

— וואָס האָט פּאַסירט יענעם טאָג, ווען אייער האָר איז פערפאַלען געוואָרען.

— מיר זיינען אַוועק אין פעלד ווי אַלע מאָל איהם אומצובייטען, ווען ער איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיקעל וועג פון אונז, זיינען צו אונז צוגעקומען איינִיגע פרעמדע מענשען און אונז געפרעגט אויב מיר ווייסען וואו חבר דער קיני געפינט זיך !—האָט איינער פון די פּאַסטוכער זיך אָפּגערופען—מיר האָבען זיי געזאָגט, אַז ער איז נאָר וואָס דאָ געווען און זיי אָנגעוויזען די ריכטונג וואוהין ער איז אַוועק.

— וויפיעל פון זיי זיינען דאָס געווען ?—האָט סיסרא די פּאַסטוכער געפרעגט.

— מיר דוכט זיך אַז פינף—האָט איין פּאַסטוך געזאָגט.

— ניין, זעקס זיינע זיי געווען, איך האָב זיי אַליין איבערגעצעהלט.

— און ווי האָבען זיי אויסגעקוקט ? —האָט סיסרא ווייטער געפרעגט.

— זייערע פּנים'ער זיינען געווען טונקעל, און זייערע אויגען גאַנץ קליין, זיי זיינען געווען קורץ געוויקסיגע און דיקליך.

— יע, דאָס זיינען געווען די עמלקים! —האָט סיסרא געזאָגט — זיי האָבען איהם געוויס געפאַנגען אָהן מיין וויסען, און יעצט וועלען זיי צוריקפיהרען דאָס גאָלד צו זייער לאַנד.

— אָה, האָט יעל אויסגערופען — יעצט ווייס איך גאָרנישט אויב איך בין פריי אָדער נישט. מעגליך, אַז ער וועט נאָך ווען עס אַז צוריקעהרען ! און דאַן...

— דו האָסט נישט וואָס צו זאָרגען, יעל, צו אַזוי אָדער אַזוי וועט דער קעניג פון עמלק איהם טויטען.

— אָבער פיליכט האָבען איהם די עמלקים נישט געפאַנגען, און אויב יע, מעגליך, אַז ער איז פון זיי ענטלאָפען געוואָרען. און איך האָב שוין געמיינט, אַז איך בין פריי !

— דו ביזט פריי, יעל !—האָט סיסרא געזאָגט—אָבער איך בין יעצט אין אַ גרויסע פערלעגענהייט. איך ווייס ניט וואָס צו זאָגען דעם קעניג.

— זאָג איהם, אַז די עמלקים האָבען דיך אָפּגענאַרט און זיי האָבען אַליין גענומען געפאַנגען חבר'ן כדי זיי זאָלען פאַר איהם נישט דאַרפען צאָהלען — האָט יעל געזאָגט—און איך וועל וואַרטען איינִיגע וואָכען, און אויב ביז דאַן, וועל איך נישט הערען פון מיין מאַן, וועל איך וויסען, אַז איך בין פריי צו געהן צו דיר...

— אָה, יעל דיינע רייד מאַכען מיר גליקליך !—האָט סיסרא איהר געוואָלט אַרומנעהמען.

— דערווייל בין איך נאָך נישט זיכער אויב איך בין פריי !—האָט יעל זיך פון איהם אָפּגערוקט—איך מוז זיין איבערצייגט אין דעם... און דאָס וועט געדויערען איינִיגע וואָכען.

— ווי לאַנג די איינִיגע וואָכען וועלע זיך ציהען !—האָט סיסרא אויסגערופען—אָה, ווען איך וואָלט דיר יעצט געקענט ברענגען זיין קאָפּ.. דאַן וואָלסטו, גליך מיינע געווען... די פערפלוכטע עמלקים ! יבין האָט מיר פערשפּראָכען צו געבען העלפט פון די גאָלד וואָס מיר וועלען אַריינקריגען פון זיי. און יעצט מיינען זיי, אַז זיי האָבען זיך געקליגט.

— וואָס דו דאַרפסט טהאָן ?—האָט יעל זיך צו איהם אָפּגערופען, — איז אוועקצונעהמען די גאָלד פון עמלק'ס שלוחים, און זיי צוריקשיקען מיט ליידיגען, זאָלען זיי וויסען, אַז סיסרא'ן קען מען נישט נאַרען !

— איך וועל טאַקע אַזוי ראַטהען דעם קעניג !—האָט סיסרא געזאָגט.

— איך האָף, אַז ער וועט דיין עצה אָננעהמען !—האָט יעל געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

— דער קעניג נעהמט אָן אַלע מיינע עצות!—האָט סיסרא מיט שטאָלץ געזאָגט—דיר איז דאָך שוין בעוואוסט מסתמא וועגען דעם ווי אַזוי די אידען פון קדש האָבען מיר אָפּגענאַרט און אַנ־

שטאדט צו שיקען דבורה'ן די נביאה האבען זיי מיר געשיקט אן אנדער פרוי. און צוליעב דעם האב איך נישט געקענט האלטען מיין פערשפרעכען צו דיר.

— עס מאכט נישט אויס, איך בין אזוי צופריעדען מיט דער צווייטער דינסט, אזוי ווי מיט דער ערשטער.

— אבער מיין כעס איז געווען זעהר גרויס און איך האב געראטהען דעם קעניג צו שיקען שלוחים צו דעם שבט אפרים און פאדערען פון זיי אז זיי זאלען ארויסגעבען דבורה'ן. און אויב זיי וועלען עס נישט וועלען טהאן, וועלען מיר ארויסגעהן מלחמה האלטען מיט זיי און פערניכטען אלע שבטים... יע, איך וועל פון די אידען קיין זכר נישט איבערלאזען, איך וועל זיי צייגען מיין מעכטיגע האנט!

— נו, און דער קעניג האט דיין עצה אנגענומען?—האט יעל געפרעגט.

— געוויס!—האט סיסרא געענטפערט—די שלוחים זיינען מיט עטליכע טעג צוריק געשיקט געווארען. און איך ערווארט אין גיכען צו קריגען אין מיין רשות די ריכטיגע דבורה.

— און וואס וועסטו מיט איהר טהאן?—וועסטו איהר מאכען פאר דיין דינסט.

— ניין, זי וועט אויפגעהאנגען ווערען אין מיטען שטאדט, זאלען אלע זעהן וואס מיר קענען טהאן צו דער אידישער הייליגער פרוי.

— איך בעט דיר, סיסרא, איידער מען וועט דבורה'ן אויפהענגען, זאלסטו קומען מיר אנזאגען, איך וואלט אליין וועלען צוזעהן ווי אזוי מען הענגט איהר.

— געוויס איך וועל צו דיר קומען און אין מיין קארעטע דיר ברענגען אין חצור... נאכהער וועל איך דיר פארשטעלען פאר'ן קעניג.

— אה, ווי גליקליך איך וועל זיין!—האט יעל געזאגט—איך האף נאר, אז ביז יענער צייט וועל איך שוין זיין זיכער, אז חבר איז טויט.

— מיין מוטער וועט אויך זיין זעהר צופריעדען דיך צו זעהן. איך האב איהר פון דיר פיעלעס דערצעהלט, און זי איז זעהר נייגעריג איך זאל דיך ברענגען אין חצור.

— און וואס האסטו געטהאן צו דער ערשטער דיענסט?—האט יעל געזאגט—לעבט זי נאך, אדער זי האט שוין בעקומען איהר שטראף פאר דעם וואס זי האט דיך גענארט?

— איך האב אפילו געוואלט מען זאל איהר גלייך בעשטראפען, אבער דער קעניג האט געזאגט, אזוי ווי זי האט זיך מודה געווען, כדי צו ראטעווען צוויי אומשולדיגע מענשען, האט ער איהר געהייסען פערשפארען אין געפענגנים. דאס איז אויך ווייל זי איז זעהר א שעהנע—האט סיסרא א שמייכעל געטהאן און די קעניגין איז גאנץ ווייט פון שעהנהייט...

— ווי עס ווייזט אויס, זיינען אלע אידישע געפאנגענע פרויען זעהר שעהנע!—האט יעל געזאגט.

— נו, מיינע בעאמטע וועלען דאך נישט פאנגען מיאוסע אידישע פרויען... ניין, אזעלכע נאראנים זיינער זיי ניט.

— און דו וועסט נאך פילייכט געפינען צווישען די געפאנגענע איינע וועלכע איז שעהנער און בעסער פון מיר, אין דאן וועסטו מיר אין גאנצען פערגעסען!

— אה, ניין, טייערע יעל, אזא שעהנע פרוי ווי דו ביזט איז נישט צו געפינען אפילו צווישען די אידישע... ווען דו וואלסט יעצט צוגעשטימט וואלט איך דיך מיט זיך גענומען און גלייך פאר אלעמען ערקלעהרט אז דו ביזט מיין פרוי.

— די צייט איז גאנץ נאהענט, ווען דאס וועט געשעהן!—האט יעל געזאגט—אבער דו דארפסט וויסען זיין ווען איך וועל דיין פרוי ווערען, וועל איך נישט ערלויבען, אז די שעהנע געפאנגענע פרויען זאלען פארגעבראכט ווערען פאר דיר!

— דאן וועל איך שוין אליין נישט וועלען אנקוקען קיין אנדער פרוי—האט

סיסרא געלאכט—און יעצט מוז איך זיך איילען צוריק קיין חצור!

סיסרא האט זיך פערנייגט און צוזאמען מיט זיינע בעגלייטער האט ער זיך צוריקגעקעהרט אין חצור.

די געסט פון עמלק זיינען נאך געוועזן אין פאלאץ און געווארט סיסרא זאל ברענגען חבר׳ן צו זיי געשמידט אין קייטען.

ווען סיסרא איז אריינגעקומען האבען זיי זיך אויפגעשטעלט און פערנייגט, און באלד זיך געזעצט אויף זייערע פלעצער.

סיסרא איז גלייך צוגעגאנגען צום קעניג און זיך פערנייגט פאר איהם.

— זאל חבר אריינגעבראכט ווערען אין פאלאץ, איך וויל דיזען פאלשען מענשען אנקוקען איידער איך גיב איהם איבער אין זייערע הענט.—האט יבין זיך אפגערופען צו סיסרא׳ן.

— מיין האר קעניג!—האט סיסרא אויסגערופען!—זיי זיינען שווינדלער און אפנארער!

— ווער זיינען שווינדלער?

— אט די עמלקים!—האט סיסרא אנגעצייגט מיט זיין פינגער אויף דעם פלאץ, וואו זיי זיינען געזעסען.

— וואס האבען זיי געטהאן?—האט יבין איהם געפרעגט.

— זיי זיינען בעגאנגען א פערברעכען! א מעכטיגער קעניג זיי האבען פריהער געשיקט איינציגע פון זייערע מענשען און האבען אליין גענומען חבר׳ן געפאנגען, און כדי עס צו פארדעקען, זיינען די געקומען מיט גאלד אין זייערע הענט, צו פערהאנדלען מיט דיר, אה, קעניג ווענען חבר׳ן, און אזוי ווי איך וועל נישט האבען קיין מעגליכקייט איהם צוצושטעלען וועלען זיי דאך האבען א רעכט צוריקצוקעהרען זיך מיט זייער גאלד צו זייער לאנד.

— אה, עס איז א ליגען!—האבען זיך די געסט אויפגעשטעלט און מיט אמאל אויסגערופען—מיר זיינען די איינציגע וועמען אונזער קעניג האט געשיקט. קיינער איז מיט אונז נישט מיטגעגאנגען.

סיסרא׳ס צארן האט זיך נאך מעהר צופלאקערט.

— איך האב עדות וועלכע האבען זיי אליין געזעהן. ווען די עדות האבען פאר מיר אויסגעמאלט דעם אויסזעהן פון די פרעמדע מענשען, האב איך גלייך פערשטאנען, אז דאס זיינען געוועזן עמלקים.

— אבער דערצעהל מיר וואס האט פאסירט? — האט יבין איהם געפרעגט.

— ווען איך בין אנגעקומען צו יעל׳ן די פרוי פון חבר דעם קיני, האט זי מיר דערצעהלט, אז איהר מאן איז שוין זייט עטליכע טעג פערשוואונדען, און זי האט געמיינט, אז איך האב דאמיט צו טהאן, ווייל איך האב איהר גענעבען אן אנדייטונג אז איך וועל נאך איהר ווען עס איז בעפרייען פון איהר מאן. ווען אבער איך האב געזאגט, אז איך האב חבר׳ן גאר נישט געזעהן, האט זי אריינגערופען די פאסטוכער, וועלכע פלעגען איהם אומבייטען, און זיי האבען מיר דערצעהלט, אז ווי נאר חבר איז פון זיי אוועק, זיינען צוגעקומען צו זיי זעקס עמלקים און זיך אויף איהם נאכגעפרעגט. די פאסטוכער האבען נישט געוואוסט, אז זיי זוכען איהם צו פאנגען, האבען זיי אנגעצייגט דעם וועג וואוהין חבר האט זיך פערנומען און זינט דאן איז חבר פערשוואונדען, איז עס דען נישט זעלבסטפערשטענדליך, אז די עמלקים האבען דאס געטאן כדי צו האבען אן אויסרייד אונז נישט צו געבען די גאלד.

— יע, עס שיינט, אז דו ביזט גערעכט סיסרא!—האט יבין איהם געענטפערט, —דאס איז די איינציגע ערקלעהרונג פאר דעם. זיי האבען זיך געוואלט קליגען איבער אונז.

— דעריבער איז מיין עצה, אז מיר זאלען אנלערנען דעם קעניג פון עמלק! — האט סיסרא אויסגערופען.

יבין האט געהייסען די געסט אריינגעהן אין א צווייטען צימער ביז וואנען ער וועט נאך זיי שיקען.

די עמלקים זיינען ארויסגעגאנגען און דער קעניג האט זיך אפגערופען צו סיסרא׳ן.

— דענקסטו, אז איך זאל זיך יעצט אנפאנגען מיט די עמלקים ?

— פארוואס נישט, מיין האר קעניג, מיר האבען נישט וואס מורא צו האבען פאר זיי... ווייסטו דען נישט, אז זיי זיינען אין דרום און מיר אין צפון און צווישען אונז געפינט זיך דאס פאלק ישראל.

— טאקע צוליעב דעם וואס ישראל געפינט זיך אין מיטען, וויים איך נישט אויב עס לוינט זיך פאר אונז צו האבען נאך א שונא.

— וועגען דעם, מיין האר קעניג, דארפסטו זיך נישט זארגען. די עמלקים זיינען ישראל׳ס גרעסטע שונאים און צווישען זיי וועט קיינמאל קיין שלום נישט הערשען. און געווים וועלען די עמלקים נישט קומען צו הילף די אידען אין פאל פון א מלחמה.

— דו ווייסט, סיסרא, איך מוז דיר זאגען דעם אמת, — האט יבין מיט א שמייכעל געזאגט — דו ביזט זעהר בראוו און שטארק און דו ביזט אהן צווייפעל דער בעסטער גענעראל נישט נאר פון מיין לאנד, אבער אויך פון אלע לענדער אבער דאך מוזטו אליין צוגעבען, אז דיך אפצונארען איז זעהר גרינג, אט האבען דיר די ישראלים אבגענארט מיט דבורה׳ן און יעצט האבען דיך די עמלקים אבגענארט.

— ווען וואלט עס געהייסען אפגענארט, ווען זיי וואלטען אוועקגעגאנגען נישט איבערלאזענדיג די הונדערט שטיקער גאלד, אבער יעצט, אז איך האב אויסגעפונען אין צייט, זעהסטו דאך, אז זיי האבען מיר נישט געקענט נארען.

— און וואס איז געוועזען מיט דבורה׳ן ? — האט יבין געפרעגט — האבען דען צוויי אומשולדיגע מענשען נאך אהאר מיט זייער לעבען נישט בעצאהלט?

— אבער דערפאר וועט די ריכטיגע דבורה מיט איהר לעבען בעצאהלען.

— מיר וואונדערט זיך פארוואס די בעאמטע האבען זיך נאך נישט אומגעקעהרט פון דעם שבט אפרים ? — האט יבין זיך אפגערופען — מעגליך, אז זיי ווילען נישט איבערגעבען דבורה׳ן אין זייערע הענט !

— זיי וועלען אזא זאך נישט וואגען צו טהאן ! — האט סיסרא געענטפערט מיט שטאלץ — זיי ווייסען מיין מאכט, און ווען זיי וועלען נישט אויספאלגען מיין פערלאנג, וועל איך זייער גאנצע לאנד חרוב מאכען. די ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען זיינען געגרייט, איך וועל זיי אלעמען אויף דעם באדען אויסלעגען און אריבערפאהרען אויף זיי מיט די אייזערנע רייטוועגען.

— און וואס ראטהסטו מיך צו טהאן מיט די עמלקים ! — האט יבין איהם געפרעגט.

— מיין עצה איז, אז מיר זאלען ביי זיי צונעהמען דאס גאלד און זיי אוועקשיקען מיט שאנדע פון אונזער לאנד ! זאלען זיי וויסען, אז דעם מעכטיגען קעניג יבין קען מען נישט אפנארען !

— איך וועל אזוי טהאן ! — האט יבין געזאגט און האט געהייסען צוריק ארייינשיקען די שלוחים פון עמלק.

— וואו איז דאס גאלד, וואס אייער קעניג האט מיט אייך מיטגעשיקט.

— דאס גאלד געפינט זיך אויף א וואגען און צוויי פון אונזערע מענשען היטען עס אין דרויסען.

— זאל מען דאס גאנצע גאלד אריינפיהרען אין מיין פאלאץ ! — האט יבין בעפוילען עטליכע פון זיינע לייבוועכטער.

מען האט אריינגעבראכט די זעקלעך גאלד און דאס אוועקגעשטעלט נעבען דעם טראהן.

— דאס גאלד וועט צוגענומען ווערען פאר דעם אוצר פון מיין מלוכה ! — האט יבין זיך אפגערופען צו די עמלקים.

— אבער מיין האר קעניג ! — האט זיך דער עלטסטער פון זיי פערנייגט פאר׳ן קעניג — מיר האבען דאך ניט געקראגען חבר׳ן און אונזער קעניג האט

אונז אנגעזאגט אז דאס גאלד זאלען מיר געבען דאן, ווען מיר וועלען איהם אריינקריגען אין אונזערע הענד.

— איהר האט איהם ניט געקראגען, אבער אייערע פרייגד וועלבע זיינען מיט אייך מיטגעגאנגען האבע ן איהם געקראגען.

— ביים לעבען פון אונזער קעניג שווערען מיר אז מעהר קיינער איז מיט אונז ניט מיטגעפאהרען. און מיר האבען חבר'ן אפילו ניט אנגעזעהן.

— איהר זייט ליגנער און בעטריגער! — האט סיסרא אויסגערופען — זעקס פון אייך האבען חבר'ן גענומען געפאנגען און זיינען שוין אויף דעם וועג צו עמלק...

— ניין, עס איז א בלבול אויף אונז! מיר וועלען אונזער גאלד ניט אפגעבען.

— פאר זייערע חוצפה'דיגע רייד, מיין האר קעניג, דארפען זיי בעשטראפט ווערען! — האט סיסרא אויסגערופען

— זאל דער קעניג בעפוילען אז מען זאל יעדען פון זיי אפגאלען א האלבע בארד און א האלבע קאפ און זיי אוועקשיקען מיט שאנדע צו זייער קעניג!

— גוט! האט יבין געלאכט אזוי זאל צו יעדען געטהאן ווערען...

גלייך האט מען געטהאן צו זיי ווי יבין האט בעפוילען. מען האט די שלוחים פון עמלק געבונדען און זיי אפגעגאלט.

יבין האט געהייסען מען זאל זיי אריינפיהרען צו איהם אידער מען שיקט זיי אפ אהיים. ווען מען האט די עמלקים אריינגעפיהרט אין פאלאץ און יבין האט זיי דערזעהען האט ער אויסגעבראכען אין א הילכיגען געלעכטער, זיי האבען אויסגעקוקט אזוי משונה'דיג ווילד, אז יעדער איינער וועלכער האט זיי דערזעהען האט ניט אויפגעהערט צו לאכען.

— און יעצט האבען מיר געוויס פערדיענט דאס גאלד וואס אייער קעניג האט צו מיר געשיקט! — האט יבין זיך אפגערופען לאכענדיג — מיינע דינער האבען אייך א גרויסע דיענסט געטהאן, און פאר דיזער ארבייט קומט

אונז די בעלוינונג פון הונדערט שטיקער גאלד!

סיסרא און די איבעריגע האבען נאך העכער געלאכט. דער קעניג האט בעפוילען מען זאל זיי שנעל ארויסבעגלייטען פון לאנד מיט מוזיק און געזאנג. די גאנצע שטאדט חצור איז ארויסגעקומען צו זעהען ווי אזוי מען שיקט אפ די שלוחים פון עמלק אהיים.

— יעצט וועל איך זיך מיט דיר טיילען דאס גאלד אזוי ווי איך האב מיט דיר אפגעמאכט — האט יבין זיך אפגערופען צו סיסרא'ן נאכדעם ווי די עמלקים זיינען ארויסגעשיקט געווארען פון שטאדט.

— א העלפט פון מיין חלק וועל איך איבערגעבען מיין מוטער! — האט סיסרא געזאגט מיטנעהמענדיג מיט זיך די עטליכע זעקלעך גאלד.

— און וואס וועסטו טהאן מיט די אנדערע העלפט גאלד! — האט יבין איהם געפרעגט.

— המ... איך האב נאך ניט בעשלאסען, — האט סיסרא געענטפערט — אבער איך וועל אין גיכען נעהמען יעל'ן, די פרוי פון חבר דעם קיני פאר מיין פרוי און איך וועל פאר דעם גאלד פאר איהר מתנות קויפען.

— איז זי טאקע אזוי שעהן, ווי דו דערציילסט? — האט יבין איהם געפרעגט.

— זי איז נאך שעהנער! אה, קעניג! — האט סיסרא אויסגערופען.

— איך וויים ניט פארוואס, דו זאלסט צונעהמען אלע שעהנע פרויען פאר זיך — האט יבין איהם פארגעווארפען.

— אבער מיין האר קעניג האט דאך די קעניגין — האט סיסרא געענטפערט מיט א שמייכעל.

— דארף איך דיר זאגען ווי ווייט מיין קעניגין איז פון צו זיין א שעהנע? ווען זי וואלט ניט געווען די מוטער פון מיין יורש, וואלט איך שוין לאנג פון איהר פטור געווארען.

— דער קעניג קען דאך נעהמען נאך קעבס ווייבער צו איהר! — האט סיס־

רא איהם א חנפה געטהאן. — און ווען דאס זאל זיין דעם קעניג'ס וואונש, וועל איך פאר איהם קריגען די שעהנסטע מיידעל פון ישראל... זייערע טעכטער זיינען אלע שעהנע, און איך וועל שוין זעהן קריגען א יונגע שעהנע מיידעל, וועלכע וועט דיין הארץ ערפרעהען.

— ווי עס ווייזט אויס, קענסטו נאך ניט גאנץ גוט די קעניגין — האט יבין געשמייכעלט.

— זי וועט זיין צופרידען, אז דער קעניג וועט איהר נאך האלטען פאר זיין קעניגין.

— פונדעסטוועגען וואלט איך זעהר גערן געוואלט אנקוקען יעל'ן, איך וויל זעהן וואס פאר א געשמאק דו האסט — האט יבין געזאגט.

— איך וועל זי ברייגגען אין פאלאץ אזוי שנעל ווי זי וועט צושטימען מיט מיר צו הייראטען — האט סיסרא איהם געענטפערט — זי איז זעהר אן ערהליכע פרוי און זי וויל זיכער זיין איידער זי געהט נאך אמאל הייראטען, אז איהר מאן איז טויט. און זי האט מיר געזאגט, אז זי וועט ווארטען נאך איינינגע וואכען.

## 15טער קאפיטעל
## די מלחמה

אין דעם שבט אפרים, אויף דעם הר אפרים זיינען אנגעקומען די שלוחים פון יבין, דעם קעניג פון חצור, און אין נאמען פון זייער קעניג פארלאנגט פון די עלטסטע פון שטאדט, אז זיי זאלען ארויסגעבען דבורה'ן די נביאה אין זייערע הענט, ווייל יבין וויל איהר משפט'ן פאר דעם וואס זי רופט דעם אידישען פאלק צו אן אויפשטאנד געגען דעם קעניג פון חצור.

אין שטאדט איז געווארען א טומעל און א באוועגונג.

— האט איהר געהערט די חוצפה פון דעם קעניג פון חצור, ער האט שוין דערגרייכט אויך ביז אונזער שבט! — האט אן עלטסטער זיך אפגערופען צו עטליכע אידען — ער פארלאנגט פון אונז גאר א קלייניגקייט, מיר זאלען ארויסגעבען אונזער באליעבטע נביאה צו איהם.

דבורה האט אונז אבער שוין פון לאנג געווארענט, אז ניט נאר וועט יבין זוכען אונטערצודריקען און ערנידעריגען די שבטים, וואס גרענעצען זיך מיט זיין לאנד, נאר ער וועט געהן ווייטער, נאך טיעפער און וועט אויך אונזער שבט דערגרייכען.

— נו, געלויבט איז גאט, אז עס איז געלונגען דבורה'ן צו פאראייניגען כמעט אלע שבטים. די יונגע ליוט זיינען געגרייט אויף איהר רוף, און איך גלויב, אז מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען.

— און וואס האט מען געטהאן?

— מיר האבען די שלוחים פארהאלטען, און דערווייל געשיקט אנזאגען דבורה'ן וועגען דעם.

— מיר וועלען די שלוחים טויטען!

— האט איינער אויסגערופען מיט צארן

— זיי האבען אונז גענוג צרות אנגעטהאן.

— זיי מוזען באלד געטויטעט ווערען!

— האבען איינינגע יונגע ליוט זיך געלאזען אין דער ריכטונג, וואו יבין'ס שלוחים זיינען געווען.

— מיר וועלען הערען וואס דבורה האט צו זאגען וועגען דעם — האט אן עלטסטער אפגעהאלטען די צוהיצטע יונגע ליוט.

ווען מען האט דבורה'ן אנגעזאגט וועגען די שלוחים פון חצור, האט זי אויסגערופען:

— יעצט איז געקומען די צייט ארויסצוגעהן מלחמה האלטען מיט זיי. זאלען אלע שלוחים פארשפארט ווערען אין געפענגענים, זאלען דארט פארהאלטען ווערען ביז נאך דער מלחמה.

דבורה האט צוזאמענגערופען פופציג באוואפענטע יונגע ליוט און איז מיט זיי אוועק צודעם פלאץ, וואו יבין'ס שלוחים זיינען געווען. זי האט געהייסען די באוואפענטע יונגע ליוט וואר

טען אין דרויסען ביז וואנען זי וועט זיי געבען א סיגנאל, און אליין איז זי מיט עטליכע זקנים אריין אין דעם פלאץ, וואו יבין׳ס שלוחים האבען געווארט.

— וואס איז אייער פארלאנג? — האט דבורה זיך צו זיי אפגערופען.

— און ווער ביזטו? — האט איינער פון די שלוחים געפרעגט.

— איך בין דבורה!

— אה — האט יענער מיט א שמייכעל געענטפערט — זיי האבען דיך געבראכט צו אונז. דו וועסט מיט אונז געהן צו אונזער קעניג... איך בין זיכער, אז ווען דער קעניג וועט דערזעהן, אז דבורה די נביאה איז אזא שעהנע פרוי, וועט ער דיר קיין שלעכטעס ניט טהאן... און דער קעניג האט ליעב שעהנע פרויען.

— איך געה מיט אייך! — האט דבורה זיך צו זיי אפגערופען — קומט!

די שלוחים האבען צווישען זיך שטילערהייט דורכגעשמועסט, און דבורה האט פארשטאנען וואס זיי ריידען און זיך אפגערופען צו זיי:

— עס איז ניט נויטיג... זעהט איהר דען ניט, אז איך בין פרייוויליג געקומען צו אייך, און ווען איך וואלט געהאט בדעה צו אנטלויפען, וואלט איך דאך אנטלאפען איידער איך בין צו אייך געקומען.

— גוט! — האט דער הויפט פון די שלוחים געזאגט — אונזערע וועגענער מיט די קנעכט ווארטען אויף אונז נעבען שטאדט, , וועט זי שוין זיצען אין וואגען, וועלען מיר זיין זיכער, אז זי וועט ניט אנטלויפען.

— פיליכט נארען אונז די אידען נאך אמאל אפ, ווי זיי האבען עס געטהאן צו סיסרא׳ן? — האט איינער אריינגעשושקעט דעם צווייטען אין אויער.

— איז דיזע פרוי די ריכטיגע דבורה?

— האט זיך דער הויפט געווענדעט צו די צוויי גבעונים, וועלכע זיינען מיטגעגאנגען מיט יבין׳ס שלוחים.

די גבעונים האבען זי גוט באטראכט און נאכהער זיך אפגערופען:

— יע, זי איז די ריכטיגע דבורה, מיר האבען איהר געזעהן אין קדש און געהערט ווי זי האט גערעדט צו די פארזאמעלטע און זיי געהייסען זיך געגענשטעלען געגען דעם קעניג און זיין גענעראל סיסרא — האט איינער פון די גבעונים געזאגט.

— ווען מיר זיינען געקומען אנזאגען סיסרא׳ן, אז זי געפינט זיך אין קדש, האט ער באדארפט אונז מיטנעהמען איהר צו דערקענען, דאן וואלטען זיי איהם ניט אפגענארט און איבערגעבען א צווייטע פרוי אנשטאט איהר. יע, זי איז די ריכטיגע דבורה. מיר זיינען זיכער אין דעם.

— אויב אזוי, קענען מיר גלייך אפרייזען נאך חצור, דער קעניג וועט אונז באלוינען פאר דעם — האט דער הויפט פון די שלוחים אויסגערופען.

— לאמיר געהן! — האט א צווייטער געזאגט — איך האב אליין ניט געגלויבט, אז אונז וועט אזוי גרינג אנקומען איהר ארויסצוקריגען פון איהר אייגענעם שבט.

— און איך האב אין דעם ניט געצווייפעלט — האט אן אנדערער געזאגט — וואלטען זיי דען געקענט דערלאזען, אז סיסרא זאל חרוב מאכען זייער גאנצע לאנד און פארניכטען אלע שבטים צוליעב איין פרוי.

— דו ביזט גערעכט! — האט דבורה זיך צו איהם אפגערופען, און קוים איינגעהאלטען איהר שמייכעל — איך אליין וואלט שוין אזא זאך ניט דערלאזען — יעצט האף איך וועט זיך שוין דער קעניג בארוהיגען און וועט שוין מעהר ניט אזוי שווער אונטערדריקען מיינע ברידער...

— סיסרא וועט בלויז נאך אייניגע באשטראפען. יע, די וועלכע האבען אפגענארט — האט דער הויפט מיט צופרידענהייט געזאגט — ווי נאר מיר וועלען דיך ברייינגען צו דעם קעניג, דאן וועט סיסרא ארויספאדערען פון דער שטאדט קדש אויך ברס׳ן, דעם זוהן פון

אבינעם, וועלכער איז דער הויפּט פון יענער שטאָדט, און די איבעריגע שולדיגע, און לאָמיר דיר זאָגען, אז די עלטסטע פון דיזער שטאָדט האָבען זעהר קלוג געטהאָן, ווען זיי האָבען דיך גליך איבערגעגעבען אין אונזערע הענט, ניט מאכענדיג פאר אונז קיינע שוועריגקייטען. דערפאר וועלען מיר ראטען דעם קעניג ניט ארויפצולייגען קיין צו גרויסע צינזען אויף דיזער שטאָדט.

יביז'ס שלוחים האָבען אנגענומען דבורה'ן פאר איהר האנט און מיט איהר ארויס פון דעם פארזאמלונגס הויז.

— איך וואָלט געראטען מען זאָל איהר בינדען די הענט! — האָט איינער פון די גבעונים זיך אָפּגערופען ווי נאָר זיי זיינען ארויס אין דרויסען — וואָס וועלען מיר טהאָן, ווען זי אנטלויפט.

— איך גלויב, אז דו ביזט גערעכט!

— האָט א צווייטער אויסגערופען און ארויסגענומען א שטריק.

— בינדט מיר! — האָט דבורה אויסגעשטרעקט איהרע הענט.

דער מאַן מיט די שטריק איז צוגעגאנגען צו דבורה'ן און איהר גענומען בינדען די הענט. פּלוצלונג האָבען זיי באמערקט, ווי זיי זיינען ארומגערינגעלט געוואָרען פון באוואפענטע אידישע יונגע לייט.

— וואָס באדייט עס? — האָט דער הויפּט פון די שלוחים זיך אָפּגערופען דערשראָקען.

— דאָס באדייט, אז איהר מוזט וואָס שנעלער אונז געבען אייערע שווערדען און דער יעניגער, וועלכער וועט זיך ריהרען פון אָרט, וועט געטויטעט ווערען.

דבורה האָט זיך באפרייט פון די שטריק און האָט אויסגערופען:

— זאָלען אלע געבונדען ווערען און פארשפּארט אין תפיסה, און מיר וועלען געהן צו די טויערען פון שטאָדט. דאָרטען וואַרטען די קנעכט און די וועגענער אויף די שלוחים, אויך יענע מוזען ארעסטירט ווערען.

די אידישע יונגע לייט האָבען גלייך ענטוואָפענט די צידונים און די צוויי גבעונים, וועלכע זיינען מיט זיי מיטגעגאנגען.

— מיט דעם וואָס איהר באהאנדלעט אונז אזוי, וועט איהר ברענגען אן אונגליק אויף אייער גאנצען לאנד! — האָט דער הויפּט פון די שלוחים זיי גענומען ווארנען. דער גענעראל סיסרא וועט אויף אייך ארויס מלחמה האלטען, און ווען ער וועט אריין אין שטאָדט מיט זיינע ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען, וועט פון יענע שטעדט בלייבען א וויסטעניס.

— אונזערע עלטערען האָבען בייגעקומען מעכטיגערע פעלקער ווי די צדונים! — האָט איינער פון די אידישע יונגע לייט איהם געענטפערט — און מיר האָפען צו אונזער גאָט, אז ער וועט סיסרא'ן און די איבעריגע רשעים פון זיין לאנד איבערגעבען אין אונזערע הענט.

נאָכדעם ווי מען האָט פון די שלוחים צוגענומען זייערע שווערדען און אנדערע וואפען, האָט מען זיי געבונדען און אוועקגעפיהרט אין תפיסה.

— יעצט לאָמיר געהן און נעהמען די איבעריגע! — האָט דבורה געזאָגט.

זיי זיינען אוועק צו די טויערען פון שטאָדט און גלייך ארומגערינגעלט די וועגענער מיט די קנעכט, וועלכע האָבען געוואַרט אויף די שלוחים. זיי האָבען אלעמען אוועקגענומען, אויסער איינעם, וועלכער איז גראדע געווען אוועק אויף א ווײלע.

— וואו איז דער מאַן פון דיזען וואָגען? — האָט דער אידישער אָנפיהרער געפרעגט די איבעריגע קנעכט.

— ער געפינט זיך דאָ ניט ווייט!

— האָבען די קנעכט געענטפערט מיט צושראָקענהייט.

— אָט איז ער! — האָט איינער אָנגעצייגט אויף א קנעכט, וועלכער האָט זיך גענומען צוריקקעהרען צו די איבעריגע קנעכט.

איינינע אידישע יונגע לייט האָבען זיך גענומען נאָכיאָגען נאָך איהם, אבער

ער איז פאַרשוואונדען געוואָרען. זיי האָבען איהם געזוכט אומעטום, און ווען זיי האָבען איהם ניט געפונען, האָבען זיי זיך אומגעקעהרט צו דבורה'ן.

— ער מוז זיך געווים אויסבאהאַלטען ערגעץ וואו! — האָבען זיי איהר באַריכטעט, — ווייל עס איז אונמעגליך, אַז דער קנעכט זאָל אַזוי שנעל קענען אַנטלויפען פון דאַנען.

— יעצט מוזען מיר זיין געגרייט, ווייל ווי נור יבין וועט אויסגעפינען וואָס מיר האָבען געטהאָן צו זיינע שלוחים, וועט ער שיקען סיסראַ'ן מלחמה צו האַלטען מיט אונז.

דבורה האָט אַרויסגעשיקט שלוחים איבער די נאָהענטע שבטים, אַז זיי זאָלען זיך גלייך פאַרזאַמלען אין דער שטאָדט הר אפרים.

אין איינינע טעג זיינען אָנגעקומען טויזענדע יונגע לייט, וועלכע האָבען געשטאַמט פון די שבטים בנימין, מנשה און יששכר.

— מיר וועלען זיך פאַראייניגען מיט ברק'ס מחנות אין דער שטאָדט קדש! — האָט דבורה אויסגערופען, און איז פאַראויס געריטען אויף אַן אייזעל.

די טויזענדע באַוואָפענטע יונגע לייט זיינען איהר נאָכגעגאַנגען. זיי האָבען מיט זיך גענומען וועגענער מיט שפייז און וואָפען. דבורה האָט זיי באַגייסטערט און ערמונטערט.

— גאָט וועט אונז שיקען אַ ישועה! — האָט זי אויסגערופען צו די סאָלדאַטען, ווען זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט — מיר האָבען פון סיסראַ'ן זיך גענוג אָנגעליטען... דער סוף פון די רשעים איז נאָהענט.

די איינוואוינער פון די שטעדט און שטעדטלאַך דורך וואַנען די אידישע אַרמעע האָט דורכגעמאַרשירט, האָבען אַרויסגעטראָגען שפייז און וואַסער פאַר זיי און זיי האָבען זיי געוואונשען גליק.

---

ברק האָט פאַרזאַמעלט אַרום צעהן טויזענט שטאַרקע יונגע לייט פון די שבטים נפתלי און זבולון. ער האָט זיי אַלעמען פאַרשפּראָכען, אַז דבורה די נביאה קומט אָן מיט אַ גרויסע אַרמעע פון די איבעריגע שבטים און דאָס האָט אַלעמען ערמונטערט. יעדער, וועלכער האָט געהאַט פאַרבאָרגענע וואָפען האָט עס יעצט אַרויסגענומען און עס איבערגעגעבען צו ברק'ן.

אין דער פינסטערניס פון דער נאַכט האָט ברק מיט זיינע מענשען אַריינגעמאַרשירט אין דער שטאָדט קדש.

ברק האָט באַפוילען צו היטען דעם אַרויסגאַנג פון שטאָדט.

— ווי ווייט מעגליך, וועלען מיר דאַרפען זעהן, אַז דער שונא זאָל זיך ניט דערוויסען פון מיין אַרמעע ביז וואַנען מיר וועלען זיך האָבען פאַראייניגט מיט די מחנות פון דבורה'ן — האָט ברק אָנגעזאָגט די שומרים פון שטאָדט — אין קדש דאַרפען זיך געפינען פיעלע גבעונים, פאַר וועלכע מיר דאַרפען זיך היטען. און ווען איהר וועט באַמערקען, אַז אַ גבעוני וויל פאַרלאָזען די שטאָדט, זאָלט איהר איהם גלייך טויטען.

— מיר וועלען טהאָן ווי אונזער האַר זאָגט! — האָבען די שומרים געענטפערט.

ברק איז אַריינגעקומען צו זיין פאָטער און איהם איבערגעגעבען, אַז ער האָט פאַרזאַמעלט אַ גרויסע אַרמעע און ער וואַרט עס אויף דבורה'ן.

— זאָל דיר גאָט בענשען, מיין זוהן!

— האָט אבינעם געזאָגט — איך זעה פאַראויס אונזער גרויסען זיעג. זאָל נאָר גאָט געבען, אַז קיין שלעכטס זאָל ניט געשעהן צו דיין שוועסטער שרה'ן.

— ווי איך פאַרשטעה, ווייס סיסרא ניט ווער שרה איז, און דאַריבער בין איך זיכער, אַז ער וועט ניט זוכען זיך נוקם צו זיין אָן איהר. און ווען גאָט וועט געבען און מיר וועלען זיי מנצח זיין, וועלען מיר באַפרייען שרה'ן און יאוש'ן.

— אַ, ווי גליקליך מיר וועלען זיין, אויב גאָט וועט אונז העלפען און מיר וועלען אַרונטערוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון יבין'ען — האָט אבינעם גע־

זאָגט — עס איז שוין צייט, אז מיר זאָלען געהאָלפען ווערען.

— מיר וועלען מיט גאָטעס הילף דיזען מאָל מנצח זיין דעם שונא — האָט ברק געזאָגט — יעל האָט סיסרא׳ן אין איהר מאכט, און זי וועט אין דעם ארויסהעלפען. דערצו וועט יואש שוין זעהן איבערצוגעבען יעל׳ן די אלע סודות פון סיסרא׳ס פּלענער. ער וועט אונז קענען לאָזען וויסען וואו די ארמעע איז אם שטארקסטען, און אויך וואו די נײַן הונדערט אייזערנע רייטוועגען געפינען זיך.

— פאר די אייזערנע רייטוועגען האָב איך שטארק מורא! — האָט אבינעם אויסגערופען — זייער גאנצע מאכט ליגט אין דעם.

— דאריבער וועל איך זעהן צו פארזאמלען די גרעסטע טייל פון אונזער ארמעע אויף דעם בארג תבור — האָט ברק געזאָגט — די אייזערנע רייטוועגען זיינען נאָר גוט אויף דעם גלייכען לאנד, אָבער אויף די בערג זיינען זיי ניט נאָר נוצלאָז, נאָר אויך א שטערונג צו דער באוועגונג פון די מחנות.

— אָ, ווען דער רשע סיסרא זאָל נאָר האָבען די ערשטע מפּלה, דאַן וואָלט שוין מעהר ניט שווער געווען! — האָט אבינעם געזאָגט.

— און וואו איז ח־ר? — האָט ברק געפרעגט — איך וויל זיך מיט איהם זעהן.

— ער איז נאָך באהאלטען אין דעם זעלבען פּלאַץ. איך ברינג איהם שפּייז און וואסער, און קיינער ווייס ניט וואו ער געפינט זיך.

— איך וועל אריבערגעהן צו איהם און איהם זאָגען, אז מיר איז געלונגען צונויפזאמלען צעהן טויזענד מענשען און אז דבורה קומט אויך אָן מיט א גרויסע ארמעע. דאָס וועט איהם זיכער דערפרעהען.

ברק איז אוועק צו דעם פּלאַץ, וואו חבר איז געווען באהאלטען און ער האָט איהם איבערגעגעבען אלעס וואס ער האָט אויפגעטהאָן.

— איך זעה, אז זיין סוף איז נאָהענט!
— האָט חבר מיט פרייד אויסגערופען
— און איך האָב ערהאלטען א בריעף פון יעל׳ן, אז זי האָט געמאכט סיסרא׳ן צו גלויבען, אז די עמלקים האָבען מיך גענומען געפאנגען אָהן זיין וויסען. דערוויל וועט ער מיך מעהר ניט זוכען.

— ווי אזוי האָט זי דיר איבערגעשיקט דעם בריעף? — האָט איהם ברק געפרעגט — זי האָט געדארפט זיין זעהר פאָרזיכטיג.

— זי האָט געשיקט דעם בריעף דורך איהר נייע דיענסט רחל, וואָס סיסרא האָט איהר געשאָנקען — האָט חבר געזאָגט — און רחל איז געווען צוזאמען מיט נאָך א דינסט פון יעל׳ן. יע, אויף רחל׳ן האָט זי זיך זיכער געקענט פארלאָזען.

— מיר זיינען געגרייט, מיין פריינד!
— האָט ברק אויסגערופען — איך גלויב אז די טעג פון סיסרא זיינען געצעהלטע און אז אין גיכען וועסטו זיך קענען פריי באוועגען און זיין פאראייניגט מיט דיין ווירדיגער פרוי.

---

סיסרא און יבין האָבען נאָך אלץ מיט גרויס אונגעדולד געוואַרט אויף דעם צוריקקעהר פון די שלוחים פון דעם לאנד פון שבט אפרים.

— איך קען ניט פארשטעהן פארוואָס זיי זאמען זיך אזוי לאנג? — האָט יבין זיך אָפּגערופען צו סיסרא׳ן. — איז עס מעגליך, אז די אידען וואגען צו ענטזאגען מיין פארלאנג?

— אָה ניין — האָט סיסרא געענטפערט — זיי וויסען גאנץ גוט, אז ווען דבורה וועט ניט איבערגעגעבען ווערען אין דיינע הענט, דאַן וועלען זיי אלע, פון קליין ביז גרויס, אויסגעקוילעט ווערען. איך וועל קיין רחמנות ניט האָבען אויף זייערע פרויען און אויף זייערע קליינע קינדער... זייער גאנץ לאנד וועל איך פארפליצען מיט זייער בלוט! איך וועל זיי ציינען מיין מעכטיגע האנט!

— מעגליך, אז זיי וועלען מאכען א

צווייטען פאַרזוך אָפּצונאַרען די שלוחים — האָט יבין געזאָגט.

— דיזען מאָל האָב איך שוין ניט דערלאָזען, אז זיי זאָלען מיך קענען אָפּנאַרען. די צוויי גבעונים, וועלכע זיינען צום ערשטען מאָל צו מיר געקומען און גע׳מסור׳ט, אז דבורה העצט אויף די אידען, און אז זי געפינט זיך אין קדש, האָב איך מיטגעשיקט מיט די שלוחים די גבעונים וועלען זיי שוין זאָגען אויב די פרוי, וועלכע זיי גיבען איבער אין דיינע הענט, איז די ריכטיגע דבורה.

— מיין האַר קעניג! — איז אין פּאַלאַץ אַריינגעקומען אַ לייב־וועכטער און זיך פאַרנייגט פאַר יבין — אַ קנעכט, וועלכער איז געשיקט געוואָרען צוזאַמען מיט די שלוחים, האָט זיך נאָר וואָס צוריקגעקעהרט און האָט זעהר וויכטיגעם מיטצוטהיילען.

סיסרא איז אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ.

— איז ער איינער אליין?

— יע. ער שיינט צו זיין זעהר דערשראָקען און צוטומעלט.

— זאָל ער וואָס שנעלער אַריינקומען! — האָט יבין בעפוילען.

דער קנעכט איז אַריינגעקומען און איז געפאַלען מיט דעם פּנים צו דער ערד.

— אַ, מעכטיגער קעניג! — האָט ער אויסגערופען, און זיך גענומען טרייסלען פון שרעק.

— וואָס האָט פּאַסירט? שנעלער, דערצעהל מיר! — האָט יבין אויסגערופען.

דער קנעכט האָט זיך אויסגעגלייכט. זיינע קליידער זיינען געווען צוריסען, זיינע האָר צושויבערט און ער האָט קוים געקענט אָפּכאַפּען דעם אטהעם.

— איך בין דער איינציגער וואָס איז געבליבען פון דעם קעניג׳ס קנעכט, — האָט ער סאָפּענדיג געזאָגט — ווי עס ווייזט אויס, האָבען די אידען פון שבט אפרים אַרעסטירט אַלע שלוחים פון קעניג, און נאָכהער אַרוים הינטער׳ן שטאָדט און גענומען אַרעסטירען אויך די איבעריגע קנעכט. ווען איך האָב עס פון ווייטען דערזעהן, האָב איך גענומען לויפען. מען האָט זיך גענומען נאָכיאָגען נאָך מיר, און מיר איז געלונגען זיך אויסצובעהאַלטען און יעצט בין איך דער איינציגער וואָס קען אָנזאָגען דעם קעניג די טרויעריגע בשורה, אז די אידען וועלען ניט אויספאָלגען דעם באַפעהל פון מיין האַר קעניג.

— איז עס מעגליך אז זיי האָבען געוואָגט שלעכטעס צו טהאָן מיינע שלוחים? — האָט יבין אויסגערופען — אויב אזוי וועל איך זיי מוזען לאָזען פיהלען מיין מאַכט.

סיסרא האָט אַרויסגעצויגען זיין שווערד פון דער שייד און האָט אויסגערופען מיט צאָרן:

— איך שווער ביי די געטער פון חצור, אז איך וועל מאַכען אַ סוף צו דעם גאַנצען אידישען פּאָלק! קיין איינציג לעבעדיגען נפש וועל איך ניט איבערלאָזען. בלויז זייערע שעהנע פרויען וועל איך נעהמען אין געפאַנגשאַפט און זיי אָפּגעבען אלס אַ בעלוינונג צו מיינע בראַווע סאָלדאַטען.

גערה, מיין בראַווער גענעראַל! — האָט יבין זיך צו איהם געווענדעט און זאָלען די געטער פון חצור דיך העלפען און דו זאָלסט זיי בעזיעגען אין דער יעצטיגער מלחמה ווי דו האָסט עס געטהאָן פריהער.

— דו מעגסט זיכער זיין, מיין גנעדיגער קעניג — האָט סיסרא אויסגערופען — אז אין אַ קורצע צייט וועסטו זיין קעניג איבער גאַנץ ארץ ישראל פון דעם שבט נפתלי ביז דעם שבט יהודה. און אויב די שבטים פון דעם אנדערען זייט ירדן וועלען קומען צו הילף זייערע ברידער, וועל איך אויך זיי פאַרניכטען!

— ווער קען דאָס זיין דער פיהרער פון די אידען? — האָט יבין איהם געפרעגט.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז דבורה איז די גאַנצע אָנפיהרערין. און אַ, ווען זי זאָל אַריינפאַלען אין מיינע הענט.

— עס איז דאָך אָבער אונמעגליך אז

א פרוי זאל וואגן צו פיהרען אן ארמעע.

— צוליעב דעם, גלויב איך, איז זי געקומען אין קדש, זי האט געוואוסט געוואלט אז ברק זאל ווידער ווערען דער פיהרער פון דער ארמעע. יעצט פארדריסט מיר שוין וואס איך האב ברק'ן געלאזט לעבען. איך האב דאך איהם געקענט טויטען צו יעדער צייט.

— מעגליך אז ער געפינט זיך נאך אין קדש! — האט יבין געזאגט — און דאן דארפסטו די ערשטע זאך ברייגען איהם א געפאנגענעם און לאזען איהם טויטען.

— איך וועל אזוי טהאן, מיין הארר קעניג — האט סיסרא אויסגערופען— איך וועל זיין טויטען קערפער הייסען ארומטראגען אויף א שפיען, כדי די איבעריגע אידישע סאלדאטען זאלען זעהן און זיך שרעקען אנצופאנגען מיט מיר. איך וועל גלייך ארומרינגלען די שטאדט קדש און אויסקוילענען אלע איינוואהנער.

— מעגליך אז ברק איז אוועק פון שטאדט!

— דאס וועלען מיר קענען אויסגעפינען ביי דער פרוי וועלכע האט זיך פארשטעלט אלס דבורה — האט סיסרא געזאגט — זי דארף וויסען אויב ברק געפינט זיך אין קדש. און אויב ער איז פון דארטען אוועק מוז זי געוויס וויסען וואוהין ער איז געגאנגען.

יבין האט בעפוילען מען זאל ארויסנעהמען שרה'ן פון געפענגנים און איהר ברייגען צו איהם.

ווען מען האט שרה'ן אריינגעפיהרט אין פאלאץ האט איהר הארץ גענומען קלאפען. זי איז געווען זעהר בלאס און צושראקען. זי האט געוואוסט אז קיין גוטעס וועט דערפון ניט ארויסקומען פאר איהר פון איהר יעצטיגען בעזוך אין פאלאץ.

— קום צו נעהנטער! — האט יבין אויסגעשריען צו איהר.

שרה איז צוגעגאנגען מיט וואקלענדע טריט און האט זיך פארנייגט.

סיסרא האט נאך געהאלטען זיין ארויסגעצויגענעם שווערד אין זיין האנט און ער האט זיך געווענדעט צו שרה'ן:

— דו האסט דאך זעהר געקענט ברק'ן! זאג מיר דעם אמת, פארלייקען גאר נישט פון מיר, ווייל אויב איך וועל אויסגעפינען אז דו זאגסט מיר א ליגען, וועל איך מיט דיעזען שווערד דיין קאפ ארונטערהאקען! האסטו ברק'ן געקענט?

— יע, מיין הארר! — האט שרה געענטפערט מיט א ציטערענדע שטימע. ברק איז מיין ברודער!

— דיין ברודער! — האט סיסרא אויסגערופען — אויב אזוי ווייסטו דאך געוויס וואו ער געפינט זיך יעצט. זאג מיר שנעלער האט ער געהאט בדעה צו פערלאזען קדש אין דער צייט ווען דבורה די נביאה איז דארט געווען.

—יא, מיין האר, ער האט מיר געזאגט אז ער וועט אוועקגעהן צוזאמען מיט דבורה'ן צו איהר געבורטס־שטאדט.

— יעצט פארשטעה איך שוין פאר וואס מען האט דארטען אזוי בעהאנדעלט אונזערע שלוחים! — האט סיסרא אויסגערופען, — ברק איז אין דעם שולדיג. ער איז דארטען געווען בעת זיי זיינען אנגעקומען, און דאס האט ער געוואלט זיך אן זיי נוקם זיין צוליעב זיין שוועסטער.

— און יעצט ,אויב איך וועל זיך דערוויסען אז ער האט געטהאן שלעכטעס צו מיינע שלוחים, וועסטו מיט דיין לעבען בעצאהלען — האט יבין זיך געווענדעט צו שרה'ן.

— וואס בין איך שולדיג, אויב עפעס האט דארט אזוי וויט פאסירט? — האט שרה זיך אפגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען.

— דו קענסט דיין אייגענעם לעבען ראטעווען! — האט סיסרא איהר געזאגט. דו שרייב אן א בריעף צו דיין ברודער אז דו געפינסט זיך אין א געוויסען פלאץ, און ער זאל דיר קומען ארויסראטעווען. ווען ער וועט קומען

וועל איך איהם נעהמען געפאַנגען און דו וועסט זיין בעפרייט.

— אַ ניין. ווי אַזוי קען איך טהאָן אַזא זאַך? ווי אַזוי וועל איך קענען פאַראורזאַכען דעם טויט פון מיין אייגענעם ברודער?

— אויב דו וועסט דאָס ניט טהאָן וועסטו נישט נאָר פאַרלירען דיין אייגענעם לעבען, נאָר אויך די לעבענס פון דיין גאַנצער משפּחה און אַלע איינוואוינער פון דער שטאָדט קדש. ווייל אויב דו וועסט מיר גלייך ניט פאָלגען, וועל איך אויף מאָרגען ארומרינגלען קדש און זי אונטערצינדען און אַלע וועלען דאָרט אומקומען מיט פייער. און די וועלכע וועלען אַנטלויפען פון פייער וועלען געטויטעט ווערען דורך מיין שווערד. יעצט טהו ווי דו פאַרשטעהסט!

— דיינקסטו אַז ברק וועט גלויבען דעם בריעף און קומען צו יענעם פּלאַץ? האָט יבין געפרעגט זיין גענעראַל.

— איך וויל אַז זי זאָל שרייבען איהר ברודער ברק׳ן אַז זי איז אַ דיענסט צו יעל׳ן די פרוי פון חבר דער קיני, און אויב ער וועט קומען מיט געלד וועט ער איהר קענען אויסלייזען. דאַן וועט ער געוויס גאַר ניט חושד זיין און ער וועט אַהין קומען. איך וועל שוין האָבען דאָרטען מיינע בעאַמטע און סאָלדאַטען און ווי ער וועט זיך נאָר דאָרטען בעוויזען, וועלען זיי איהם פאַנגען און ברייגנען צו מיר.

ווען שרה האָט דערהערט סיסרא׳ס לעצטען פּלאַן, האָט זי זיך בערוהיגט. אויב זי וועט איהם שרייבען אַז זי איז אַ דינסט ביי יעל׳ן וועט ער זיך גלייך כאַפּען אַז דאָס איז אַ ליגען, ווייל יעל האָט איהם שוין געוויס אַלעס דערצעהלט, און אויסער דעם וויים ער דאָך אַז פון יעל׳ן דאַרף ער איהר נישט אויסלייזען.

— איך וועל טהאָן ווי מיין האַר פאַרלאַנגט — האָט שרה געענטפערט — איך וועל דעם בריעף שרייבען, ווייל די לעבענס פון פיעלע אומשולדיגע מענשען זיינען פיעל מעהר ווערטה ווי דאָס לעבען פון איין איינציגען מענשען אפילו ווען ער איז מיין ברודער.

— אַט יעצט רעדסטו מיט שכל! — האָט סיסרא איהר געזאָגט, און ער האָט גלייך געהייסען ברייגנען אַ פּאַרמעט מיט אַ פעדער און שרה האָט אָנגעשריבען פאָלגענדען בריעף צו ברק׳ן:

— „מיין געטרייער ברודער, ברק:

סיסרא, דער הויפּט גענעראַל פון דעם קעניג יבין האָט מיך פאַרקויפט פאַר אַ דינסט צו יעל׳ן די פרוי פון חבר דעם קיני. עס איז מיר זעהר שלעכט ביי איהר, ווייל זי צווינגט מיר צו טהאָן אַלע שווערע ארבייט און דערצו ווער איך נאָך געשלאָגען. האָב רחמנות אויף מיר און קום גלייך אַהין מיר אויסצולייזען פון איהרע הענט. ברייגנג מיט זיך פיעל געלט, ווייל יעל האָט פאַר מיר אַ סך בעצאָהלט, און זי וועט מיך זיכער נישט וועלען באַפרייען אויב דו וועסט איהר נישט אָנבאָטען אַ סך מעהר געלד ווי זי האָט פאַר מיר בעצאָהלט.

דיין אומגליקליכע שוועסטער
שרה".

סיסרא האָט געהייסען אַריינקומען איינעם פון די אָנגעשטעלטע פון פּאַלאַץ וועלכער האָט אויך געקענט די שפּראַך פון די עברים, און ער האָט עס איבערזעצט אין דער צידונישער שפּראַך.

— דאָס בריעף געפעהלט מיר! — האָט סיסרא אויסגערופען. איך צווייפעל נישט אַז אויב עס וועט איהם דערגרייכען וועט ער גלייך קומען צו יעל׳ן אויסצולייזען זיין שוועסטער, און דאַן וועט ער זיין אַ געפאַנגענער. ער וועט אַריינפאַלען אין מיין נעץ, און מיט ברק׳ס קערפּער אויף אַ שפּיעז וועט אַ שרעק אָנפאַלען אויף אַלע אידען און מיר וועלען קיין שוועריגקייטען נישט האָבען איינצונעהמען זייער לאַנד.

— נישט נאָר ביזטו בראַוו און העלדיש, סיסרא! — האָט יבין צו איהם געזאָגט — אָבער דו ביזט אויך אויסערגעוועהנליך קלוג. דיין פּלאַן האָט געפונען חן אין מיינע אויגען. און דערוי־

בער פארשפרעך איך דיר אז ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען פון דער מלחמה זיעגרייך, וועסטו זיין נישט בלויז מיין הויפט גענעראל, נאר אויך מיין הויפט מיניסטער. ווייל איך זעה אז דו בעזיצט מעהר חכמה ווי מיין יעצטיגער הויפט מיניסטער. יעצט זאג מיר סיסרא דורך וועמען וועסטו שיקען דיעזען בריעף ? אויב דו וועסט שיקען דורך א צדוני וועלען זיי דאך צו איהם טהאן אזוי ווי זיי האבען געטהאן צו די פריהעריגע שלוחים.

— איך האב נאך א פלאן, — האט סיסרא אויסגערופען. — איך האב א שקלאף וועמען איך האב שוין לאנג גענומען געפאנגען פון ישראל. ער איז מיר זעהר געטריי און אויך איבערגעגעבען. ער האט זיך שוין צו מיר צוגעוואהנט און איך קען איהם אנפערטרויען מיט די שליחות.

— איך ווייס ניט אויב עס וועט זיין ווינשענסווערטה אנצופערטרויען א ישראל מיט אזא וויכטיגע שליחות — האט יבין זיך אפגערופען.

— איך וועל איהם אנזאגען אז אויב איך וועל דערגעהן אז ער האט מיך פארראטהען, וועל איך טויטען שרה'ן וועלכע האט דיעזען בריעף געשריבען און איך וועל חרוב מאכען דאס גאנצע אידישע לאנד. איך צווייפעל ניט אז ער וועט מיר אויך דיעזען מאל געטריי זיין.

— פילייכט זאל מען שיקען נאר איינעם מיט איהם ? — האט יבין געזאגט.

— דאן וועט ברק אנפאנגען חושד צו זיין. ער וועט פארשטעהן אז זיין שוועסטער וועט ניט שיקען אזא געהיימען בריעף דורך צוויי שלוחים — האט סיסרא געענטפערט — מיין האר דער קעניג קען זיך אויף מיר פארלאזען. איך וועל שוין וויסען ווי אזוי צו פארזיכערען אז מיינע פלענער זאלען דורכגעפיהרט ווערען.

סיסרא האט געשיקט רופען זיין שקלאף יואש'ן און פאר דעם קעניג אין די אויגען האט ער איהם איבערגעגעבען שרה'ס בריעף.

— איך פארלאנג פון דיר, אז דו זאלסט אוועקפיהרען דיעזען בריעף צו ברק'ן, וועלכער ווי איך פארשטעה געפינט זיך אין דעם הר אפרים. דו וועסט איהם דארפען זאגען אז דו ביזט איינער פון יעל'ס דינער, און אז זיין שוועסטער האט דיך געשיקט צו איהם און אז זי פארלאנגט פון איהם א תשובה, אויב זי קען האפען דאס ער וועט קומען. געדענק יואש, איך טרוי דיך אן זעהר א וויכטיגע שליחות, און אויב דו וועסט מיר פארראטהען, וועל איך טויטען אט דיעזע פרוי — האט ער אנגעציינט אויף שרה'ן און ווען איך וועל מלחמה האלטען מיט די אידען וועל איך דיר אויך ארייכקריגען און דאן וועסטו דיין שטראף בעקומען. שווער מיר צו אז דו וועסט זיך צוריקקעהרען צו מיר.

— איך שווער ! — האט יואש אויסגערופען — איך זוך נישט קיין פרייהייט ווייל מיין האר בעהאנדעלט מיר זעהר גוט. ווען ער שלאגט מיר, ווייס איך אז איך האב עס פארדינט. און כאטש מיט עטליכע יאהר פריהער האב איך געוואונשען צו זיין פריי, יעצט אבער בין איך מעהר צופריעדען צו זיין מיט מיין האר און איך וועל זיך אומקעהרען.

סיסרא האט איבערגעגעבען יואש'ן דעם בריעף און האט איהם נאך אמאל אנגעזאגט אז ער זאל נישט פארגעסען צו זאגען אז ער איז א דינער פון יעל'ן, כדי ברק זאל גלויבען אלעס וואס עס שטעהט אין בריעף.

שרה האט די גאנצע צייט איהרע אויגען נישט ארונטערגענומען פון יואש'ן איהר מאן. איהר הארץ איז אנגעפיהלט געווארען מיט האפנונג און פרייד. עס וועט נאך קומען א צייט ווען זיי וועלען ווידער פאראייניגט ווערען. זי ווייס אז דבורה און ברק גרייטען זיך צו א מלחמה, זאל זיי גאט שיקען א הילף. פון יעל'ן האט זי זיך דערוואוסט וועגען אלע פלענער, און יעצט אז זי זעהט אז

סיסרא האט אזוי פיעל צוטרויען צו איהר מאן, ווערט נאך איהר האפנונג שטארקער.

יואש האט אריינגעליינט שרה'ס בריעף אין זיין בוזים קעשענע און ער האט זיך פערניינט און באלד פערלאזען דעם פאלאץ.

שרה'ן האט מען צוריק געפיהרט אין געפענגנים צו ווארטען ביז וואנען יואש וועט זיך צוריקקעהרען.

---

עס איז שוין געווען שפעט אין אבענד, די זון איז שוין אונטערגעגאנגען. ברק און זיינע צעהן טויזענד סאלדאטען זיינען געווען פארזאמעלט אין דער שטאדט קדש. די שומרים פון שטאדט האבען קיינעם נישט ארויסגעלאזען און ניט אריינגעלאזען אין שטאדט.

עטליכע טעג איז ברק געווען מיט זיינע סאלדאטען אין שטאדט. ער האט זיי געאיבט ווי צו קעמפפען. זיי האבען געשאסען די פיילען אין ציעל. און אלע האבען מיט גרויס אומגעדולד געווארט צו הערען פון דבורה'ן.

אין דער דונקעלהייט פון אבענד, האבען די שומרים פון דרויסען פון שטאדט בעמערקט א פיגור פערביישלייכענדיג.

איינינע פון די שומרים האבען דאס בעמערקט און גלייך ארויסגעצויגען זייערע שווערדען און געלאפען אין יענער ריכטונג.

— ווער ביזטו ? ! — האבען זיי שטרענג א פרעג געטהאן.

— איך בין יואש, ברק'ס שוואגער. איך מוז שנעל אריינקומען אין שטאדט.

— מיר גלויבען דיר נישט ! דו ביזט זיכער א שפיאן געשיקט פון סיסרא'ן— האבען זיי איהם געענטפערט. ברק געפינט זיך ניט אין שטאדט.

— איך בעט אייך ! — האט יואש זיך אפגערופען — זאגט אן ברק'ן אז זיין שוואגער יואש איז דא. ער וועט זיין צופריעדען מיך צו זעהן.

— האבען מיר דען דיר נישט געזאגט אז ברק געפינט זיך יעצט נישט אין שטאדט.

— דען זאגט אן מיין שוועהר אבינעם. איך האב א גרוס פאר איהם פון זיין טאכטער שרה — האט יואש געזאגט.

— פון וואנען זיינען מיר זיכער אז דו ביזט ניט קיין שפיאן ! — האט א שומר זיך צו איהם געווענדעט. מיר האבען א שטרענגען פערזאג קיינעם נישט אריינצולאזען אין שטאדט.

— אפשר איז דאס ריכטיג ! — האט א צווייטער שומר זיך אפגערופען — צוויי פון אונז וועלען מיט איהם מיטגעהן און אויב עס וועט זיך ארויסצייגען אז ער איז א ליגנער וועלען מיר שוין וויסען מיט איהם וואס צו טהאן.

— גוט. מיר מאכען מיט דיר אן אויסנאהם. מיר וועלען שיקען צוויי שומרים מיט דיר אין שטאדט און מיר ווארנען דיר אז אויב עס וועט זיך ארויסווייזען אז דו ביזט א שפיאן, וועסטו שוין מעהר קיין לעבעדיגער פון קדש ניט ארויסגעהן.

— גוט, איך בין גרייט — האט יואש אויסגערופען — אבער זאלען זיי מיט מיר מיטגעהן צו אבינעם'ס וואהנונג.

דער עלטסטער פון די שומרים האט געגעבען א בעפעהל און מען האט אויפגעעפענט א קליינעם אריינגאנג פון טהויער און אריינגעלאזען יואש'ן מיט צוויי שומרים.

די שומרים האבען יואש'ן געהאלטען שטארק ביי די הענט און איהם צוגעפיהרט צו דעם פלאץ וואו ברק איז געווען מיט זיינע סאלדאטען.

— מיין הארץ שרעקט מיך אז אונזער האר ברק זאל אונז ניט בעשטראפען וואס מיר האבען עובר געווען אויף זיין פארזאג און אריינגעלאזען א פרעמדען אין שטאדט — האט איין שומר געזאגט צו אצווייטען.

— מיר האבען גאר ניט וואס צו שרעקען זיך — אויב עס איז א פאלשקייט, וועלען מיר איהם אליין מיט אונזערע שווערדען ערמארדען — האט דער צווייטער געזאגט.

— דו היט איהם מיט דיין בלויזען שווערד און איך וועל לויפען אנזאגען ברק'ן וועגען דעם פרעמדען.

איין שומר האט ארויסגעצויגען זיין שווערד און האט עס געהאלטען נעגען יואש'עס האריץ, אין דער צייט וואס דער צווייטער איז אוועק צו ברק'ן.

— א פרעמדער מאן איז געקומען צו די טויערען פון שטאדט און האט פון אונז פארלאנגט אז מיר זאלען איהם אריינלאזען — האט דער שומר זיך אפגערופען צו ברק'ן.

— און איך האף אז איהר האט דורכגעפיהרט מיין בעפעהל און איהם ניט אריינגעלאזען — האט ברק אויסגערופען.

— ער האט געזאגט אז ער איז יואש, מיין האר'ס שוואגער, האט אונז דער הויפט שומר געהייסען מיט איהם מיטנעהן און אויב דו, מיין האר, וועסט דערקענען אז ער האט געזאגט א ליגען, וועלען מיר איהם גלייך אויפ'ן ארט טויטען.

— יואש, מיין שוואגער! — האט ברק אויסגערופען — וואו איז ער?!

— ער ווארט ביים אריינגאנג פון לאגער.

— שנעלער פיהר מיך צו צו איהם! — האט ברק אויסגערופען.

אין א ווייל'ע ארום איז שוין ברק געשטאנען נעבען יואש'ן און איהם געהאלזט און געקושט.

— מיין טייערער שוואגער! — האט ער אויסגערופען. ווי אזוי איז דיר געלונגען אוועקצוגעהן פון סיסרא'ן?... און ווייסטו וואס מיין שוועסטער מאכט, האסטו זיך מיט איהר געזעהן?

— איך האב דיר זעהר וויכטיגעס איבערצוגעבען — האט יואש געזאגט און זיך ארומגעקוקט.

— קום אריין אין מיין געצעלט, דארטען וועסטו מיר אלעס קענען דערצעהלען אונגעשטערט — האט ברק איהם גענומען אונטער זיין ארעם, — און איהר קענט זיך אומקערען צו אייער פלאץ נעבען די טויערען פון שטאדט.

— האט ער זיך געווענדעט צו די שומרים.

די שומרים האבען זיך א נייג געטאן און אנגעהויבען צו געהן. ברק אבער האט זיי צוריקגערופען און זיך צו זיי אפגערופען:

— גיט איבער דעם הויפט שומר פון שטאדט, אז דיזער מאן קען צו יעדער צייט אריינגעהן אדער ארויסגעהן פון שטאדט, אונגעשטערט.

ברק און יואש זיינען אריין אין געצעלט און יואש האט ארויסגענומען דעם בריעף און איהם געצייגט.

— דאס איז דאך מיין שוועסטער שרה'ס האנטשריפט! — האט ער אויסגערופען מיט שמחה — אבער איך פערשטעה נישט ווי אזוי דאס אלעס האט פאסירט.

— ווי איך פערשטעה — האט יואש געזאגט — איז שרה געוועזען געצוואונגען אויסצוזאגען, אז דו ביזט איהר ברודער אבער זי האט איהם געזאגט, אז דו געפינסט זיך ביים שבט אפרים, און דער קלוגער סיסרא איז געפאלען אויף א פלאן ווי אזוי דיך אריינצונארען. ער ווייס דאך גארנישט פון יעל'ס פריינדשאפט צו דיר און צו דבורה'ן. דעריבער האט ער פערלאנגט פון שרה'ן זי זאל דיר שרייבען א בריעף, אז זי איז א דינסט ביי יעל'ן און דו זאלסט איהר קומען אויסלייזען און דערוויל וועט סיסרא דארט פאר דיר אויסשפרייטען א נעץ.

— אבער ווי קומט עס אז דיזער בריעף זאל אריינפאלען צו דיר אין די הענד?

— דאס איז טאקע א באוויז, אז גאט פיהרט אונז אויף דעם ריכטיגען וועג! — האט יואש געזאגט: — ווערמען קלייבט סיסרא אויס פאר דעם שליח? מיך!

— יעצט, וועסטו פערבלייבען מיט אונז! איך ערווארט דבורה'ן מיט איהר ארמעע. און ווי נאר די ארמעען וועלען זיך פאראייניגען, דאן פאנגען מיר אן די מלחמה מיט סיסרא'ן.

— ניין, איך וועל מוזען זיך אומקע־
רען נאך חצור, ווייל איך האב מורא,
אז ווי נאר ער וועט אויסגעפינען, אז
איך האב איהם פערראטהען, וועט ער
טויטען מיין שרה׳ן... און אויסער דעם,
וועל איך קענען ברייגגען מעהר נוצען,
ווען איך וועל זיך געפינען ביי איהם
און געווינען זיין צוטרוי.

— האסטו געהערט וועגען זיינע
מלחמה פלענער?

— יע, ווי דיר איז שוין בעוואוסט,
האט סיסרא געשיקט שלוחים נאך דעם
בארג אפרים, מיט א פאדערונג, אז די
דארטיגע איינוואהנער זאלען ארויסגע־
בען דבורה׳ן, אבער ווי איין איינציגער
אנטלאפענער פון די שלוחים האט דער־
צעהלט, האבען די דארטיגע אידען
א, עסטירט אלע שלוחים. יבין און סיס־
רא זיינען זיכער אויפגערעגט, און דאס
ווילען זיי דיך ארייננארען, ווייל סיסרא
מיינט אז דו געפינסט זיך אין דעם שבט
אפרים, און דו האסט געזעהן אז מען
זאל דבורה׳ן נישט איבערגעבען אין זיי־
נע הענט. ער גרייט זיך צו מלחמה, און
ער פארלאזט זיך אין גאנצען אויף די
קראפט פון זיינע ניין הונדערט אייזער־
נע רייטוועגען.

— און דעריבער וועל איך זעהן אנ־
צופיהרען די מלחמה אויף דעם בארג
"תבור", דארטען וועט ער גארנישט
קענען אויפטהאן מיט זיינע רייטוועגען.

— מיין עצה וואלט געווען,— האט
יואש געזאגט,—אז דו זאלסט איהם אפ־
נארען. דו זאלסט שיקען א קליינע אפ־
טיילונג צו דעם טייך קישון פון דרום,
דאן וועט סיסרא מיינען, אז דארטען
געפינט זיך דיין גאנצע ארמעע, וועט
ער אנקומען מיט זיינע מחנות, און מיט
די רייטוועגען צו דרום צו, און דערווייל
וועסטו אונגעשטערט קענען ברייגגען
דיינע מחנות צו דעם בארג תבור.

— דיין עצה געפעלט מיר זעהר —
האט ברק געזאגט. — איך וועל דארפען
זעהן, אז דער וועג צו דעם בארג תבור
זאל פריי זיין.

און אויב עס וועט זיין מעגליך פאר
דיר זיך צו זעהען מיט שרה׳ן, זאלסטו
איהר בערוהיגען און זאגען אז די הילף
פון גאט איז נאהענט, און אז איך האב
געהערט, אז איהר זוהן גדעון, איז אין
גוטען צושטאנד. לאמיר האפען, אז די
צייט וועט קומען גאר איינגיכען און
איהר וועט אלע ווידער אמאל פעראיי־
ניגט ווערען.

— ווי גרוים וועט זיין מיין גליק, ווען
דאס וועט געשעהן — האט יואש גע־
זאגט.— איך האב נאך מיין זוהן אפילו
נישט געזעהן, נאר ווען איך האב דער־
זעהן מיין פרוי, שרה אין סיסרא׳ס גע־
צעלט, האט מיר דאס הארץ געזאגט, אז
גאט האט צוגעזעהן מיינע לײדען און
אז די ישועה איז גאר נאהענט.

— יעצט וויל איך דיך פרעגען, יואש,
— האט ברק זיך צו איהם אפגערופען
— אויב דו ווערסט האבען אונז איבער־
צוגעבען עפעס וויכטיגעס פון סיסרא׳ס
מלחמה פלענער, האסטו דען דורך ווע־
מען צו שיקען, אז סיסרא זאל זיך ניט
דערוויסען?

— יע, איך האב אין חצור געקראגען
צוויי גוטע פערטרויענסווערטהע פריינד
דורך וועמען איך האף צו קענען שיקען
געהיימע בריעף צו יעל׳ן און זי וועט
שוין נעווים איבערשיקען צו דיר.

— און ווער זיינען זיי?

— דאס זיינען די צוויי שלוחים ווע־
מען סיסרא האט געוואלט טויטען און
שרה האט זיי געראטעוועט! — האט
יואש געענטפערט. איינעם פון זיי האב
איך געשיקט צו דיר, דו זאלסט איבער־
געבען יעל׳ן און איהר ווארענען וועגען
סיסרא׳ס פלאן איבערצוגעבען איהר
מאן צו די עמלקים. יענע זיינען אזוי
דאנקבאר צו שרה׳ן, אז זיי וועלען
אלעס טהאן פא. איהר. אויסער דעם
זיינען זיי סיסרא׳ס גרעסטע שונאים,
און זיי וואלטען זעהר גערן געוואלט
זעהן זיין מפלה.

— דאך, גלויב איך, אז דו וועסט
דארפען זעהר פארזיכטיג זיין, ווען
סיסרא זאל פון דעם אויסגעפינען, וועט

ער דיך און שרה'ן טויטען. איך גלויב, אז מיט גאט'ס הילף, ווען דבורה'ס ארמעען וועלען זיך פעראייניגען מיט מיינע, וועט שוין סיסרא כאפען זיין מפלה.

— דו וועסט מוזען אנשרייבען א בריעף צו שרה'ן מיט דיין האנטשריפט און איהר לאזען וויסען, אז דו האסט איהר בריעף דורכ'ן שליח ערהאלטען, און אז דו וועסט קומען צו יעל'ן אין עטליכע טעג ארום, איהר אויסלייזען. ווען סיסרא וועט דיזען בריעף איבערלעזען, וועט ער געוויס וועלען אליין זיין ביי יעל'ן, כדי דיך אפצואווארטען מיט זיינע מענשען און דיך פאנגען. דאס וועט איהם דערווייל פערהאלטען נאך אויף עטליכע טעג, און עס וועט דיר געבען א געלעגענהייט זיך בעסער צוצוגרייטען צו דער מלחמה.

— איך גלויב נישט, אז אין אזא צייט וועט סיסרא אוועקגעהן צו יעל'ן — האט ברק געזאגט. — אבער איך האף צו גאט, אז אפילו ווען ער זאל גלייך ארויסגעהן מלחמה האלטען מיט אונז, וועט אונז גאט שיקען זיין הילף... ער וועט זיך דאך געוויס ניט ריכטען אויף אזא גרויסער ארמעע. ער וועט געוויס מיינען, אז יעצט האב איך אזא קליינע ארמעע ווי דאן, מיט יאהרען צוריק, ווען מיר האבען דעם אונגליקליכען שריט געמאכט, און ער האט אונזער ארמעע צושלאגען און דיך אין געפאנגענשאפט גענומען.

— ווען סיסרא וועט האבען אן אויסרייד צו זיין ביי יעל'ן, מעגסטו זיכער זיין, אז ער וועט אזא געלעגענהייט גיט דורכלאזען — האט יואש געזאגט. — ער וועט געוויס אהין קומען דיך אפצוווארטען און דיין בריעף וועט דאך איהם נאך מעהר צוטומלען, אפילו ווען אימיצער זאל קומען און איהם אנזאגען אז דו האסט פערזאמעלט אן ארמעע, וועט ער עס נישט נעמען ערנסט, ער וועט זיך טראכטען, אז אט באלד, באלד וועסטו אריינפאלען אין זיינע הענט...

— זאג מיר יואש, איילסטו זיך אוועקצוגעהן? — האט איהם ברק געפרעגט.

— ניין, איך קען דא נאך פערבלייבען ביז איבער נאכט, און מארגען גאנץ פריה וועל איך די שטאט פערלאזען. איך וויל אז סיסרא זאל מיינען, דאס איך האב דיך בעגעגענט נעבען בארג אפרים, און אז איך וועל קומען פריהער, וועט ער געוויס חושד זיין, אז דו געפינסט זיך נישט ווייט פון דאנען.

— אויב אזוי, מוזטו גלייך מיט מיר געהן צו מיין פאטער'ס הויז. קענסטו זיך פארשטעלען די שמחה פון מיין פאטער און מוטער, ווען זיי וועלען דיך דערזעהן?

יואש און ברק זיינען אוועק צו אבינעם אין הויז.

— דו ווארט דא אונטער א ווייל— האט ברק זיך אפגערופען.

— די פלוצליכע איבערראשונג ווען זיי וועלען דיך דערזעהן, קען נאך אויף ביידען ווירקען שלעכט. איך וועל דעריבער אריינגעהן אפריהער און זיי דערצוצוגרייטען.

ברק איז אריין אין הויז און אבינעם האט איהם גלייך בעגעגענט מיט דער פראגע:

— נו, מיין זוהן, האסטו שוין בעקומען א ידיעה פון דבורה'ן?

— נאך נישט פאטער — האט ברק געענטפערט. עס איז בלויז א פראגע פון א טאג אדער צוויי. איהרע ארמעען וועלען גאר אין גיכען אנקומען אין קדש... מיר דארפען דאנקבאר זיין צו גאט, ער פיהרט אונז אויף דעם ריכטיגען וועג... איך האב נאר וואס געהאט א גרוס פון דיין טאכטער, שרה'ן.

— פון שרה'ן? — האט אבינעם אויסגערופען. — און וואס מאכט זי?

ברק'ס מוטער, וועלכע איז געוועזן אין צווייטען צימער, איז גלייך אריינגעקומען און דערהערענדיג אז מען דערמאנט דעם נאמען פון איהר טאכטער, איז זי גלייך צוגעלאפען צו איהר זוהן און מיט טרעהרען אין די אויגען געפרעגט:

— זאג מיר דעם אמת מיין זוהן, לעבט זי דען נאך, מיין טאכטער?

— געוויס מוטער — האט ברק איהר געקושט. — פארוואס זאלסטו טראכטען דאס ערגסטע, געלויבט איז גאט... און יעצט אויב דו וועסט זיך וויסען ווי צו בעהערשען, האב איך פאר אייך ביידען נאך א גרעסערע איבערראשונג.

— וואס!? — האט אבינעם מיט זיין פרוי אויסגערופען מיט אמאל.

— אימיצער, זעהר א נאהענטער פריינד פון שרה'ן האט מיר נאר וואס געבראכט א גרוס פון איהר.

— ווער איז ער?

ברק האט א שמייכעל געטהאן.

— אויב איהר וועט זיך בעהערשען, וועל איך איהם באלד צו אייך ברייננען.

— אבער ווער איז ער? — זיינען זיי שוין אומגעדולדיג געווארען.

— געדענקסטו, מוטער, ווען יעל האט דיר דערצעהלט, אז זי האט גערעדט מיט שרה'ס מאן יואש'ן, האסטו נישט געוואלט גלויבען. דו האסט געמיינט, אז מיר האבען געבעטען יעל'ן אזוי דיר צו זאגען, כדי דו זאלסט אויפהערען צו טרויערען און נישט איינמאל נאכדעם פלעגסטו זיפצען און זאגען: גאט ווייסט אויב אונזער איידעם יואש לעבט נאך...

— איך מוז דיר זאגען דעם אמת, אז איך צווייפעל נאך איצט אויך... כל זמן איך וועל מיין טאכטער און מיין איידעם נישט זעהן מיט מיינע אויגען, וועל איך זיך נישט בערוהיגען... איך וועל אייך אלעמען חושד זיין, אז איהר ווילט מיך אפנארען, כדי מיך צו בערוהיגען. מיין טאכטער איז אוועקגענומען געווארען ביי דעם רשע סיסרא, מיין איידעם האט ער געפאנגען... און מיין אייניקעל גדעון איז אויך נישטא... גאט, ווי אזוי וועל איך דאס אלעס קענען אריבערטראגען — האט זיך ברק'ס מוטער פאנאנדערגעוויינט.

— ווארט, מוטער, אט קום איך גליך צוריק. — האט ברק אויסגערופען און איז ארויס אין דרויסען.

באלד איז ער אריינגעקומען מיט יואש'ן.

— דערקענט איהר איהם? — האט ברק זיך אפגערופען צו זיינע עלטערען.

אבינעם איז צוגעגאנגען עטוואס נעהנטער און אויסגערופען מיט פרייד:

— דאס ביזטו, מיין זוהן יואש!

— יע, דאס בין איך — האט יואש איהם ארומגענומען.

— יואש! — האט ברק'ס מוטער אויסגעשריען — געלויבט איז גאט אז איך זעה דיך. זאג מיר, שנעלער, וואו איז מיין טאכטער?

— איך האב איהר געזעהן מיט א טאג צוריק. פרידען איז צו איהר... קיין בייזעס וועט צו איהר נישט געשעהן.

— אבער פארוואס איז זי מיט דיר נישט מיטגעגאנגען? — האט די מוטער איהם געפרעגט.

יואש האט פאר זיי דערצעהלט אלץ וואס עס האט פאסירט, ווי אזוי סיסרא האט איהם אויסגעקליבען צו זיין שרה'ס שליח, כדי ארייצונארען ברק'ן אין זיין נעץ, עס זאל איהם גרינגער זיין ארייצוקריגען דבורה'ן. ער ווייס, אז דבורה און ברק זיינען די הויפט אנפיהרער פון דעם אויפשטאנד.

— ווען סיסרא וואלט געוואוסט, אז שרה איז מיין פרוי, וואלט ער מיר מיט אזא וויכטיגע שליחות נישט געשיקט. מיר האבען ביידע געוואוסט ווי אזוי צו האנדלען, אז סיסרא זאל נישט האבען דעם מינדסטען חשד אז איך און שרה געהערען זיך אן איינער מיט דעם צווייטען. איצט וועט ברק אנשרייבען דעם ענטפער און איך וועל סיסרא'ן ברענגען דעם בריעף. ער וועט דאס זיכער ציינען שרה'ן, זי זאל דערקענען אויב דאס איז די האנטשריפט פון איהר ברודער, און דאן וועט ער זיכער זיין אז ער וועט קענען פאנגען ברק'ן אין יעל'ס רשות.

די גאנצע נאכט האט יואש פארבראכט מיט ברק'ן און זיין משפחה. ער האט זיי דערצעהלט פילע פון זיינע אי־

בערלעבונגען, ווי אזוי סיסרא האט צו איהם געקראגען אזוי פיעל צוטרויען.

— דאס האב איך צו פארדאנקען יעל'ן — האט יואש צוגעגעבען. זי האט פאר מיר דעם וועג אויסגעטראטען. זי האט סיסרא'ן געזאגט, אז פון אלע זיינע קנעכט בין איך דער קלוגסטער און אז מען קען זיך אויף מיר פארלאזען. אין דער זעלבער צייט פלעגט זי מיר אנפארטרויען מיט איהרע בריעף צו סיסרא'ן.

—מיר וואונדערט זיך ווי אזוי סיסרא קאן נישט פארשטעהן, אז יעל און איהר מאן זיינען אונזערע בעסטע פריינט און אז זי שפייט אויס א נעץ פאר איהם.

— מעגליך אז סיסרא איז טאקע א שטארקער מאן, אבער שכל האט ער זעהר ווינציג. דערצו איז ער נאך א גרויסער בעל תאוה, און עס איז גארנישט שווער איהם צו פארדרעהען זיין קאפ... בפרט אין דער צייט, ווען ער האט יעל'ן אזוי ליעב, ער וועט איהר אלץ גלויבען.

— און דעריבער דארפען מיר דאנקען דעם באשעפער פון דער וועלט, וואס מיט איין האנט שטראפט ער אונז און מיט דער צווייטער שיקט ער אונז זיין הילף. יעל'ס פריינדשאפט איז גארנישט אפצושאצען אין אזא צייט. זי וועט אונז זעהר פיעל נוצען ברענגען— האט ברק געזאגט.

— איך וועל געהן ארייגרופען חבר'ן איהר מאן, וועלכער איז ביי אונז באהאלטען שוין עטליכע טעג. ער וועט זיך אויך זעהר פרעהען, ווען ער וועט דיך דערזעהן.

ווען חבר איז אריינגעקומען האט איהם יואש דערצעהלט, ווענען דעם איינפאל אפצונארען סיסרא'ן, אז די עמלקים האבען איהם גענומען געפאנגען. און איצט האט ער זיך איינגערייסען מיט דעם קעניג עמלק.

ווען עס האט אנגעהויבען טאגען, האט יואש געבעטען ברס'ן אנצושרייבען דעם בריעף.

ברק האט אנגעשריבען דעם פאלגענדען בריעף:

"מיין ליבע שוועסטער שרה:

"דיין בריעף וואס דו האסט צו מיר געשיקט דורך דיין שליח, האב איך דערהאלטען. איך בין געווען זעהר צופרידען אז דו געפינסט זיך, אלס א דינסט, ביי יעל'ן, די פרוי פון חבר דעם קיני. איך האב געהערט, אז זי איז א גוטהארציגע פרוי, פיליכט וועט זי צושטימען צו נעמען פאר דיר אויסלייזגעלט. איך וועל קומען אין עטליכע טעג ארום מיט א סך געלט, און איך האף אז דו וועסט גאר אין גיכען באפרייט ווערען. איצט געפין איך זיך אין דבורה'ס שטאדט, הר אפרים, אבער נאך מארגען וועל איך די שטאדט פארלאזען און אוועקגעהן קיין צעננים, דיך אויסצולייזען. זיי נישט באזארגט מיין שוועסטער, דיין פרייהייט איז געזיכערט.

דיין ברודער ברק."

ברק האט איבערגעגעבען יואש'ן דעם בריעף, און איידער די זון איז אויפגעגאנגען האט ברק איהם ארויסבאגלייט דורך דעם טויער פון שטאדט.

---

נאכדעם ווי סיסרא האט אוועקגעשיקט יואש'ן מיט אזא וויכטיגע שליחות, האט איהם דאס שטארק פארדראסען, זיין מוטער האט איהם שווער געמאכט דאס הארץ.

— איך קען דיר נישט פארשטעהן מיין זוהן, ווי אזוי דו קענסט אנפערטרויען א אידישען שקלאף מיט אזא סוד, ווייסטו דען נישט, אז יואש וועט בשום אופן נישט דערלאזען, דו זאלסט פאנגען איינעם פון די אידישע פיהרער. איך בין זיכער, אז דיין שקלאף וועט זיך מעהר צו דיר נישט צוריקקעהרען. ער וועט זיך אנשליסען אן דער אידישער ארמעע און וועט נאך קעמפען געגען דיר.

— פאר די לעצטע עטליכע יאהר האט מיר מיין שקלאף יואש אזוי געטריי געדינט. ע ר איז מיר געוועזן אי־

בערגעגעבן מיט זיין ליב און לעבן. דו מיינסט, מוטער, אז אזוי שנעל האב איך געקראגן צוטרויען צו איהם. איך האב זיך פריהער גוט איבערצייגט אין זיין עהרליכקייט. און אפילו יעל, וועלכע וועט איינגיכען ווערען מיין פרוי, האט אויך צו איהם געקראגן צוטרויען און מיר איהרע וויכטיגע סודות געשיקט.

—און דו מיינסט מיין זוהן, אז דאס וואס ער איז עטליכע יאהר געווען דיין שקלאף, האט ער שוין אינגאנצען אן זיין פאלק פארגעסען?... ער האט אויף אזא געלעגענהייט געווארט שוין לאנג, און איצט האסטו איהם אליין אזא געלעגענהייט געגעבען.

—ער וויים, אז די געפאנגענע שרה איז אין מיין רשות, און איך האב איהם געווארענט, אז אויב ער וועט נישט צוריקקומען וועל איך איהר טויטען און איך בין זיכער, אז ער וואלט נישט געוואלט, אז דורך איהם זאל די אידישע פרוי, וועלכע האט זיך געאפפערט פאר דבורה'ן, זאל געטויטעט ווערען.

— דו ביזט געווען צו גוט צו די אידישע שקלאפען, און ווען דו האסט געזעהן א שעהנע אידישע פרוי האסטו זיך אינגאנצען פארלארען, מיין זוהן. — האט איהם זיין מוטער געשטראפט — דו דארפסט נישט פארגעסען, אז די אויגען פון גאנצען לאנד קוקען אויף דיר... און די צייט איז שוין נישט וויים. ווען דו וועסט טראגען די קרוין... יבין אליין ציטערט זעהר פאר דיין מאכט, און האסטו דען נישט באמערקט ווי ער זוכט דיר צופרידענצושטעלען מיט אלץ. דו האסט געדארפט זיין מעהר פארזיכטיג, סיסרא. פארוואס האסטו זיך ניט בעראטען מיט מיר איידער דו האסט אוועקגעשיקט דיין אידישען שקלאף מיט אזא וויכטיגע שליחות.

—איך זעה, אז איך האב זיך באנארישט — האט סיסרא זיך אפגערופען — און דעריבער וועל איךווארטען ביז'ן אווענט און ווען יואש וועט זיך נישט צוריקקעהרען וועל איך מארגען אין דער פריה שרה'ן אויפהענגען אין מיטען שטאדט, זאלען אלע זעהן ווי אזוי איך באשטראף איין אידען פאר די זינד פון א צווייטען.

סיסרא איז אוועק אין פאלאץ און האט יבין'ען איבערגעגעבען זיין באשלום.

—איך וועל מוזען איינמאל פאר אלע מאל אנלערנען אלע מיינע אידישע שקלאפען מיט א בריעף פון שרה'ן געטריי און עהרליך צו מיר! — האט סיסרא אויסגערופען — איך האב געשיקט יואש'ן, איינעם פון מיינע אידישע שקלאפען מיט א בריעף פון שרה'ן צו איהר ברודער ברק, ווי דיר איז שוין באקאנט, און לויט מיין חשבון האט זיך יואש געדארפט אומקערען היינט צוריק און איצט איז שוין אווענט און ער איז נאך נישטא. איך בין איהם איצט חושד אז ער האט מיך פארראטען און איז אינגאנצען אנטלאפען פון מיר. דעריבער האב איך באשלאסען אויפצוהענגען שרה'ן, כדי עס זאל זיין א ביישפיל פאר אלע מיינע שקלאפען, אז מיר מוז מען פאלגען.

— איך גיב דיר מיין ערלויבעניש, דו קענסט טאן מיט איהר וואס דו ווילסט — האט דער קעניג זיך אפגערופען.

—איך וועל זעהן, אז די תליה זאל געשטעלט ווערען אין מיטען שטאדט, כדי אלע זאלען צוזעהן ווי אזוי די פרוי, וועלכע האט אונז נישט לאנג צוריק גענארט, ווערט איצט געהאנגען.

ווען די נאכט איז צוגעפאלען, איז סיסרא אוועק צו דער תפיסה וואו שרה איז געזעסען, און זיך צו איהר אפגערופען:

— דער אידישער שקלאף, וועמען איך האב דיין בריעף איבערגעגעבען, האט מיר פארראטען. ער האט זיך אין גאנצען נישט צוריקגעקערט, און איך האב איהם אנגעזאגט, אז אין פאל ער וועט נישט דורכפיהרען מיין שליחות, וועסטו דארפען ליידען. איצט, אז איך בין איבערצייגט, אז ער וועט שוין מעהר נישט קומען וועסטו דעריבער מארגען גאנץ פריה, געהאנגען ווערען.

— א, מיין האר! — האט שרה אויסגעבראכען אין א געוויין—ער וועט זיכער קומען! ער וועט מיין האר נישט פאראהטען. מעגליך, אז עס האט פאסירט עפעס אין וועג, וואס עס האט איהם פארהאלטען. אבער ער וועט זיכער דיין שליחות דורכפיהרען.

—אויב ער איז שוין ביז איצט ניט געקומען וועט ער שוין מעהר נישט קומען — האט סיסרא מיט א צינישען שמייכעל געזאגט — און דעריבער וועסטו שוין מארגען געהאנגען ווערען. סיידען דו וועסט קריגען אן אנדער וועג ווי אזוי ארייננצוקריגען דיין ברודער... אבער איך זעה, אז דאס איז אוממעגליך, און דעריבער בין איך דיר געקומען אנזאגען, אז מארגען וועסטו געהאנגען ווערען.

סיסרא איז ארויס און שרה איז פארבליבען אליין מיט איהרע טרויעריגע געדאנקען. איהר לעבען איז איצט אין גדוים געפאהר... פיליכט האט מיט איהם עפעס פאסירט און ער וועט ניט קענען קומען אין צייט. דער רשע וועט זיך איצט נוקם זיין אן מיר.

די גאנצע נאכט האט שרה מתפלל געווען צו גאט.

— א, הארציגער פאטער, גאט פון אונזערע אבות, דו האסט מיך ביז איצט באשיצט. טהו פון מיר דיין חסד נישט אפ אויף ווייטער און שיק מיר דיין הילף. באשיץ מיין מאן עס זאל מיט איהם קיין בייזעס נישט געשעהן. זאל ער קומען אין צייט און ראטעווען מיין לעבען, כדי איך זאל נאך קענען זוכה זיין צו זעהן די ישועה וואס דו וועסט שיקען צו מיין אומגליקליך פאלק. איך זאל זוכה זיין זיך צו זעהן מיט מיין זוהן גדעון און מיט מיינע עלטערען. א מעכטיגער גאט, דערבארעם זיך איבער מיר און העלף מיר אין דער צייט פון מיין נויט!״

עס האט אנגעהויבען צו טאגען. עטליכע ליכטיגע שטראלען האבען זיך ארייננגעריסען אין דער פינסטערער תפיסה. שרה׳ס טרויער האט זיך פארשטארקט. באלד, באלד, וועט שוין נעמען א סוף צו אלץ. דער ביטערער טויט דערנענטערט זיך... זי הערט טריט. די טיהר פון געפענגענים עפענט זיך און צוויי באאמטע קומען אריין. זיי ריידען קיין ווארט נישט אוים. זיי נעמען איהר אן פאר די הענט און פיהרען איהר ארויס פון געפענגנים. די זון אין דרויסען האט געלויכטען און געווארעמט. אבער פאר שרה׳ן איז אלץ פינסטער געווארען... זיינען דאס איהרע לעצטע מינוטען?...

פון ווייטען באמערקט זי סיסרא׳ס קארעטע. זי זעהט ווי ער קומט ארויס מיט זיין מוטער. אט געהט ער צו צו איהר.

— דו דארפסט נישט זיין אזוי באַזארגט — האט סיסרא זיך צו איהר געווענדעט מיט א שמייכעל—עס וועט שוין לאנג נישט דויערען און דו וועסט זיך באגעגענען מיט אלע דיינע נאהענטע און גוטע פריינט, ווייל נאכדעם ווי דו וועסט געהאנגען ווערען, וועל איך פארברענען די שטאדט קדש, וואו דיינע קרובים געפינען זיך און זיי וועלען זיך מיט דיר באגעגענען...

שרה האט אויסגעבראכען אין א היסטערישען געוויין.

סיסרא האט געגעבען א באפעהל צו פיהרען שרה׳ן צו דער תליה.

די באאמטע האבען איהר גענומען פיהרען. א גרויסער המון האט זיך גענומען פארזאמלען.

סיסרא האט זיך ארייננגעזעצט אין זיין קארעטע צוזאמען מיט זיין מוטער און ער האט געהייסען טרייבען די פערד לאנגזאם.

שרה האט נישט אויפגעהערט צו וויינען. דער קעניג און די קעניגין זיינען אויך מיטגעפאהרען. די איינוואוינער פון דער שטאדט חצור האבען געשטראמט צו דעם פלאץ. יעדער איז נייגעריג געווען צו זעהן ווי די שעהנע אידישע פרוי וועט הענגען.

—דו ווייסט מוטער, — האט סיסרא זיך צו איהר אפגערופען ווען די קארע־

טע האט זיך דערנענטערט צו דעם פלאץ פון דער תליה — מיר פארדריסט זעהר וואס איך האב נישט געשיקט אנזאגען יעל'ן. זי וואלט געווים אויך געהאט פיל פארגעניגען צו זעהן ווי א אידישע פרוי הענגט.

— נישט איין פרוי פון זיי וועסטו פאנגען, ווען דו וועסט אייננעמען גאנץ ארץ ישראל, און דו וועסט איהר דיזען פארגעניגען קענען פארשאפען צו יעדער צייט — האט די מוטער איהם געזאגט.

אפגעשוואכט און האלב פאר'חלש'ט פון וויינען און פון שרעק, איז שרה געבראכט געווארען צו דעם פלאץ פון דער תליה. אלץ איז שוין געווען פארטיג, מען האט בלויז געווארט, אז דער קעניג און סיסרא זאלען צוקומען גאנץ נאהנט און געבען דעם באפעהל.

ווען דעם קעניג'ס קארעטע איז אנגעקומען האט זיך געהערט א ווילדער פרייד־געשריי פון המון. יעדער האט מיט גרויס אומגעדולד געווארט צו זעהן ווי מען וועט שרה'ן אויפהענגען.

סיסרא האט געגעבען א וואונק צום תליון און יענער האט גענומען צופיהרען שרה'ן צו דער תליה. איהרע געוויינען און געבעטען זיינען געפאלען אויף טויבע אויערען. שרה איז געווען אזוי אפגעשוואכט, אז זי האט זיך נישט געקענט ריהרען פון ארט. מיט דער הילף פון א צווייטען באאמטען האט מען שרה'ן צוגעפיהרט צו דער תליה.

— גאט, איך גיב מיין נשמה איבער אין דיינע הענט — האבען שרה'ס ליפען שטילערהייד געמורמעלט.

פלוצלונג האט זיך געהערט א געשריי, און אלע האבען אומגעדרעהט די קעפ. און מען האט דערזעהן יואש'ן רייטענדיג אויף א פערד, וואס איז געלאפען אזוי שנעל ווי א בליץ.

סיסרא איז שנעל ארוים פון זיין קארעטע און האט געגעבען א באפעהל די תלינים צו ווארטען.

— מיין האר — איז יואש צו איהם צוגעלאפען און געפאלען אויף זיינע קניע

— איך האב דיין באפעהל דורכגעפיהרט, אט איז א בריעף פון ברק'ן, ער וועט זיכער קומען צו יעל'ן איהר אויסלייזען אין עטליכע טעג ארום.

ביזטו זיכער, אז דער בריעף איז פון ברק'ן? — האט סיסרא איהם געפרעגט.

— איך שווער צו מיין גאט, אז ברק האט דיזען בריעף געשריבען, און אויב מיין האר וויל זיך אין דעם איבערצייגען, קען ער איהם באווייזען שרה'ן, ברק'ס שוועסטער, זי וועט זיכער גלייך דערקענען זיין האנדשריפט.

יואש האט פאר איהם איבערגעלייענט דעם בריעף.

א צופרידענער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף סיסרא'ס ליפען. ער האט גלייך גענומען דעם בריעף און עס געצייגט צום קעניג.

— זאל מען אהער צוברייגען שרה'ן — האט יבין אויסגערופען — מיר וועלען איהר צייגען דעם בריעף און זעהן צי זי וועט איהם דערקענען. דערנאך וועט זי איהם איבערלייענען און אונז ערקלעהרען וואס דארט שטעהט געשריבען, דאן וועסטו פארגלייכען און זעהן אויב איינער פון זיי נארט דיר.

מען האט גלייך צוגעבראכט די צערשראקענע שרה'ן. יואש האט איהר באטראכט. ער האט באמערקט ווי איהר פנים איז בלאס און איהרע אויגען דרייקען אוים שרעק און אנגסט... פון ווייטען האט ער באמערקט די תליה... ווען ער וואלט נאר אויף א קליינע ווײלע פארשפעטיגט, דאן וואלט שוין זיין ליעבענדע פרוי טויט געווען!...

שרה האט איבערגעלייענט דעם בריעף און דאס ערקלעהרט אזוי ווי יואש.

— ברק איז שוין אין מיינע הענט!

— האט סיסרא מיט פרייד אויסגערופען - - איך וועל אוועקשיקען איינגע פון מיינע בעאמטע צו יעל'ן מיט א קליינער צאהל סאלדאטען און זיי וועלען שוין איהם פאנגען.

דער המון, וואס האט זיך געהאט פארזאמעלט און מיט גרויס נייגעריג־

קיין געוואָרט צו זעהן ווי די אידישע שעהנע פרוי וועט הענגען, איז שטאַרק ענטטוישט געוואָרען, ווען מען האָט האָט זיי געלאָזט וויסען, אז דער מאַן, צוליעב וועמען זי האָט געזאָלט הענגען, איז געקומען אין צייט צו ראַטעווען שרה'ן פון דער תליה.

— נו, מוטער, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? — האָט סיסרא זיך צו איהר אָפּגערופען — איך האָב געוואוסט, אז יואש איז מיר א געטרייער שקלאַף און ער וואָלט מיך ניט פאַרראַטען אפילו, ווען איך וואָלט פאַרלאַנגט פון איהם ער זאָל פאַר מיר ברײנגען די קאָפּ פון זיין אייגענעם ברודער, וואָלט ער דאָס פאַר מיר געטהאָן!

— יעצט, אז דו וועסט אריינקריגען ברק'ן — האָט יבין זיך אָפּגערופען צו סיסרא'ן — וועסטו פיליכט דורך איהם קענען קריגען דבורה'ן.

— עס וועט שוין מעהר ניט נויטיג זיין! נאָך אַלעמען וועט דאָך א פרוי ניט קענען פיהרען קיין מלחמות, און אויב ברק וועט אריינפאַלען אין מיינע הענט, וועל איך מעהר קיין שוועריגקייטען ניט האָבען... איך וועל אין עטליכע טעג פאַרניכטען און צושטערען אַלע זייערע שטעדט, ביז וואַנען זיי וועלען קומען און זיך בעטען איך זאָל מיט זיי שליסען שלום.

— דו האָסט מיט דיין טרייהייט און איבערגעבענהייט געראַטעוועט די אידישע געפאַנגענע — האָט סיסרא זיך געווענדעט צו יואש'ן — און אויב איך וועל קריגען ברק'ן, וועל איך דיך אין גאַנצען באַפרייען.

— מיין האַר! — האָט יואש זיך אָפּגערופען — מיט וואָס האָב איך געגען דיר געזינדיגט, וואָס דו ווילסט מיך אוועקשיקען פון זיך... האָב איך דיר דען ניט געטריי געדינט? איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגען, לאָז מיך איבער צו זיין דיין שקלאַף און דיר צו דינען געטריי ווי פריהער.

— ניין, איך וועל דיר ניט צווינגען דו זאָלסט פון מיר אוועקגעהן — האָט סיסרא געשמייכעלט — אויב דו ביזט צופריעדען צו פאַרבלייבען מיט מיר, בין איך דאָך געוויס צופרידען.

סיסרא האָט גלייך אוועקגעשיקט אַן אָפּטיילונג פון עטליכע בעאַמטע און סאָלדאַטען צו יעל'ן, זיי זאָלען וואַרטען אויף ברק'ן און ווי ער וועט דאָרטען אָנקומען, אַזוי זאָלען זיי איהם אַרעסטירען. אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך אוועקגעשריבען א בריעף צו יעל'ן, בעטענדיג, אז זי זאָל אויפהאַלטען זיינע בעאַמטע ביז וואַנען ברק וועט אָנקומען און זיי אַרויסהעלפען.

---

פאַר די קורצע צייט וואָס רחל, וועמען סיסרא האָט איבערגעגעבען צו יעל'ן אנשטאָט שרה'ן, איז געווען מיט יעל'ן, זיינען בײדע פרויען צוגעבונדען געוואָרען איינע צו דער צווייטער.

און כאָטש רחל איז געווען גליקליך, וואָס זי געפינט זיך אין זיכערע הענט, האָט זי דאָך ניט אויפגעהערט צו טרויערען און וויינען. זי האָט שטאַרק געבענקט נאָך איהרע עלטערען און נאָך איהר שוועסטער.

— עס וועט שוין לאַנג ניט דויערען און דו וועסט זיך צוריק פאַראייניגען מיט דיין משפּחה — פלעגט איהר יעל טרייסטען.

— איך בין זעהר באַזאָרגט וועגען מיינע עלטערען! — האָט רחל געזאָגט — ווען זיי וואָלטען נאָר געוואוסט, אז איך לעב און אז איך געפין זיך אין זיכערע הענט, וואָלט איך זיך שוין באַרוהיגט... איך האָב מורא, אז מיין פאָטער און מוטער וועלען דעם צער ניט אריבערטראָגען. יע, אויף דעם זאָרג איך.

— ווייסטו גאָר וואָס, רחל — האָט זיך יעל צו איהר אָפּגערופען — איך וועל שיקען איינעם פון מיינע דינער אָנזאָגען דיינע עלטערען, אז דו ביזט געזונט און דו געפינסט זיך ביי מיר. איך וואָלט דיך אפילו אליין געשיקט, נאָר איך האָב מורא. אז ווען סיסרא וועט קומען צו

מיר און וועט דיך ניט טרעפען, וועט ער מיר נעהמען חושד זיין.

— וועל איך אנשרייבען עטליכע ווערטער און בעטען דעם דינער ער זאל עס איבערגעבען צו מיין פאטער! — האט רחל געזאגט.

— אין דעם ליגט אויך א געפאהר. דו ווייסט דאך, אז סיסרא גרייט זיך צו א מלחמה מיט די אידען, און ווען ער זאל געפינען ביי מיין דינער א בריעף פון דיר צו דיינע עלטערען, וועלען דערפון ארויסקומען זעהר שלעכטע פאלגען. ניין, דאס דארפסטו ניט טהאן, אבער איך בין זיכער, אז ווען דו וועסט מיין דינער אנגעבען עטליכע סמנים, וועט איהם דיין פאטער גלייבען.

יעל האט צוגערופען איינע פון איהרע דינער, און רחל האט איהם אנגעזאגט וואס איבערצוגעבען איהרע עלטערען. זי האט איהם אנגעגעבען דעם נאמען פון דארף, אין וועלכען איהרע עלטערען געפינען זיך.

— איך וועל דיר מיטגעבען אביסעל געלט — האט יעל זיך אפגערופען צו איהר דינער — און אויב עס וועט פאסירען, אז דו וועסט ארייגפאלען צו סיסרא'ן, און ער וועט דיך פרעגען צו ליעב וואס פאר א צוועק דו מאכסט א רייזע צו די אידישע שבטים, זאלסטו איהם זאגען, אז איך האב דיך געשיקט צו קויפען בשמים, וואס ווערט געבראכט פון גלעד. אבער זעה היט דיין צונג, און זאג גארניט וועגען דעם, אז דו ביזט געשיקט געווארען צו רחל'ס עלטערען.

דער דינער האט זיך פארנויגט און מיטנעהמענדיג אן אייזעל און שפייז איז ער אוועקגעפאהרען פון צעננים.

דעם גאנצען טאג איז דער דינער אפגעווען אין וועג. ער האט זיך נאכגעפרעגט אויף יענעם דארף און פארנאכט איז ער דארט אנגעקומען.

ער איז צוגעקומען צו דעם ערשטען הויז, וואס ער האט אין דארף דערזעהן, און ער האט דארט געפרעגט, וואו עס געפינט זיך דאס הויז פון עירא'ן.

— וועלכען עירא'ן? — האט מען איהם געפרעגט.

— עירא, וועלכער האט געהאט א טאכטער מיט'ן נאמען רחל, וועלכע איז געפאנגען געווארען.

— ווייסטו דען, וואס מיט איהר האט פאסירט? — האט מען איהם ארומגערינגעלט.

— איך מוז זעהן איהרע עלטערען!

— האט ער געזאגט.

מען האט איהם גלייך אוועקגעפיהרט צו עירא'ס הויז.

— וואס איז דיין פארלאנג? — האט איהם עירא געפרעגט.

— ביזטו עס רחל'ס פאטער?

— יע, דאס בין איך! — האט ער אויסגערופען — וואס האט מיט מיין טאכטער פאסירט, לעבט זי נאך?

— אה, מיין ליעבע טאכטער רחל!

— האט די מוטער זיך פונאנדערגעוויינט.

— איך ברייגג דיר א גערוס פון איהר!

— וואו געפינט זי זיך? איז זי ניט א געפאנגענע ביי סיסרא'ן?

— יע, זי איז געוועזן געפאנגען ביי סיסרא'ן, אבער ער האט איהר אפגעגעבען פאר א דינסט צו דער גוטהערציגער און נאבעלער פרוי יעל, די פרוי פון חבר דעם קיני. און יעל איז צו דיין טאכטער ווי א מוטער. און אויב דו ווילסט, קענסטו אהין צופאהרען, וועסטו זיך קענען זעהן מיט איהר.

— זאל איך מיטנעהמען געלט איהר אויסצולייזען? — האט עירא איהם געפרעגט.

— עס איז גיט נויטיג, מיין פריינד — האט דער דינער איהם געענטפערט מיט א שמייכעל, ווייל ווי איך פארשטעה האלט יעל דיין טאכטער ניט אלס דיענסט, נאר אלס פריינדין, און ווען דו וועסט וועלען איהר אפנעהמען וועט דיר קיינער ניט שטערען.

— איך פארשטעה ניט — האט עירא געקוועטשט מיט די פלייצעס.

— אה, ווען איך זאָל נאָר קענען זעהן מיין טאָכטער — האָט די מוטער אויסגערופען.

— אויב דו ווילסט קענסטו אהין באלד אוועקפאָהרען, יעל וועט דיך גאַנץ פיין אויפנעהמען.

— עפּעס גלויבט זיך מיר ניט די גאַנצע געשיכטע ! — האָט די מוטער אויסגערופען — אויב עס וואָלט געווען אמת, וואָס דו זאָגסט, פאַרוואָס האָט רחל ניט אָנגעשריבען עטליכע ווערטער צו אונז ?

— דאָס איז אונמעגליך געווען, אָבער איך האָב איינִיגע סימנים, וואָס אייער טאָכטער האָט מיר איבערגעגעבען.

דער דינער האָט זיי איבערגעגעבען די סמנים און ביי זיי איז שוין מעהר קיין צווייפעל ניט געווען, אז ער איז געשיקט געוואָרען דורך רחל״ן צו זיי.

— איך וועל מיט דיר אהין אוועקרייזען ! — האָט עירא זיך צו איהם אָפּגערופען.

— ניין, צוזאַמען קענען מיר ניט רייזען, דאָס דאַרף אין גאַנצען געהאַלטען ווערען בסוד, און ווען מען וועט אונז דערזעהן צוזאַמען, דאַן וועסטו קאַליע מאַכען. איך וועל גלייך אָפּרייזען פון דאַנען, און דו וועסט מאָרגען אין דער פריה אהין אוועקגעהן.

דער דינער האָט שוין געוואָלט אוועקגעהן, אָבער די מוטער מיט איהר טאָכטער האָבען איהם ניט אָפּגעלאָזען.

זיי האָבען געמאַכט פאַר איהם א מאָהלצייט און איהם מיטגעגעבען וואַסער און שפּייז און נאָכהער האָבען זיי איהם באַגלייט ביז הינטער׳ן דאָרף.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה, האָט עירא אָנגעזאָטעלט זיין אייזעל און מיטנעהמענדיג גענוג געלט, טאָמער וועט ער דאַרפען זי אויסלייזען, האָט ער זיך אוועקגעלאָזען נאָך צעננים וואו די געצעלטען פון יעל געפינען זיך.

ווען עירא איז אָנגעקומען אין צעננים, האָט ער זיך גענומען נאָכפרעגען וואו יעל׳ס געצעלטען געפינען זיך.

גראָדע האָט ער געטראָפען איינִיגע פון סיסרא׳ס בעאַמטע.

— דאָס איז ער ! — האָט איינער אריינגעשושקעט דעם צווייטען אין אויער.

— פון וואַנען ביזטו אזוי זיכער ? — האָט איהם יענער געפרעגט.

— זעהסטו נישט אז ער איז א איד. און וואָס טהוט ער דאָ יעצט אויב ער איז ניט געקומען אויסצולייזען זיין שוועסטער ?

— זאָלען מיר וואַרטען ביז וואַנען ער וועט אָנקומען צו יעל׳ן און נאָכהער איהם אַרעסטירען ?

— ניין, מיר טאָרען קיין צייט נישט פערלירען. דער בעפעהל פון אונזער האר איז דרינגענד און וואָס שנעלער מיר וועלען איהם ברייגנען צו סיסרא׳ן אַלץ גרעסער וועט אונזער בעלאָהנונג זיין !

— וועט איהר מיר פיעללייכט זאָגען וואו די געצעלטען פון יעל׳ן געפינען זיך — האָט עירא ווידערהאָלט זיין פראַגע, מיינענדיג אז זיי האָבען איהם צום ערשטען מאָל ניט פאַרשטאַנען.

— און ווי איז דיין נאָמען ? — האָט איהם איינער פון סיסרא׳ס בעאַמטע געפרעגט.

עירא האָט זיך דערמאָהנט וואָס יעל׳ס דינער האָט איהם אָנגעזאָגט אז אַלעס דאַרף געהאַלטען ווערען בסוד, דעריבער האָט ער בעשלאָסען נישט צו זאָגען ווער ער איז.

— פאַר וואָס ענטפערסטו ניט אויף מיין פראַגע, האָט דער בעאַמטער איהם געפרעגט.

— וואָס איז דער אונטערשיעד וואָס מיין נאָמען איז ! — האָט עירא גענומען שטאַמלען, אויב איהר ווייסט ניט וואו די געצעלטען פון יעל׳ן געפינען זיך וועל איך פרעגען אימיצען אַנדערש.

—מיר ווייסען וואו די געצעלטען פון יעל׳ן געפינען זיך, און מיר ווייסען אויך דעם צוועק פון דיין קומען. — און א וואונק געטהאָן צו די איבעריגע.

באַלד האָט עירא בעמערקט אז ער איז

ארומגערינגעלט פון עטליכע פרעמדע מענשען.

— מיר זיינען דיינע פריינד — האט א צווייטער בעאמטער זיך אפגערופען צו איהם, און מיר ווילען דיר ארויסהעלפ־פען. אויב דו וועסט אונז זאגען ווער דו ביזט וועלען מיר טאהן פאר דיר אלעס וואס מיר קענען.

— איך נויטהיג זיך נישט אין קיינע טובות! — האט עירא זיי געענטפערט— אויב איהר ווילט מיר נישט זאגען וואו יעל'ס געצעטלען זיינען, וועל איך שוין אליין אויסגעפינען.

— דו וועסט פון דאנען נישט אוועק־געהן ביז וואנען דו וועסט אונז זאגען ווי דיין נאמען איז! — האט איהם דער ערשטער געזאגט.

עירא האט זיך ארומגעקוקט און דער־זעהן ווי די פרעמדע שטעכען איהם דורך מיט זייערע בליקען.

— זיי זיינען רויבער! — האט ער ביי זיך געטראכט — און קיין ספק נישט קלערענדיג האט ער ארויסגענומען דעם פעקעל געלד און זיי איבערגעגעבען.

— מיר פערלאנגען נישט דיין געלט!

— האט איהם איינער געזאגט — מיר זיינען נישט קיין רויבער, מיר זיינען דיינע גוטע פריינד. און אויב מיר ווע־לען טרעפען דיין נאמען וועסטו צוגע־בען אז מיר האבען רעכט?

עירא האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אויף יא.

— דיין נאמען איז ברק, דער זוהן פון אבינעם.

עירא האט א טראכט געטהאן אז דאס איז א גוטער וועג ווי אזוי זיי אפצו־נארען אז זיי זאלען איהם גאר נישט חושד זיין אז ער קומט אויסלייזען זיין טאכטער, האט ער דעריבער צוגעגעבען מיט א שמייכעל.

— איהר האט געטראפען, מיינע פריינד. יעצט זאגט מיר ווי אזוי ווייסט איהר מיין נאמען?

— מיר ווייסען אפילו צוליעב וועלכען צוועק דו ביזט אהער געקומען — האט איהם א צווייטער געזאגט.

עירא האט די אנגעקוקט מיט ער־שטוינונג.

— דו ביזט געקומען אויסלייזען א פרוי! זאג דעם אמת, האבען מיר גע־טראפען.

עירא האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

— אויב אזוי וועסטו געהן מיט אונז — האט דער עלטסטער פון די בעאמטע זיך אפגערופען — מיר ווייסען וואו דיין שוועסטער געפינט זיך.

— מיין שוועסטער? — האט עירא זיך אפגערופען — ניין. המ... באלד אבער האט ער חרטה געהאט, פאר וואס זאל ער ניט צוגעבען אז זיי האבען רעכט, וועלען זיי דערוויל נישט אויסגע־פינען וועגען זיין טאכטער.

— איהר האט געטראפען! — האט עירא געזאגט — אבער איידער איך געה מיט אייך, וועל איך זיך מוזען זעהן מיט יעל'ן די פרוי פון חבר דעם קיני.

— עס וועט ניט זיין נויטיג זיך מיט איהר צו זעהן האט א בעאמטער זיך אפגערופען און דערווייל עפעס שטי־לערהייט געזאגט א צווייטען.

עירא האט געמאכט א פארזוך אוועק־צוגעהן פון זיי, אבער מען האט איהם נישט געלאזען.

— איך בעט אייך, מיינע פריינד האלט מיך ניט אפ. איך האב דורכגע־מאכט זעהר א לאנגע רייזע און יעצט אז איך האב שוין באלד מיין צוועק ערגרייכט, ווילט איהר מיר פארהאל־טען.

— מיר האבען דאך דיר געזאגט אז דיין שוועסטער וועמען דו זוכסט, וועסטו געפינען, ווען דו וועסט מיט אונז מיט־געהן!

— ניין! איך קען מיט אייך ניט מיטגעהן. אויב איהר וועט דא צו־וואר־טען א ווײלע און איך וועל זיך איבער־צייגען אז זי איז דארטען נישטא, דאן איך וועל איך מיט אייך געהן.

— דו וועסט גלייך מיט אונז געהן!

פון ווייטען האט עירא בעמערקט אנ־

קומענדיג נאָך מענשען. א שטראהל האָפנונג האָט ער געהאַט. מעגליך אז יענע מענשען וועלכע קומען אָן, וועלען איהם ארויסהעלפען. אָבער ווי צוטומעלט איז ער געוואָרען, ווען ער האָט בעמערקט ווי סאָלדאטען דערנעהטערען זיך...

— איהר מאכט א טעות, האָט ער זיך צו זיי געווענדעט. איך בין נישט דער מאן וועמען איהר זוכט.

— אויב דו וועסט ווינציגער ריידען וועט פאר דיר בעסער זיין ! — האָט מען איהם געוואָרענט.

— איך זוך מיין טאָכטער ! איך האָב קיינעם קיין שלעכטעס נישט געטהאָן ! — האָט עירא זיך אָפּגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען.

— פריהער האָסטו געזוכט דיין שוועסטער און יעצט זוכסטו דיין טאָכטער. א ווײַלע שפּעטער וועסטו זוכען דיין אייניקעל... דו וועסט געהן מיט אונז, און דער גענעראל סיסרא וועט דיר אָפּגעבען דיין שוועסטער, דיין טאָכטער און אפילו דיינע אייניקלעך.

— אָ גאָט, העלף מיר ! — האָט עירא אויסגערופען. א שווינדעל איז דאָ בעגאנגען געוואָרען — פארפלוכט זאָל ווערען דער שליח וועלכער האָט מיר גענארט.

— נו, וואס זאָגסטו יעצט ? — האָט זיך דער עלטסטער פון די בעאַמטע אָפּגערופען צו דעם צווייטען אין דער שטיל — מאַך איך דען א טעות ? זעהסטו דען ניט אז יואש דער שקלאַף האָט איהם איבערגעגעבען דעם בריעף פון שרה'ן. איז דען דאס אליין ניט קיין סימן אז ער איז ברק. ער שילט דעם שליח, און זאָגט אז מען האָט איהם אריינגענארט. יע, מיר האָבען געפונען ברקן !

— אָבער אין מיינע אויגען קוקט ער גאָר נישט אוים צו זיין א העלד, וועלכער זאָל זיין בכח צו פיהרען אן ארמעע.

— וואס מיינסטו אז די אידישע העלדען זיינען אזעלכע ווי אונזערע... האָסטו דען נישט געהערט וועגען דבורה'ן ? זי איז דאָך א פרוי, פונדעסטוועגען האלטען איהר די אידען פאר א העלדין.

— לאָמיר געהן אָנזאָגען יעל'ן אז מיר האָבען שוין געפאנגען ברק'ן און זי וועט שוין מעהר נישט דארפען ווארטען.

— אָה ניין, מיר טאָרען קיין צייט נישט פארלירען ! — האָט דער עלטסטער געזאָגט — אונזער האר סיסרא ווארט שוין מיט גרוים אומגעדולד אויף איהם.

— זאָל איינער פון אונז לויפען איהר אָנזאָגען ! אז ניט וועט נאָך סיסרא זיין אין כעס אויף אונז.

זיי האָבען גלייך אוועקגעשיקט א סאָלדאט צו יעל'ן אָנצוזאָגען אז זיי האָבען שוין געפאנגען ברק'ן און אז זי דארף שוין מעהר נישט האלטען איהר אויג אויף איהם.

עירא האָט גענומען בעטען און וויינען אז זיי זאָלען איהם בעפרייען, אָבער די בעאמטע האָבען איהם גלייך געבונדען די הענט און איהם ארויפגעזעצט אויף איינעם פון די אייזלען און זיך געלאָזט אין וועג נאָך חצור.

איידער זיי האָבען דערגרייכט די שטאָדט, האָט זיי דער סאָלדאט וועמען זיי האָבען געשיקט צו יעל'ן אָנגעיאגט.

— נו, האָסטו איבערגעגעבען יעל'ן אז מיר האָבען ברק'ן געפאנגען ? — האָט מען איהם געפרעגט.

— יע, איך האָב איהר אָנגעזאָגט אז זי האָט שוין ניט וואָס צו זאָרגען, איהרע דיענער און קנעכט דארפען שוין נישט זיין געגרייט, ווייל מיר האָבען ברק'ן אָנגעטראָפען אויף'ן וועג און איהם ארעסטירט.

איז זי געווען צופריעדען ? — האָט דער עלטסטער פון די בעאמטע געפרעגט דעם סאָלדאט.

— ווען איך האָב איהר דאס דערצעהלט, איז זי געווען א ווײַלע צוטומעלט. אָבער באלד איז זי צו זיך געקומען און מיר געזאָגט, אז זי איז שטארק צופריעדען.

עירא האט די גאנצע צייט ניט אויפגעהערט צו וויינען, און זיך צו בעטען זיי זאלען איהם אפלאזען און סיסרא'ס בעאמטע האבען פון איהם חוזק געמאכט.

— האט איהר געזעהן א העלד וועלכער וויינט און בעט זיך מיר זאלען איהם אפלאזען...

— ווארט, דו וועסט נאך געהאנגען ווערען! — האט זיך איינער פון זיי א רייץ געטהאן מיט איהם.

עירא'ס געוויין האט זיך פארשטארקט:

— וואס האט איהר צו מיר? איך האב קיין פארברעכען נישט בעגאנגען! איך בין בלויז זיך געקומען זעהן מיט מיין טאכטער.

— אויב דו וועסט ניט אויפהערען צו יאמערען, דו אידישער "העלד", וועל איך דיר באלד געבען צו פארזוכען דעם טעם פון מיין פויסט! — האט דער בעאמטער צו איהם געזאגט.

ווען זיי זיינען אנגעקומען אין חצור, האבען זיי געשיקט צוויי פון זייערע מענשען אנצוזאגען סיסרא'ן אז זיין גרעסטער שונא, ברק, איז געפאנגען און אז זיי קומען אן מיט איהם.

א גליקליכער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף סיסרא'ס פנים, ווען ער האט דאס דערהערט.

— איך געה גלייך אריבער צו דעם קעניג אין פאלאץ, און זאגט זיי אן אז זיי זאלען ברייגנען ברק'ן אין פאלאץ— האט סיסרא זיך געווענדעט צו די שלוחים.

סיסרא איז אריין אין פאלאץ און זיך אפגערופען צו יבין'ען.

— איך האב פאר דיר גוטע נייעס, מיין האר קעניג. די נעץ וואס איך האב געלייגט צו פאנגען ברק'ן איז געוועזען זעהר גוט... ברק איז אהין אריינגעפאלען נאך פריהער ווי איך האב ערווארטעט.

— דו פארדינסט אנערקענונג פאר דיין קלוגשאפט, סיסרא, וואו געפינט זיך יעצט אט דער ברק.

זיי ברייגנען איהם אהער אין פאלאץ!

— האט סיסרא געענטפערט — איך האב זיי בעפוילען אזוי צו טהאן.

באלד האט מען עירא'ן געבראכט א געבונדענעם פאר דעם קעניג און סיסרא'ן.

— אזוי ?! ער איז דאס דער העלד!

— האט יבין א שמייכעל געטהאן— ער האט געוואגט צונויפצוזאמלען אן ארמעע און קעמפפען געגען דיר, סיסרא.

— און מיר האט לאנג נישט גענומען אריינצונארען דיעזען גרויסען העלד אין מיין נעץ — האט סיסרא זיך פאנאנדערגעלאכט. אזוי ווי א טייבעלע איז ער געגאנגען ביז וואנען מען האט איהם געפאנגען.

— איך בין אומשולדיג! איך האב קיין פארברעכען נישט בעגאנגען! — האט עירא געזאגט וויינענדיג.

— ווען דו וועסט מיר ארויסגעבען אלע פלענער פון דער מלחמה און אויך זאגען וואו דבורה די נביאה געפינט זיך און ווי אזוי איך קען איהר קריגען, דאן וועל איך דיר בעפרייען — האט סיסרא זיך צו איהם אפגערופען.

— מיין האר! איך וויים ניט פון וואס צו זאגען — איך בין א פשוט'ער אכר און איך מיש זיך נישט אין אזעלכע זאכען. איך וויים גאר ניט וועגען די פלענער פון דער מלחמה.

— מיט דיין פארלייקענען אלעם וועסטו נאך ערגער מאכען! — האט סיסרא שטרענג א זאג געטהאן — און נישט נאר וועסטו זיך טהאן שלעכטעס, נאר אויך דיין שוועסטער וועט דערפון ליידען.

— מיין שוועסטער? — האט עירא איהם אנגעקוקט — איך האב קיין מאל קיין שוועסטער נישט געהאט.

— דו גלויבסט אז דיר וועט געלינגען אונז צו פארלייקענען אז דו ביזט ברק, איז סיסרא צו איהם צוגעגאנגען.

— ניין, מיין האר. איך בין נישט ברק! — האט ער געענטפערט.

— שיקט אריין מיינע בעאמטע!— האט סיסרא בעפוילען.

— פון וואנען האט איהר געדרונגען אז ער איז ברק? — האט סיסרא דעם עלטסטען געפרעגט.

— מיר האבען איהם באגעגענט ניט ווייט פון יעל'ס געצעלטען — האט דער עלטסטער געענטפערט — ער איז צו אונז צוגעקומען און געפרעגט מיר זאלען איהם ציייגען דעם פלאץ וואו יעל, די פרוי פון חבר דעם קיני איז. איך האב איהם באלד גענומען חושד זיין אז ער איז ברק. איך האב איהם אנגעפאנגען נאכצופרעגען און איך בין דערגאנגען אז ער איז געקומען אויסלייזען זיין שוועסטער. ער האט אפילו פרובירט אפלייקענען זיין נאמען, אבער איך האב געמאכט אז ער זאל זיך מודה זיין אז זיין נאמען איז ברק.

— נו, דארפען מיר דען א בעסערען בעוויז אז ער זוכט אונז אפצונארען!

— האט סיסרא מיט א נצחון שמייכעל זיך אפגערופען צו יבין'ען. די אידען זיינען גרויסע ליגנער און זיי מיינען אז זיי וועלען קענען מיר אפנארען. זיין שוועסטער איז געלונגען אפצונארען, ווייל איך האב זיך פארלאזען אויף זעהר נישט קיין פעהיגען דינער. מעהר אבער לאז איך זיך נישט נארען.

— איך האב דאך דיר געזאגט מיין האר אז איך האב קיין מאל קיין שוועסטער נישט געהאט — מיר זיינען געוועזען דריי זיהן צו אונזער פאטער, און מיין נאמען איז עירא.

— עס פארשטעהט זיך אז יעצט, ווען דו ביזט אין מיינע הענט אריינגעפאלען, ווילסטו פארלייקענען אז דו ביזט ברק, און דו מיינסט אז איך וועל דיר גלייך בעפרייען. אויב אזוי מאכסטו א טעות. איידער איך וועל פון דיר ארויסקריגען אלע דיינע פלענער פון דער מלחמה, וועסטו ניט בעפרייט ווערען. און ווען דו וועסט זיך לאנג לאזען בעטען, וועל איך פריהער טויטען דיין שוועסטער פאר דיינע אויגען, און נאכהער וועל איך דיר אזוי פייניגען ביז וואנען דו וועסט זיך אין אלעם מודה זיין. איך ווייס אז דו ביזט געגאנגען צונויפזאמלען אן ארמעע און דו האסט געוואלט מלחמה האלטען מיט מיר.

— אה ניין, מיין האר! איך בין קיין מאל ניט ארוים ווייטער פון מיין דארף. איך בין אן ערד ארבייטער, איך פיטער מיינע שאף. אבער איך בין א רוהיגער מענש און מיט מיר האט אן אומגליק פאסירט. מיין טאכטער איז גענומען געווארען אין געפאנגשאפט.

— דיין טאכטער, הא? האט סיסרא אויסגערופען — פון א שוועסטער איז ביי דיר א טאכטער געווארען!

— זאל מען אהער ברייננען זיין שוועסטער פון געפענגנים און זאל מען איהר פרעגען וואס דיעזער מאן איז צו איהר — האט דער קעניג בעפוילען.

אין א ווייל ארום איז שוין שרה געשטאנען אין דעם פאלאץ, נעבען קעניג און סיסרא'ן.

— ווער איז דיעזער מאן? — האט יבין זיך געווענדעט צו שרה'ן אנצייגענדיג אויף עירא'ן.

שרה האט איהם בעטראכט און א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס.

— איך ווייס ניט, מיין האר קעניג. איך קען איהם נישט!

— דו דערקענסט ניט דיין אייגענעם ברודער?! — האט סיסרא אויף איהר א געשריי געטהאן.

— ניין, מיין האר, ער איז נישט מיין ברודער! — האט שרה א דרעה געטאן מיט איהר קאפ.

— איז ער דען נישט ברק דער זוהן פון אבינעם? — האט סיסרא ווייטער געשטורעמט. דו זוכסט מיר אפצונארען, ווי דו האסט עס פריהער געטאן.

— מיין ברידער איז נאך יונג און דיזער מאן איז שוין אין די יאהרען! — האט שרה געענטפערט.

— מיר דוכט זיך אז דו מאכסט ווידער א טעות! — האט דער קעניג זיך אפגערופען צו סיסרא'ן — ער קוקט אוים צו זיין צו אלט צו זיין א פיהרער פון אן ארמעע ביי די אידען.

— פון זיין עלטער איז נאך נישט

קיין בעוויז, אז ער איז נישט קיין פיהרער! — האט סיסרא געזאגט — ביי די אידען איז אלעס מעגליך. אויב א פרוי קען ביי זיי ווערען א פיהרערין, קען אן עלטערער מאן דאך געוויס ווערען א פיהרער פון אן ארמעע.

— ווען מען האט שרה'ן געבראכט און איהר פארגעבראכט פאר דיזען מאן האב איך זעהר גוט ביידען בעטראכט... איך האב געזעהן, אז נישט שרה'ס פנים און נישט דער פנים פון דיזען מאן, האבען ארויסגעציינגט סימנים פון איבערראשונג, וואס דאס איז אזוי געוועהנליך אין אזא צייט...

— אבער, מיין האר קעניג, אז ער איז געגאנגען צו יעל'ן זוכען זיין שוועסטער, האט ער דאך אליין מודה געווען! מיינע בעאמטע וועלען דאך נישט אויסטראכטען קיין ליגען! — האט סיסרא געזאגט — און נישט נאר דאס, אבער ער האט זיך פאר אונז מודה געווען אז ער איז ב ר ק.

— האסטו זיך נישט מודה געווען, אז דיין נאמען איז ברק? — האט סיסרא איהם עגפרעגט.

— יא, איך האב נישט געוואלט זיי זאגען ווער איך בין און צוליב וואס איך קום, כדי זיי זאלען מיר נישט שטערען...

— פון וואנען האסטו געוואוסט צו זאגען אז דו ביזט ברק? — האט איהם יבין געפרעגט.

— איך האב גאר נישט געזאגט.

— אבער איינער פון דיזע מענשען האט צו מיר געזאגט, אז אויב ער וועט טרעפען מיין נאמען, וועל איך צוגעבען אז ער האט רעכט. איך האב צוגעשטימט, און ווען ער האט געזאגט אז מיין נאמען איז ברק, האב איך זיך געטראכט, אז איך וועל זיי זאגען יא, און זיי וועלען מיר צורוהה לאזען.

— אבער דו האסט דאך צוגעגעבען אז דו ביזט געגאנגען צו יעל'ן אויסצולייזען דיין שוועסטער.

— ניין, דאס האב איך קיינמאל נישט צוגעגעבען!

— אה, ער איז א ליגנער! — האט דער בעאמטער אויסגערופען. ווען מיר האבען איהם געזאגט, אז ער געהט זוכען זיין שוועסטער, האט ער זיך אפגערופען: אז מיר האבען געטראפען.

— דו האסט מיר געזאגט, סיסרא, האט זיך דער קעניג צו איהם געווענדעט, אז דיין שקלאף האט איבערגעגעבען ברק'ן דעם בריעף, און געוויס וועט ער דאך איהם דערקענען. שיק איהם רופען און לאמיר הערען וואס ער וועט זאגען וועגען דעם.

מען האט גלייך געבראכט יואש'ן, און סיסרא האט זיך צו איהם אפגערופען, אנצייגענדיג אויף עירא'ן

— איז ער דער מאן וועמען דו האסט איבערגעגעבען שרה'ס בריעף?

יואש האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך האב דיזען מאן קיינמאל נישט געזעהן! — האט ער געענטפערט.

— אויב אזוי האסטו מיך גענארט!

— האט סיסרא א געשריי געטאן.

— איך שווער, אז איך האב איבערגעגעבען דעם בריעף אין ברק'ס האנט, און אז ער האט אליין געשריבען דעם ענטפער! — האט יואש אויפגעהויבען זיין רעכטע האנט.

— דו ביזט א ליגנער און א פעררעטער! — האט סיסרא איהם ארונטערגעלאזען א פייערדיגען פאטש, אז יואש איז אומגעפאלען.

שרה האט ארויסגעלאזען א געשריי. זי האט געוואלט צולויפען צו איהר מאן, אבער זי האט זיך בעהערשט.

— שטעל זיך אויף, דו שמוציגער שקלאף! — האט סיסרא ניט אויפגעהערט צו שטורמען.

יואש האט זיך קוים אויפגעשטעלט.

— אויב דיזער מאן איז נישט ברק, פארוואס האסטו איהם געשיקט צו יעל'ן.

— דאס איז דאס ערשטע מאל וואס איך זעה דיזען מאן, מיין האר. — האט יואש אויסגערופען — איך בין זיכער,

אז דער ריכטיגער ברק געפינט זיך יעצט אין יעל'ס געצעלטען.

— זאל מען יואש'ן אריינשפארן אין געפענגנים צוזאמען מיט דיזען מאן און שרה'ן, און איך וועל אליין אריבערפאהרען צו יעל'ן, און אויב איך וועל דערגעהן אז איך בין פון מיין שקלאף גענארט געווארען, דאן וועל איך זיי אלע דרייען מיט מיין שווערד צום טויט שלאגען... איך וועל נישט דערלאזען, אז מען זאל חוזק מאכען פון מיר! — האט סיסרא ארויסגעצויגען זיין שווערד.

— און אויב עס וועט זיך ארויסצייגען אז דיינע בעאמטע זיינען אזעלכע קלוגע, אז זיי האבען אזא טעות געמאכט, וועל איך שוין זעהן, אז זיי זאלען זייער שטראף בעקומען! — האט דער קעניג געזאגט.

מען האט יואש'ן, עירא'ן און שרה'ן פארשפארט אין געפענגנים און סיסרא האט געהייסען איינשפאנען זיין קארעטע און איז אוועק צו יעל'ן.

— ווען ער איז געקומען און מען האט געמאלדען יעל'ן, אז סיסרא איז דא, איז זי צו איהם ארויסגעקומען און מיט א פריינדליכען שמייכעל בעגריסט.

— איך האב זיך שטארק מצער געווען, מיין האר — האט זי זיך צו איהם אפגערופען — איך האב דיין בריעף בעקומען און איך האב געווארט מיט גרויס אומגעדולד אז ברק וועט אהערקומען און איך וועל איהם קענען איבערגעבען אין דיינע הענט. פלוצלונג קומט צו מיר אין געצעלט אריין איינער פון דיינע סאלדאטען און זאגט מיר אז, אז דיינע בעאמטע האבען געפאנגען ברק'ן איידער ער איז צוגעקומען צו מיר. כאטש מיר האט פערדראסען וואס איך האב נישט געהאט די מעגליכקייט דיר צו דינען, בין איך דאך געווען שטארק צופרידען, וואס ענדליך איז דיין גרויסער שונא אין דיינע הענט אריינגעפאלען... איך האב גלייך געהייסען מיינע קנעכט זיך ענטוואפענען און נעהן צו זייער ארבייט. ווי גרויס אבער איז געווען מיין איבערראשונג, ווען אין א קורצער ווילע שפעטער, נאכדעם ווי דער סאלדאט האט מיר אנגעזאגט, אז ברק איז גענומען געווארען אין געפאנגשאפט, קומט אריין א יונגער מאן מיט א בריעף אין האנט און רופט זיך צו מיר אפ:

— מיין שוועסטער שרה האט מיר דיזען בריעף געשריבען, זי פערלאנגט פון מיר, איך זאל איהר קומען אויסלייזען, ווייל זי איז א דינסט ביי דיר.

— און ווער ביזטו? — האב איך איהם געפרעגט.

— מיין נאמען איז ברק און איך בין שרה'ס ברודער. יעצט זאג מיר, וויפיעל אויסלייז געלט פערלאנגסטו און איך וועל דיר געבען, און וועל מיטנעהמען מיין שוועסטער.

— אה, דען איז דער ווירקליכער ברק טאקע געקומען! — האט סיסרא אויסגערופען מיט פרייד — זאג מיר וואו איז ער יעצט.

— ווען איך האב פון איהם דערהערט דיזע רייד בין איך אין גאנצען צוטומעלט געווארען... איך האב נישט געוואוסט וואס צו טאן... מיינע דינער האב איך אוועקגעשיקט, און דיינע בעאמטע און סאלדאטען זיינען אוועק מיט דעם געדאנק, אז זיי האבען ברק'ן גענומען געפאנגען. איך האב איהם געבעטען זיצען. איך האב איהם איינגעלאדען צו עסען, אבער ער האט מיר געזאגט, אז ער וועט גאר נישט טאן איידער ער וועט זיך זעהן מיט זיין שוועסטער... ווען איך האב געזעהן, אז איך קען מיט איהם מעהר גאר נישט טאן, האב איך איהם געזאגט, אז איך האב זיין שוועסטער אוועקגעשיקט אויף א טאג מיט א שליחות צו מיינע א פריינדין, און איך האב איהם געהייסען דא איבערנעכטיגען ביז מארגען... איך האב זיך געטראכט אויב ער וועט דא פערבלייבען, וועל איך קענען דערווייל שיקען דיר אנזאגען אז ברק געפינט זיך אין מיין הויז, אבער ער האט נישט צוגעשטימט צו פערבלייבען.

— איך האב קיין צייט נישט! — האט

ער מיר געזאגט — איך מוז נאך אומבעדינגט היינט ערגיץ זיין, און איך וועל זיך נישט קענען אומקעהרען אהער פריהער ווי אין דריי מאנאטען ארום, דערוויל בעט איך דיר, אז דו זאלסט מיין שוועסטער זעהר גוט בעהאנדלען.

— און ער איז אוועקגעגאנגען! — האט סיסרא אויסגערופען מיט ענטוישונג.

— צו מיין גרויס בעדויערען, איז מיר נישט געלונגען איהם צו פערהאלטען עטוואס לענגער. ווען מיינע דינער וואלטען אם ווייניגסטענס געווען דערביי מיט זייערע וואפען, וואלט איך זיי בעפוילען איהם צו בינדען און איהם האלטען ביז וואנען איך וועל שיקען דיר אנזאגען... אבער איך בין אליין געווען, און איך האב גאר נישט געקענט טאן.

— איך דאנק דיר זעהר, מיין ליעבע יעל! — האט סיסרא געענטפערט. יעצט זעה איך וואס פאר א גוטע איבערגעגעבענע פריינדין דו ביזט צו מיר... אבער מיינע בעאמטע זיינען אין דעם שולדיג! זיי, די דומע קעפ, האבען זיך אליין גענארט און האבען דערוויילע אויך מיר פערפיהרט... אבער יעצט זעה איך, אז איך האב מיין שקלאף יואש'ן אומזיסט בעשטראפט. ער האט ווירקליך איבערגעגעבען דעם בריעף צו ברק'ן. עס איז נישט געווען זיין שולד. ווען נישט מיינע נארישע בעאמטע וואלט שוין ברק יעצט געווען אין מיינע הענד!

— און דו האסט דיין געטרייען קנעכט געטויטעט? — האט יעל געפרעגט, און איהר פנים איז בלאס געווארען.

— אה, ניין! —האט סיסרא געענטפערט — ווען איך האב איהם חושד געווען, אז ער האט מיך גענארט, האב איך איהם ארויפגעלאזען א פייערדיגען פאטש, אז ער איז אומגעפאלען אויפ'ן באדען... מיר האט זיך גערוכט, אז איך האב איהם ארויסגעזעצט אלע צייהן מיט מיין געזונטען פויסט. אבער עס האט לאנג נישט געדויערט און ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ... יעצט זעה איך, אז מען קען זיך אויף איהם פערלאזען. ער איז מיר געטריי און איבערגעגעבען.

— ווען איך האב דיזען שקלאף צום ערשטען מאל דערזעהן, האב איך אין איהם געקראגען מעהר צוטרוי ווי אין דיינע איבעריגע שקלאפען — האט יעל צוגעגעבען, און עס פערדריסט מיר טאקע פארוואס דו האסט איהם אומזיסט בעשטראפט... זיי, דיינע בעאמטע, האבען פערדינט דעם שטראף, נישט ער. דורך זיי האסטו יעצט פערלארען א געלעגענהייט אריינצוקריגען דיין גרעסטען שונא, אין דיינע הענט.

— דערפאר וועל איך יואש'ן געבען א שטיקעל אמט אין דער צייט פון מלחמה מיט די אידען. איך זעה, אז איך קען זיך אויף איהם פערלאזען — האט סיסרא געזאגט, און וואס אנבעלאנגט צו מיינע נארישע בעאמטע, מעגסטו זיכער זיין, אז דאס וועט זיי נישט געשאנקען ווערען.

—און וועסטו טאקע אנפאנגען א מלחמה געגען די אידען? — האט איהם יעל געפרעגט.

— געוויס! מיינע ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען זיינען שוין געגרייט... איך וועל זיך אפרעכענען מיט אלע אידען, צוליב דעם וואס זיי האבען געטאן צו מיינע שלוחים, וועלכע איך האב צו זיי געשיקט זיי זאלען איבערגעבען דבורה'ן אין מיינע הענט.

— איך האף, אז די מלחמה זאל זיך נישט לאנג פערציהען! — האט יעל צו איהם געזאגט מיט א בעשיידענעם שמייכעל. דו ווייסט דאך ווי אומגעדולדיג איך וועל זיין ווארטענדיג אויף דיר.

— און איך דארף דיר נישט זאגען ווי שטארק אומגעדולדיג איך בין! — האט סיסרא איהר אנגענומען פאר'ן האנט... און אויב דו ווילסט, קען דאס אפילו נאך היינט געשעהן!

— ניין, איך וועל נאך ווארטען דרייסיג טעג און אויב ביז דאן וועל איך פון מיין מאן נישט הערען, דאן וועל איך

זיין זיכער, אז ער איז טויט און איך וועל קענען אינגאנצען צו דיר געהערען.

— א, פארפלוכט זאלען ווערען די עמלקים! — האט סיסרא אויסגערופען. — ווען איך וועל פארטיג ווערען מיט די אידען, וועל איך נאכהער זיך קענען נעהמען אפרעכענען אויך מיט זיי. ווען נישט זיי, וואלט איך דאך אויף זיכער געוואוסט, אז דיין מאן איז טויט.

— פאר מיר איז שוין מיין מאן געווען טויט דעם זעלבען טאג, וואס איך האב דיך דערזעהן, סיסרא! — האט יעל איהם געזאגט. — איך האב איהם גלייך אויפגעהערט ליעב צו האבען און גענומען חלום'ען פון דיר... דיין העלדישקייט איז דאך אזוי באריהמט איבער'ן גאנצען געגענט, אלע רעדען פון דיין גבורה. איך האב ביי זיך אין הארצען געבעטען ביי די געטער זיי זאלען דיר אויך דיעזען געפיהל ארייננגעבען, דעם געפיהל פון ליעבע, וואס איך פיהל צו דיר.

— און די געטער האבען צו דיין תפלה זיך צוגעהערט! — האט סיסרא א שמייכעל געטהאן. — איך האב, באלד ווי איך האב דיך דערזעהן, דעם זעלבען געפיהל געקראגען. יעצט בין איך גליקליך צו הערען פון דיין מויל אזעלכע טייערע רייד. אה, יעל! עס איז פאר מיר אזוי שווער זיך צו באהערשען! דיינע ליפען ציהען און רופען מיך... לאז מיר בלויז זיי איין קוש געבען, איך וועל מיט דעם מיין דורשט איינשטילען.

— דארף איך דיר דען זאגען, סיסרא, ווי שטארק מיין פארלאנג איז צו זיין אין דיינע ארעמס און געקושט ווערען פון דיר? אבער איך האב זיך א נדר געטהאן, אז איך זאל בלייבען געטריי מיין מאן ביז וואנען איך וועל זיכער זיין, אז ער איז טויט. און יעצט, ווען נאך דרייסיג טעג וועלען פאריבער און איך וועל פון חבר'ן גארנישט הערען, דאן וועל איך געהערען אינגאנצען צו דיר. דאן וועל איך געהן מיט דיר נאך חצור און זיין דיינע אויף אייביג...

— מעגליך, אז די מלחמה וועט זיך לאנג פארציהען און איך וועל דערווייל בארויבט זיין פון דער מעגליכקייט צו זיין מיט דיר צוזאמען. קום מיט מיר יעצט, יעל, איידער איך פאנג אן די מלחמה. מיר וועלען פארברייגען צוזאמען און איך וועל דיך אין מיין פאלאץ מיט מיין מוטער איבערלאזען. און ווען איך וועל זיך אומקעהרען מיט נצחון פון דער מלחמה, דאן וועט נאך מעגליך זיין...

— מעגליך זיין וואס? — האט יעל געפרעגט.

— איך האב דאך דיר שוין לאנג געזאגט, — האט סיסרא זיך שטילערהייט אפגערופען, — אז דאס פאלק פון חצור האט מיך זעהר ליעב. אלע פארעהרען און אכטען מיך... און יבין? וואס האט ער אויפגעטהאן? האט ער דען ווען עס איז באוויזען גבורות? אין דער צייט פון א מלחמה זיצט ער אויף זיין טראהן און טרינקט וואס מעהר וויין און לאזט זיך וואוילגעהן מיט די פרויען פון פאלאץ... ווען נישט איך וואו וואלט ער יעצט געווען?! ווען נישט מיין מעכטיגער פויסט, וואלט דאך אונזער לאנד געווען אזוי קליין און נישטיג! מיין מוטער האט מיר געזאגט, אז דער קעניג אליין ציטערט פאר מיר... ער ווייסט, אז דאס הארץ פון אונזער פאלק איז מעהר גענויגט צו מיר און אז ער זיצט אויף זיין טראהן בלויז מיט מיין חסד! אבער נישט אויף לאנג וועל איך זיין גנעדיג צו איהם... נאך דיעזער מלחמה, ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען קיין חצור מיט מיין זיעגרייכער ארמעע, וועל איך זיך ערקלעהרען קעניג!

— און וואס וועסטו טהאן צו יבינ'ען?

— האט יעל איהם געפרעגט.

— הם... יבין?... וועגען דעם האב איך נאך גארנישט געטראכט, — האט סיסרא אויסגערופען. — איך וועל איהם מוזען פארטרייבען פון דער הויפטשטאדט... ניין! ער וועט מוזען געטויטעט ווערען, ווייל ער וועט, וואהרשיינליך, האבען איניגע נאכפאלגער, וועלכע וועלען מיט איהם האלטען... יע, דער

בעסטער פלאן וועט זיין איהם אינגאנצען פון וועג אראפצוראמען... אבער איך בעט דיך, יעל, דו זאלסט וועגען דעם צו קיינעם קיין ווארט ניט ארויסרײדען, ווייל אזוי לאנג ווי יבין איז קעניג, האט ער דאך די מאכט צו טהאן מיט מיר, וואס ער וויל!

— אה, סיסרא! דארפסטו דען מיך בעטען וועגען דעם? איז דען נישט דיין גליק אויך מיין גליק?... ווען דו וועסט ווערען קעניג, וועל איך דאך אויך עפעס געניסען פון דעם?...

— געוויס! דו וועסט ווערען מיין קעניגין!

— יע, אויב דיר וועט זיך דערווייל נישט מאכען איינע א שעהנערע און איינגערע פון מיר?! — האט יעל מיט שפאט געזאגט.

— דו ווייסט דאך, אז אין מיינע אויגען איז גאר קיין שעהנערע אויף דער וועלט נישטא! — האט סיסרא געזאגט. — און איך שווער דיר ביי די געטער, אז בלויז דו וועסט מיין קעניגין זיין!

— איך האף, אז דו וועסט מיך קיינמאל ניט אויפהערען ליעב צו האבען, — האט יעל זיך אפגערופען.

— וואס דארפסטו א בעסערען סימן, ווי דער, אז ווען איך האב דיך צום ערשטען מאל דערזעהן, האב איך שוין אויף קיינע פון די געפאנגענע מיידלעך נישט געוואלט זיך אומקוקען... ווען מען האט פאר מיר געבראכט שרה'ן, ווען איך האב געהאלטען פאר דבורה'ן — זי איז געווען גאנץ שעהן, אבער איך האב באפוילען זי גלייך פון מיינע אויגען אוועקצונעהמען. דאס זעלבע, ווען מיינע קנעכט האבען גענומען געפאנגען די דינסט, וועלכע געפינט זיך איצט ביי דיר... איך ווייס אפילו נישט איהר נאמען...

— רחל איז איהר נאמען. זי איז זעהר א גוטע דינסט... אבער טאג און נאכט וויינט זי. זי טרויערט נאך איהרע עלטערן. האב איך איהר געזאגט. אז ווען אימיצער פון די פארבייגעהער וועט מאכען א רייזע אין דעם לאנד, פון וואנען זי שטאמט, קען זי איבערגעבען א גרוס צו איהר פאטער און איהם זאגען, אז זי געפינט זיך ביי מיר אלס דינסט.

— אה, איצט פארשטעה איך! — האט סיסרא אויסגערופען. — דער אלטער מאן, וועמען מיינע קנעכט האבען פאר ברק'ן אנגענומען, מוז געוויס זיין איהר פאטער... ער האט גע'טענה'ט, אז ער איז געגאנגען אויסקויפען זיין טאכטער!

— דאן איז יענער מאן גאר רחל'ס פאטער! — האט יעל אויסגערופען. — אבער אויב ער איז געקומען מיט דעם געדאנק זי אויסצוקויפען פון מיר, איז זיין טרחה געווען אומזיסט. איך וועל דיין מתנה, וואס דו האסט מיר געשאנקען, פאר קיין געלט נישט אפגעבען.

— דאס געלט, וואס ער האט ביי זיך געהאט, האב איך שוין ביי איהם צוגענומען! — האט סיסרא געזאגט מיט א צופרידענעם שמייכעל.

— אויב אזוי קענסטו איהם אהער צושיקען, זאל ער אנקוקען זיין טאכטער און זאל ער אהיימגעהן.

— פארוואס זאל איך טהאן אזא גרויסע טובה צו א אידען? — האט סיסרא אויסגערופען. — איך וועל איהם שוין אהיים נישט שיקען, ביז וואנען איך וועל זיין גאנץ לאנד חרוב מאכען און דאן וועט ער שוין אליין נישט וועלען געהן צו זיין געבורטס־פלאץ.

— דו ביזט גערעכט, סיסרא! מיט דיינע שונאים דארפסטו זיך באגעהן מיט גרויס אכזריות. אבער דעריבער, גלויב איך, זאלסטו איהם טאקע ברייבגען אהער, זאל ער זיך זעהן מיט זיין טאכטער און באלד וועסטו זיי ביידען אויף אייביג צעשיידען. דאן וועט זייער צער נאך גרעסער זיין.

— איך וועל טאקע אזוי טהאן! — האט סיסרא זיך אפגערופען. — איך וועל האבען גרויס פארגעניגען צו זעהן מיט מיינע אויגען ווי זיי ליידען. איך וועל זיי ביידען זאגען, אז דאס איז דאס לעצטע מאל, וואס זיי זעהען זיך איינע

דעם צוויטען... אח וועלען זיי דאס ביידע יאמערען און קלאגען!...

— איך וויל אויך האבען דיזען פארגעניגען! — האט יעל געזאגט. — איך וויל אויך צוזעהן ווי אזוי דיינע שונאים ליידען! פארשפרעכסטו מיר, אז דו וועסט ברייננען איהר פאטער?

— יע, איך פארשפרעך דיר! — האט סיסרא געזאגט. — איך וועל האבען א גוטען אויסרייד פאר דעם קעניג, אז איך דארף דעם אלטען ברייגגען צו דיר, כדי צו מאכען א גענויע אויספארשונג ווי אזוי מיינע קנעכט האבען געקענט מאכען אזא טעות. איך האף, אז איך וועל נאך האבען די מעגליכקייט דאס צו טהאן... סיידען עס זאל ווערען דרינגענד פאר מיר אנצופאנגען די מלחמה.

— ווי אזוי וועל איך דאס וויסען?

— האט יעל געזאגט. — איך וועל אויף דיר ווארטען מיט גרויס אומגעדולד. און אויב דו וועסט נישט קומען, וועל איך נאך אלץ אויף דיר ווארטען.

— איך וועל שיקען דיר אנזאגען דורך איינעם פון מיינע קנעכט, — האט סיסרא געזאגט.

— איך וואלט טאקע געוואלט שטעהן מיט דיר אין פארבינדונגען די גאנצע צייט, וואס דו וועסט זיין אויף מלחמה!

— האט יעל איהם געזאגט. — ווייל דו מעגסט וויסען, אז איך וועל זיין שטארק באזארגט וועגען דיר. און ווען עס וועלען אוועקגעהן עטליכע טעג און איך וועל פון דיר נישט הערען, וועל איך אלעם בייזעם איבערטראכטען. פארשפרעך מיר, סיסרא, אז דו וועסט מיר גאנץ אפט לאזען וויסען דעם גאנג פון דער מלחמה, אבער דו מוזט זעהר פארזיכטיג זיין. שיק נישט צו מיר די דומע קעפ, וועלכע ווייסען נישט ווי צו היטען זייער צונג... עס איז גאנץ מעגליך, אז אלע דיינע קנעכט זיינען דיר געטריי, אבער זיי האבען קיין שכל נישט און קענען גאנץ גרינג אריינפיהרען דיך אין א בלאטע. מיט א קלוגען שקלאף איז בעסער זיך צו באנוצען אלס שליח.

— יע, איך וועל באשטימען אלס מיין שליח צווישען מיר און דיר יואש'ן, וועלכער האט זיך ארויסגעצייגט צו זיין מיין געטרייסטער שקלאף. דאמיט וועל איך איהם אויך פארגיטיגען פאר די שמערצען, וואס איך האב איהם פארשאפט.

— יואש'ן קענסטו שיקען. איך האב צו איהם אויך פיעל צוטרויען. און דערצו איז ער נישט קיין נאר. ער וועט וויסען ווי אזוי צו פארבארגען א סוד, אפילו ער זאל אריינפאלען אין דעם שונא'ס האנט.

— אויב איהם איז געלונגען אריינצוצונארען ברק'ן, ער זאל צו דיר קומען אויסלייזען זיין שוועסטער, איז א סימן, אז ער האט פארשטאנד. — האט סיסרא געזאגט. — אה, מיינע פארפלוכטע נארישע קנעכט! ווען נישט זייער דומהייט, וואלט שוין ברק יעצט געווען אין מיינע הענט און דאן וואלט עס פאר מיר פאררעכענט געווען, אז א האלבע מלחמה איז שוין געוואונען געווארען.

— איך האף, אז דו ביזט נישט באזארגט וועגען דיזער מלחמה? — האט יעל צו איהם געזאגט.

— איך בין קיינמאל נישט באזארגט וועגען א מלחמה, — האט סיסרא געשמייכעלט. — וואס איך האב געמיינט איז, אז ווען איך וואלט יעצט געהאט ברק'ן אין מיינע הענט, וואלט איך געקענט פארטיג ווערען מיט די אידען גאר שנעל און דאס וואלט פאר מיר מעגליך געמאכט צו קריגען דיך וואס פריהער... יעצט אבער, וועט זיך די מלחמה געוויס פארציהען לענגער און דערווייל וועט אויסקומען צו ווארטען א לאנגע צייט.

— מיך ארט נישט ווי לאנג איך וועל דארפען ווארטען, אזוי לאנג ווי איך וועל וויסען, אז דו וועסט ארויסקומען זיעגרייך פון דער מלחמה... איך וועל פאר דיר א קרוין פון די שעהנסטע בלומען פלעכטען און ווען דו וועסט צו מיר קומען צוריק פון דער מלחמה בשלום, וועל איך דיר דיזע בלומען־קרוין אנטהאן.

— און דאן וועל איך זיך מיט דיר אומקעהרען קיין חצור און אויף דיין

קאפ די גאלדענע קרוין פון דער קעניגין ארויפטהאן! — האט סיסרא זי א קוש געטהאן.

— דיעזען מאל בין איך דיר מוחל!

— האט יעל געזאגט מיט א פארוואורף אין איהר שטימע. — די געטער וועלען מיר מוחל זיין, ווייל עס איז נישט געווען מיט מיין ווילען!

— און איך האף, אז אויך דו וועסט מיר מוחל זיין. איך געה יעצט פון דיר אוועק און איך ווייס נישט ווי לאנג עס וועט דויערען ביז וואנען איך וועל דיך קענען זעהן. דעריבער האב איך זיך ניט געקענט באהערשען...

— נו, געווים בין איך דיר מוחל! — האט יעל געזאגט.

— אויב אזוי, וועסטו דאך מיר מוחל זיין, אויב איך וועל דיך נאכאמאל א קוש טהאן? — האט סיסרא געמאכט א פארזוך זי ארומצונעהמען.

יעל האט זיך אפגערוקט און זיך אפגערופען מיט א שמייכעל:

— צוויי מאל פאר דער זעלבער זינד וועל איך דיר נישט מוחל זיין.

— אויב אזוי, וועל איך דיר א קוש טהאן אין אן אנדער פלאץ, וועט עס ניט הייסען די זעלבע זינד, — האט סיסרא געלאכט.

— יעצט, אז דו האסט מיר שוין וועגען דעם געזאגט, טאר איך דאס נישט דערלאזען, אז נישט וועט עס הייסען, אז איך האב דערצו צוגעשטימט... — האט יעל געשמייכעלט. — אבער איך האף נאך, אז דו וועסט נאך מארגען דא זיין מיט דעם פאטער פון מיין דינסט.

— אויב עס וועט נאר מעגליך זיין פאר מיר, וועל איך זיכער קומען אהער. אבער טאמער קען איך נישט קומען...

— וועסטו מיר שיקען אנזאגען דורך דיין שקלאף יואש'ן. יעדענפאלס וועל איך ווארטען צו הערען פון דיר מארגען.

סיסרא האט זיך געזעגענט מיט יעל'ן און איז צוריק אוועק קיין חצור.

יעל האט גלייך אריינגערופען רחל'ן און צו איהר געזאגט:

— איך האב זיך גאר וואס דערוואוסט פון סיסרא'ן, אז דיין פאטער איז גענו־מען געווארען געפאנגען פון זיינע קנעכט.

רחל האט זיך פאנאנדערגעוויינט.

— דו דארפסט זיין צופרידען, אז קיין אומגליק האט מיט איהם נישט פא־סירט, — האט יעל זי געטרייסט. — איך וועל שוין זעהן, אז קיין שלעכטס זאל צו איהם נישט געשעהן. עס איז נאך מעגליך, אז מארגען וועסטו איהם זעהן. איך האב פארלאנגט פון סיסרא'ן ער זאל איהם ברייגנען אהער. אבער דו ווייסט דאך זיין רשעות? ווי אזוי וואלט ער געקענט צוזעהן אייער פרייד? האב איך איהם געזאגט, אז ווען ער וועט אייך ביידען צעשיידען, וועט אייער פרייד אין טרויער פארוואנדעלט ווערען און דאס האט איהם צופרידענגעשטעלט.

— אבער ווי אזוי איז דאס מעגליך, אז מיין פאטער זאל אריינפאלען צו סיסרא'ן? — האט רחל זיך געוואונ־דערט.

— אזוי ווי איך האב פארדעכטיגט, אזוי איז געשעהן! — האט יעל געענט־פערט. — ווען סיסרא'ס בעאמטע און קנעכט האבען דערזעהן דיין פאטער אנקומענדיג, האבען זיי איהם אנגענו־מען פאר ברק'ן און איהם געבראכט צו סיסרא'ן.

— איך האף, אז דער רשע וועט איהם קיין שלעכטס נישט טהאן! — האט רחל געווישט איהרע אויגען.

— זארג נישט! איך וועל שוין זעהן, אז קיין שלעכטס זאל צו איהם נישט געשעהן.

— אבער מיין פאטער וועט יעצט גארנישט גלויבען, אז איך לעב און אז איך האב נאך איהם געשיקט. ער וועט מיינען, אז דאס האבען שונאים אזוי גע־טהאן, כדי איהם אריינצונארען און א חוץ דעם וועט מיין מוטער'ס זארג יעצט טאפעלט זיין.

— איך האב געבעטען סיסרא'ן ער זאל צו מיר גאנץ אפט צושיקען יואש'ן, וועמען ער האלט פאר זיין געטרייסטען שקלאף. ווען ער וועט קומען אהער, וועל איך איהם אלעס דערצעהלען און אויך

דו וועסט מיט איהם רעדען און ער וועט
זיך שוין זעהן מיט דיין פאטער און
איהם דערצעהלען. און לאמיר האפען,
אז ס'איז געלונגען ברק'ן צונויפצושטע־
און גאט, דער גאט פון דיינע עלטערען,
וועט ברייננגען א ישועה פאר דיין גאנ־
צען פאלק. און איך וועל קענען זיין מיט
מיין מאן אומגעשטערט. ווייל דו ווייסט
דאך, אז אויך מיין מאן איז יעצט בא־
האלטען, ווייל דער רשע האט זיין לע־
בען געדראהט. איך האב זיך דערוואוסט
אז עס איז געלונגען ברקן' צונויפצושטע־
לען א גרויסע ארמעע און ווען ער וועט
זיך פאראייניגען מיט דבורה'ס ארמעע,
דאן וועלען זיי אנפאנגען די מלחמה.
איך וועל זעהן ארויסצוהעלפען מיט אלץ
וואס איך וועל קענען, ווייל אויב דעם
רשע וועט געלינגען צו באזיעגען די אי־
דען, וועלען מיר אלע ליידען. דער רשע
מוז האבען זיין מפלה. ביז יעצט האב
איך פארווירקליכט אלע מיינע פלענער.
און יעצט, אז סיסרא וועט מיר שיקען
אנזאגען וועגען אלע זייגע באוועגונגען
דורך יואש'ן, וועל איך דערמיט קענען
העלפען דבורה'ן און ברק'ן, מיינע
פריינט.

ווען סיסרא איז אנגעקומען אין חצור,
האט מען איהם גלייך איבערגעגעבען,
אז דער קעניג וויל איהם זעהן.

סיסרא איז גלייך אוועק צום קעניג
און יבין האט זיך צו איהם אפגערופען:

— דו ווייסט, סיסרא, אז איך האב
זיך היינט דערוואוסט, אז דבורה מאר־
שירט מיט אן ארמעע נאך צפון... און
דו טארסט קיין איינציגע רגע נישט
פארלירען? דו וועסט גלייך צונויפזאמ־
לען דיין ארמעע און ארויסגעהן איהר
אנטקעגען. אויב דו וועסט פארשפעטי־
גען, וועסטו נאכהער האבען מעהר שווע־
ריגקייטען, ווייל דאן וועט מעגליך
דבורה זיך פאראייניגען מיט ברק'ן און
זיי וועלען זיך באפעסטיגען אדום דעם
טייך קישון.

— איך בין גרייט, מיין האר קעניג!
— האט סיסרא אויסגערופען. — און
אויב זיי וועלען צוקומען צום טייך קישון
וועט לאנג נישט דויערען און די קער־
פערס פון זייערע ארמעען וועלען שווי־
מען אין טייך.

— זאלען די געטער דיר געבען אויך
זייער ברכה, מיין בראווער גענעראל
סיסרא! — האט יבין אויסגערופען—
ווען מען האט מיר איבערגעגעבען אז
מען האט באמערקט א גרויסע אידישע
מחנה דערנעהענטערנדיג זיך האב איך
זיך עטוואס דערשראקען. באלד אבער,
ווען איך האב א טראכט געטאהן וואס
פאר א גרויסען העלד איך פערמאג, איז
מיין שרעק פערשוואונדען. איך בין זי־
כער אז דו וועסט פערניכטען זייער אר־
מעע צוזאמען מיט זייער לאנד.

— איך וועל אלעמען אויסראטען,
קליינע קינדער, אלטע לייט און פרויען,
אויסער די זעהר שעהנע פרויען וועל
איך מיטנעהמען אלס געפאנגענע צו
שענקען צו די יעניגע סאלדאטען וועל־
כע האבען זיך אממעהרסטען אויסגע־
צייכענט אין דער מלחמה, און יעצט
וויל איך זיך זעהן מיט די יעניגע וועל־
כע האבען בעמערקט דבורה'ס ארמעע.

דער קעניג האט שנעל געהייסען
ברייננגען די צוויי צדונים און סיסרא
האט זיך צו זיי געווענדעט:

— וואו האט איהר בעמערקט
דבורה'ס ארמעע?

— מיר האבען די ארמעע בעמערקט
אין דעם לאנד פון דעם שבט זבולון —
האט איינער פון זיי זיך אפגערופען.

— ווי אזוי קומט איהר אהין?

— מיר זיינען סוחרים און מיר פלע־
גען גאנץ אפט פאהרען דארט האנדלען
ווען מיר זיינען געשטאנען אין מיטען
מארק פון שטאדט, האבען מיר פלוצ־
לונג בעמערקט א געלאף. אלע אידען
וועלכע זיינען געווען אויפ'ן מארק זיי־
נען געלאפען צו די טויערען פון שטאט,
מיר האבען אויך גענומען לויפען. מיר
האבען בעגעגענט איינעם וועלכער
פלעגט מיט אונז האנדלען, און איהם
געפרעגט: "וואס בעדייט אט דער גע־
לאף — האט ער אונז געענטפערט—
אז די הייליגע נביאה דבורה מארשירט
דורך פארביי זייער שטאדט מיט א
גרויסע ארמעע, און ער האט אונז גע־

ראטען מיר זאלען זיך וואס שנעלער אפטראגען פון דאנען. מיר האבען געפאסט מוטה און ארויס פון שטאדט און ווירקליך האבען מיר בעמערקט ווי דבורה רייט אויף א פערד און הינטער איהר קומט אן א גרויסע מחנה. פילע יונגע לייט פון דעם שבט זבולון האבען זיך בעוואפענט און זיך אנגעשלאסען צוזאמען מיט די איבעריגע.

— און וואוהין האבען זיי געמארשירט? — האט סיסרא זיי ווייטער געפרעגט.

— זיי האבען אלע געמארשירט נאך צפון צו דער ריכטונג פון דעם שבט נפתלי. מיר האבען זיך אויסבעהאלטען און ווי נאר מיר האבען בעמערקט אז דבורה מיט איהר ארמעע האבען זיך פערנומען רעכטס, זיינען מיר ארויסגעקומען פון אונזער בעהעלטענים און קוים מיט אונזערע לעבענס ענטלאפען ביז וואנען מיר זיינען אנגעקומען אין חצור און אנגעזאגט אונזער האר קעניג פון דעם גרויסען געפאהר וואס עס דראהעט אונזער לאנד.

— נישט געזארגט! — האט סיסרא א דריק געטהאן מיט זיין פויסט — איך שווער ביי די געטער פון חצור און ביי דיין לעבען, מיין האר קעניג, אז איך וועל ברייננען דבורה'ן זייער הייליגע פרוי צו דיר, א קעניג, א טויטע אדער א לעבעדיגע און איך וועל איהר אויפהיינגען אין דיין הויף א נאקעטע פונקט געגענאיבער דיזען פענסטער, כדי דו און דיינע מיניסטארען און שרים, וועלען קענען זעהן וואס דער גענעראל סיסרא קען אויפטהאן. דאס זעלבע וועל איך טאהן מיט ברק'ן! טייכען בלוט וועלען פליסען... דער טייך קישון וועט פון דעם אידישען בלוט רויט ווערען. זייערע שטעדט און דערפער וועל איך אונטערצינדען און די וועלכע זיינען געבליבען אין זייערע היימען אדער האבען זיך אויסבעהאלטען פון מיר, וועלען פערברענט ווערען... און דאן וועלען אלע וויסען די מאכט פון דיין הויפטגענעראל סיסרא.

— נעה און בעגליק, מיין בראווער גענעראל, זאלען די געטער פון חצור זיין מיט דיר, און זאלסט האבען די מעגליכקייט צו האלטען דיין הייליגע שבועה וואס דו האסט נאר וואס געמאכט אין מיין נאמען, און אין נאמען פון די געטער. איך און מיינע גוטע פריינד וועלען ווארטען מיט גרויס אונגעדולד ווען מיר וועלען קענען זעהן דורך דיזען פענסטער, ווי דבורה, די אידישע העלדין הענגט.

— יע, זי וועט דא אזוי לאנג הענגען ביז וואנען איהר קערפער וועט אויפגעפרעסען ווערען פון די רויב פויגלען פון הימעל — האט סיסרא זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ.

סיסרא האט א בעפעהל געגעבען צו זיין ארמעע און אין איין טאג האט ער געהאט צונויפגעזאמעלט אלעמען. די ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען זיינען שוין געווען געגרייט. די רייטער זיינען געווען בעוואפענט מיט שפיזען און מיט פייל און בויגען.

— יעדער פון אייך וועט קריגען א שעהנע אידישע מיידעל אלס בעלוינונג, און דער יעניגער וועלכער וועט זיך אממעהרסטען אויסצייכענען מיט זיין העלדישקייט וועט קריגען די שעהנסטע פון אלעמען. די גאנצע רויב וואס איהר וועט אנראבירען וועל איך צוטיילען צווישען אייך, די גאלד, זילבער און קאסטבארע שטיינער וועט אייך אפגעגעבען ווערען, די שעהנע קליידער פון די אידישע רייכע לייט און זייער גאנץ האב און גוטס בעלאנגט צו אייך, בלויז איהר קעמפט ווי גבורים, און ברייננגט רוהם און שטאלץ צו אייער גענעראל סיסרא!

— ווי איך האב אויסגעפונען — האט סיסרא ווייטער געזאגט, — וועלען דבורה און ברק צונויפזאמלען זייערע ארמעען ביי דעם טייך קישון, אין דעם פלאץ וואו די צוויי שבטים, נפתלי און זבולון גרענעצען זיך. דארטען וועלען מיר אנקומען פלוצלונג אויף זיי און אידער זיי וועלען זיך ארומזעהן, וועלען

מיר שוין האבען אריבערגעגאנגען דעם טייך און דאן וועלען מיר ארומרינגלען די אידישע מחנות און זיי פערניכטען. געדענקט, מיינע בראווע העלדען, אונזער הויפט צוועק דארף זיין אריינצוקריגען דבורה'ן און ברק'ן, ווייל איך האב געשוואוירען בעפאר דעם קעניג אז איך וועל צושטעלען דבורה'ן טויט אדער לעבעדיג... זעהט ווענדעט אן אלע אייערע כוחות און צילעוועט זיך נאר צו דבורה'ן און ברק'ן זיי זאלען נישט אנטלויפען... דער וועמען עס וועט געלינגען צו נעהמען דבורה'ן אין געפאנגענשאפט וועט זיין באלוינונג זעהר גרויס זיין! דער קעניג וועט איהם גרויס כבוד אנטאהן. יע, דער פאנגער פון דבורה'ן וועט קריגען די עהרע איהר אליין אויפצוהענגען אין דעם הויף פון דעם קעניגליכען פאלאץ, אויב עס איז מעגליך איהר צו ברייגנען א לעבעדיגע פאר מיר, וועל איך נאך מעהר צופריעדען זיין. אבער טויט אדער לעבעדיג, זי מוז געפאנגען ווערען!

אין דער שטאדט חרשת הגוים האט סיסרא פערזאמעלט זיינע סאלדאטען און מיט זיי געמארשירט צו דעם טייך קישון.

---

ברק און זיין ארמעע זיינען אנגעקומען אין קדש, וואו ער האט ערווארטעט דבורה'ס מחנות, דערווייל איז אנגעקומען אין קדש א דינער פון יעל'ן און איבערגעגעבען ברק'ן א בריעף.

ברק האט שנעל אויפגעעפענט דעם בריעף און דורכגעלייענט.

”נאר וואס איז יואש ביי מיר געווען. סיסרא האט איהם געשיקט מיר צו לאזען וויסען וואו ער געפינט זיך כדי ווען איך וועל דארפען עפעס פון איהם וועל איך וויסען וואו ער געפינט זיך. יעצט דארפסטו וויסען זיין אז סיסרא געפינט זיך מיט זיין גאנצע ארמעע נעבען דעם טייך קישון, וואס איז ניט ווייט פון דעם גרעניץ פון דעם שבט נפתלי און דעם שבט זבולון. דו דארפסט זעהן אז ער זאל דארט פערבלייבען, און דעריבער איז מיין עצה אז דו זאלסט אוועקשיקען צו דעם צווייטען זייט טייך קישון, א קליינע אפטיילונג פון דיין ארמעע, וואס זיי וועלען ליגען בעהאלטען אין דעם דערבייאיגען וואלד, און פון צייט צו צייט ארויסגעהן און זיך בעווייזען פון דער ווייטען פאר סיסרא'ן, דאן וועט ער מיינען אז דו האסט דיין גאנצע ארמעע דארטען. סיסרא וועט דעריבער ברייגנען זיינע מחנות און די ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען צו יענעם פלאץ. דאן וועסטו אויף איהם פלוצלונג קענען אנקומען פון הינטען, און אנפאנגען די מלחמה. איך ווינש דיר גליק און האף אז גאר אין גיכען וועסטו בעזיגען דעם רשע סיסרא.—יעל”.

ברק האט איבערגעלייענט דעם בריעף און האט בעשלאסען צו טאהן ווי יעל ראטה איהם. ער האט געוואוסט אז דבורה איז שוין נישט ווייט פון קדש, דעריבער האט ער געווארט ביז וואנען זי וועט אנקומען. אין א ווילע ארום זיינען די שומרים פון שטאדט געקומען אנזאגען ברק'ן אז דבורה קומט אן מיט א גרויסע ארמעע.

ברק איז גלייך ארויסגעגאנגען איהר ענטקעגען. גרויס איז געווען זייער פרייד ווען זיי האבען זיך בעגעגענט.

ברק האט גלייך איבערגעגעבען דבורה'ן דעם בריעף וואס ער האט ערהאלטען פון יעל'ן און צו איהר זיך אפגערופען:

— איך האב מיט דעם געווארט ביז וואנען דו וועסט קומען, ווייל איך וויים אז גאט איז מיט דיר און וואס דו וועסט הייסען טאהן וועט אונז גאט מצליח זיין.

דבורה האט איבערגעלעזען דעם בריעף און געזאגט צו ברק'ן:

— יעל איז גערעכט מיט דעם וואס זי זאגט אז מיר זאלען שיקען א קליינע אפטיילונג צו אונזער זייט פון טייך קישון. אבער דאס וואס זי זאגט אז מיר זאלען אנפאלען אויף סיסרא'ן פון הינטען, גלויב איך אז דאס וואלט יעצט

נישט געווען ראטהזאם. מיר דארפען נישט פארגעסען, אז סיסרא׳ם ארמעע איז מעהר געאיבט אין מלחמה ווי אונזערע, און כאטש אונזערע העלדען וועלען קעמפפען מיט בראווקייט און מוט, טארען מיר אויך נישט פארגעסען אז עס וועט זיין זעהר א שווערע אויפגאבע פאר אונזער ארמעע זיך געגענצושטעלען די ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען. אויב מיר זאלען מיט זיי קעמפען אויף דעם גלייכען לאנד, וועלען מיר אזוי שנעל נישט קענען בעזיגען סיסרא׳ן, אפילו ווען מיר זאלען אויף איהם אנפאלען פלוצלונג. ווייל די אייזערנע רייטוועגען איז א גרויסע מאכט, און זיי וועלען זיך קענען גאנץ שנעל בעוועגען און צוריקשלאגען אונזער אנגריף. דעריבער איז מיין עצה אז מיר זאלען צובריינגען אונזערע ארמעען צו דעם בארג תבור וואס געפינט זיך אויף דעם גרעניץ פון זבולון און יששכר. דארטען וועלען מיר זיך בעפעסטיגען אין דער צייט וואס סיסרא וועט זיין פערנומען ביים טייך קישון, און ווען סיסרא מיט זיינע ניין הונדערט רייטוועגען וועלען אריבערגעהן דעם טייך, וועט די קליינע אפטיילונג שנעל צוריקטרעטען צום בארג תבור, סיסרא וועט זיך דאך נאכיאגען און ווען ער וועט צוקומען צום בארג מיט זיינע ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען, וועט ער זיך מעהר נישט קענען ריהרען פון פלאץ, ווייל די רייטוועגען זיינען נאר גוט אויפ׳ן גלייכען לאנד. דאן וועלען מיר אויף איהם שטורמען פון בארג און גאט וועט איהם איבערגעבען אין אונזערע הענט. פון איין זייט וועט סיסרא האבען דעם בארג תבור וואו מיר וועלען זיך בעפעסטיגען, און פון דעם צווייטען זייט וועט ער האבען דעם טייך ווען ער וועט מאכען א פערזוך צו ענטלויפען און אויב עס וועט איהם פריהער געלינגען אריבערצוגעהן דעם טייך, וועט יעצט דער טייך זיין פאר איהם א גרויסע שטערונג.

— איך גלויב — האט ברק געזאגט — אז מיר קענען בעהויפטען צו שיקען א גרעסערע אפטיילונג צו דיזען זייט פון טייך, ווייל מיר וועלען האבען גענוג סאלדאטען זיך צו בעפעסטיגען אויף דעם בארג תבור.

— עס איז נישט נויטיג! — האט איהם דבורה געענטפערט — די קליינע צאהל סאלדאטען וואס וועלען זיך געפינען אין יענער אפטיילונג זיינען דאך נישט ערווארטעט אריינצוגעהן אין א קאמף מיט דעם שונא און אויב מיר וועלען קענען אפשפארען עטליכע הונדערט סאלדאטען, וועלען מיר זיי מוזען איבערלאזען אין שטאדט קדש, כדי די שונאים וועלכע זיינען נישט ווייט פון דאנען, זאלען קיין שאדען נישט טאהן ווען זיי וועלען צוריק טרעטען. ווייל עס איז בעוואוסט אז ווען סיסרא נעהמט איין א שטאדט פערברענט ער איהר, און אויב איהם וועט געלינגען אפילו צו ענטלויפען, וועט ער אוים נקמה הייסען זיינע איבערגעבליבענע סאלדאטען אונטערצוצינדען די שטאדט קדש. אבער ווען מיר וועלען דארטען האבען עטליכע הונדערט בעוואפענטע סאלדאטען, וועלען זיי נישט נאר אפהיטען די שטאדט, נאר אויך ווען עס וועט נויטיג זיין זיך נאכצויאגען דעם שונא, וועלען זיי עס טאהן.

— און וועמען זאל איך בעשטימען פאר דעם הויפט פון די סאלדאטען וועלכע וועלען איבערגעלאזען ווערען אין שטאדט? — האט ברק איהר געפרעגט.

— מיין מאן לפידות קענסטו באשטימען איבער זיי, ער איז נישט קיין העלדישער קעמפער אין מלחמה, אבער זיינע רייד ווערען צוגעהערט און די סאלדאטען וועלען אויספאלגען אלע זיינע בעפעהלען.

— דיין ברודער יואש האט מיר געזאגט, אז ווי נאר אונזערע ארמעען וועלען זיך פעראייניגען, וועט ער אנשטאט צוריקצוקעהרען צו סיסרא׳ן פון יעל׳ס געצעלטען גלייך אנקומען אין קדש. איך האב אנגעזאגט די שומרים אז זיי זאלען איהם גלייך אריינלאזען,

און ער וועט העלפען לפידות'ן מיט די סאלדאטען.

— א דאס וועט זעהר גוט זיין! — האט דבורה זיך אפגערופען מיט פרייד —מיין ברודער, וועלכער וויים געווים סיסרא'ס אלע סודות וועט אונז א סך קענען בעהילפיג זיין.

— איך בין בלויז בעזארגט וועגען מיין שוועסטער, אויב סיסרא'ן וועט געלינגען צו ענטלויפען קיין חצור, וועט ער גלייך זיין נקמה אויסגיסען אויף מיין שוועסטער, די פרוי פון דיין ברודער יואש. ער וויים דאך אז זי איז מיין שוועסטער.

— איך גלויב אז וועגען דעם האבען מיר נישט וואס צו זארגען. דאס ערשטע וואס סיסרא וועט טאהן נאך א מפלה, איז ענטלויפען צו יעל'ן, ער גלויבט דאך אז זי האט איהם ליעב און ביי איהר וועט ער זיכער וועלען זוכען שוץ און זי וועט שוין נישט דערלאזען ער זאל זיך אומקעהרען נאך חצור, און וואס אנבעלאנגט צו דעם קעניג יבין וועט ער זיין אזוי צוטומעלט און ערשיטערט פון זיין גענעראל'ס מפלה אז ער וועט אין גאנצען פערגעסען אן שרה'ן און ווי נאר מיר וועלען פערניכטען סיסרא'ס ארמעע וועלען מיר ארייננמארשירען אין חצור, צוזאמען מיט יואש'ן און ער וועט אונז אנצייגען דעם געפענגנים וואו זיין פרוי געפינט זיך און מיר וועלען זי בעפרייען.

דבורה און ברק האבען איינגעטיילט זייערע מחנות. אין שטאדט האבען זיי איבערגעלאזען עטליכע הונדערט סאלדאטען אונטער לפידות'עס אויפזיכט און א קליינע אפטיילונג האט ברק אוועקגעשיקט צו דער זייט פון דעם טייך קישון. מיט די איבעריגע ארמעען וואס איז געווען איבער צעהן טויזענד אין צאהל היזבען זיך דבורה און ברק בעפעסטיגט אויף דעם בארג תבור.

---

ווען יואש איז צום צווייטען מאל געקומען צו יעל'ן מיט א שליחות פון סיסרא'ן, האט זי שוין געוואוסט אז די מחנות פון דבורה'ן און ברק'ן האבען זיך שוין פעראייניגט.

— יעצט קענסטו גלייך אוועקגעהן נאך קדש! — האט יעל צו יואש'ן געזאגט—די מלחמה וועט זיך באלד אנפאנגען און סיסרא וועט אין גאנצען פארגעסען אן דיר, און אויב ער וועט שיקען נאכפרעגען אויב דו ביזט דא געווען, וועל איך איהם ענטפערן אז יע, און איך וועל איהם מאכען צו גלויבען אז דו ביזט פיליכט געפאנגען געווארען ביי די אידען, דאס וועל איך טאהן כדי ער זאל דיר אין גאר נישט חושד זיין, און זיך נישט אפרעכענען מיט שרה'ן, דיין פרוי.

— איך דאנק דיר, יעל! — האט יואש געזאגט — דו האסט ארויסגעוויזען פיעל גנאדע צו מיר און צו מיינע ברידער. זאל דיר גאט בעלוינען פאר אלעם.

— איך וועל דיך בעטען, יואש — האט יעל זיך צו איהם געווענדעט — ווען דו וועסט זיין אין קדש, זאלסטו איבערגעבען מיין מאן, אז ער זאל וועגען מיר נישט זארגען, איך וועל שוין וויסען ווי אזוי צו האנדלען מיט דעם רשע, דו קענסט איהם זאגען אז דער טאג איז נאהענט ווען ער וועט זיך מעהר נישט דארפען אויסבעהאלטען פון סיסרא'ן....

— איך וועל דיין פערלאנג טאהן! — האט יואש געענטפערט, — יעצט, איידער איך געה נאך קדש, וואלט איך זיך געוואלט זעהן מיט רחל'ן די טאכטער פון עירן.

יעל האט געשיקט רופען רחל'ן און יואש האט זיך צו איהר אפגערופען:

— דיין פאטער איז איינגעשפארט אין דעם זעלבען געפענגנים וואו מיין פרוי שרה געפינט זיך, און איך האף צו גאט אזוי ווי ער וועט באשיצען מיין פרוי, אזוי וועט ער דיין פאטער באשיצען פון אלדאס בייז. ווי גאט וועט איבערגעבען סיסרא'ן אין די הענט פון מיין שוועסטער דבורה'ן און ברק'ן, וועלען מיר גלייך געהן אויף חצור און

באפרייען שרה'ן און דיין פאטער פון געפענגנים. פארליר נישט דיין האפענונג און האב מוט, און דו וועסט זיך נאך זעהן מיט דיינע עלטערן.

יואש איז שנעל אוועקגעריטען קיין קדש. דארטען האט איהם באגעגנט לפידות דבורה'ס מאן מיט גרוים פרייד.

— דו ביזט עס יואש דער ברודער פון מיין פרוי — האט ער איהם ארומגענומען — אז איך האב זוכה געווען צו זעהן דבורה'ס ברודער, בין איך זיכער אז דער סוף פון ישראל'ס לייִדען פון סיסרא'ן איז נאהענט.

— וואס מאכט מיין זוהן? — האט יואש איהם גלייך געפרעגט.

— דיין זוהן, געלויבט גאט, איז געזונט און שטארק — ער האט זיך די גאנצע צייט געפונען אונטער מיין און דבורה'ס אויפזיכט. ער האט זיך זעהר פיין אנטוויקעלט. די לעצטע צייט אבער האט ער שטארק גענומען בייִנקען נאך זיין מוטער. און יעדען טאג פלעגט ער אונז פרעגען פארוואס קומט נישט זיין מוטער, וואס האט מיט איהר פאסירט... איהם פלעגט נישט נמאס ווערען צו זיצען א גאנצען טאג, און ווי דבורה דערצעהלט איהם פון דיר, זיין פאטער, פון דיין יוגענט, ביז וואנען דו ביזט געפאנגען געווארען...

— יא, ווי נייגעריג איך בין איהם צו זעהן... יע, ווען איך בין געפאנגען געווארען איז ער נאך נישט געבארען געווארען... און איך ווייס אפילו נישט ווי ער קוקט אויס... איך בין גליקליך געווען צו זעהן שרה'ן, כאטש אונטער אזעלכע שרעקליכע אומשטענדען, אבער איך האב אפילו קיין געלעגענהייט נישט געהאט מיט איהר צו ריידען וועגען אונזער זוהן. יעצט זאג מיר וועגען דער פאראייניגונג פון די ארמעען, און וואס האט דבורה באשלאסען, ווי אזוי אנצופאנגען די מלחמה?

— א קליינע אפטיילונג פון עטליכע הונדערט סאלדאטען, וועלען זיך באווייזען ביי דעם טייך קישון, כדי סיסרא זאל מיינען, אז דארטען וועט ברק מא-

כען פאר זיך דעם שלאכטפעלד, אבער די הויפט ארמעען וועלען זיך באפעסטיגען אויף דעם בארג תבור.

— דאס איז זעהר א גוטער פלאן! — האט יואש אויסגערופען. — סיסרא לייגט זעהר פיעל האפנונגען אויף זיינע ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען און ווען אונזער ארמעע וועט זיך געפינען אויף דעם בארג. וועלען זיינע אייזערנע רייטוועגען בלייבען נוצלאז...

— יע, דאס איז געווען דבורה'ס פלאן! — האט לפידות מיט שטאלץ געזאגט — און ביידע ארמעען זיינען גלייך אוועק צום בארג תבור...

— און וואס בלייבט איבער פאר אונז צו טהאן? — האט יואש איהם געפרעגט.

— דערווייִלע מוזען מיר היטען די שטאדט פון די אויסערליכע שונאים אזוי גוט ווי פון די אינערליכע! — האט לפידות זיך אפגערופען.

— וואס הייסט אינערליכע שונאים? — האט איהם יואש געפרעגט.

— דו ווייסט דאך, אז קדש האט פיעל געליטען פון די גבעונים, ווער האט דאן גע'מסר'ט סיסרא'ן אז דבורה געפינט זיך אין קדש, אויב נישט די גבעונים.

— א, יע, וועגען דעם האב איך גאר נישט געטראכט, אזוי לאנג ווי די גבעונים האבען געהאט מורא פאר אונז, זיינען זיי געווען אונטערטעניג און געדינט אלס אונזערע וואסער-פיהרער און האלץ העקער, אזוי ווי יהושע האט זיי באשטימט, יעצט, אז זיי זעהען, אז מיר זיינען אליין אונטערדריקט ווערען פון יבין, דעם קעניג פון חצור, שטעהען זיי נאך צו מיט אונזערע שונאים.

— יע, מיר האט ברק אנגעזאגט, אז מיר זאלען זעהר פארזיכטיג זיין, אויב מיר וועלען וועמען פון די גבעונים פארדעכטיגען זאל מען איהם פארשפארען אין געפענגנים. ברק האט מורא, אז ווען די גבעונים וועלען דערזעהן, אז די מלחמה צופלאקערט זיך, וועלען זיי גע-

ווים מאכען א פארזוך אונטערצוציענדען קדש.

— איך וועל דערקענען די צוויי גבעונים, וועלכע זיינען געקומען צו סיסרא'ן און גע'מסר'ט, אז דבורה געפינט זיך אין קדש — האט יואש געזאגט — און מיין עצה איז, אז זיי מוזען גלייך ארעסטירט ווערען, ווייל אויב זיי וועט ערלויבט ווערען זיך פריי צו באוועגען, קענען זיי פאראורזאכען פיעל צרות צו די איינוואוינער פון שטאדט.

— גוט, איך וועל אנזאגען די בעאמטע, זיי זאלען הייסען די גבעונים קומען צו אונז און דו וועסט אויסקלייבען די צוויי שולדיגע.

לפידות האט באפוילען צו בריינגען דעם גבעונים פון קדש און זיי פארגעפיהרט בעפאר יואש'ן.

יואש האט יעדען פון זיי באטראכט און זיך אפגערופען צו לפידות'ן אין דער שטיל:

— די צוויי שולדיגע געפינען זיך נישט צווישען דיזע גבעונים, זיי באהאלטען זיך געוויס אויס ערגיץ וואו, און ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועלען זיי פארלאזען די שטאדט און איבערגעבען סיסרא'ן פיעלע פון אונזערע סודות...

— זייגען דא געקומען אלע גבעונים — האט לפידות געפרעגט די אלע וועלכע זיינען אויסגעשטעלט געווארען אין א רייהע.

— נאך צוויי גבעונים פעהלען! — האט דער ערשטער געווארפען זיינע בליקען אויף די איבעריגע.

— און ווער זיינען זיי? — האט לפידות ווייטער געפרעגט.

ער האט אנגעגעבען זייערע נעמען.

— וועסטו געהן מיט מיינע בעאמטע און צייגען זיי וואו די צוויי גבעונים געפינען זיך?

— יע, איך וועל געהן.

אין א ווייילע ארום, האבען זיך די בעאמטע צוריקגעקעהרט מיט די צוויי גבעונים.

יואש האט זיי גלייך דערקענט אלס די יעניגע, וועלכע האבען גע'מסר'ט סיסרא'ן און מען האט זיי פארשפארט אין געפענגניס.

— איהר קענט געהן צו אייערע היימען, איהר זייט פריי — האט לפידות געזאגט — אבער געדענקט, אז מיר וועלען זיך דערוויסען, אז ווער פון אייך פלאנעוועט צו שעדיגען די שטאדט, וועט איהר אלע מיט אייערע לעבענס באצאהלען.

---

ווען סיסרא און זיין ארמעע זיינען אנגעקומען צו דעם ברעג פון טייך קישון, האט ער געשיקט אויסקוקען צו זעהן אין וועלכען געגענד געפינט זיך די אידישע מחנות.

באלד האט מען איהם אנגעזאגט, אז די אידישע סאלדאטען זיינען געזעהן געווארען אויף דער צווייטער זייט טייך, נישט ווייט פון דעם שבט זבולין.

— מיר וועלען דעם טייך אריבערגעהן דא! — האט סיסרא באפוילען — ווייל דא איז דאס וואסער גאנץ פלאך, און א חוץ דעם, וועלען מיר פון דאנען קענען אריבערגעהן דעם טייך אומבאמערקט פון די אידען, און דאן מאכען אויף זיי א פלוצלונגען איבערפאל, ביז וואנען מיר וועלען זיי אלעמען אויסקוילען.

פריהער זיינען אריבער דעם טייך די ניין הונדערט רייטוועגען, וועמען סיסרא האט באפוילען זיך גלייך נאכצוויאגען און אויפשטורמען די אידישע ארמעע. באלד האבען די טויזענדע אנדערע סאלדאטען, די פוסגעהער דורכגעבראדזשעט דעם טייך מיט זייער וואפען.

פון ווייטען האבען די פארשטעהער פון דער קליינער אפטיילונג, וואס ברק האט באשטימט אפצונארען דעם שונא, באמערקט ווי אזוי סיסרא'ס ארמעע געהען אריבער דעם טייך.

— זייט געגרייט צוריקצוטרעטען! — האט דער אויפזעהער פון דער קליינער ארמעע אויסגערופען — ווי נאר זיי וועלען אנפאנגען זייער מארש, ווע־

לען מיר נעמען שאלען און לויפען צו דעם בארג תבור. זיי וועלען זיך נעמען נאכיאגען נאך אונז, ביזוואנען מיר וועלען זיך פאראייניגען מיט די איבעריגע.

די עטליכע טעג וואס ברק און דבורה זיינען געווען אויף דעם בארג תבור, האבען זיי זיך דארט באפעסטיגט. ברק האט געהייסען אויסהאקען דיקע ביימער און ארומהאקען די צווייגען.

— ווען דער שונא וועט מאכען א פארזוך ארויפצוקלעטערען דעם בארג, וועלען מיר ארונטערלאזען אויף זיי די גרויסע קלעצער! — האט ברק געזאגט.

א העלפט פון ברק'ס ארמעע זיינען געווען פארנומען אין האקען די ביימער און ארומשניידען די צווייגען, כדי זיי זאלען זיין רונד און זאלען זיך בעסער קייקלען.

פון ווייטען האבען זיי באמערקט ווי די קליינע אפטיילונג פון דער אידישער ארמעע לויפט צוריק.

אונזערע ברידער קומען אן! — האט ברק אויסגערופען — דער שונא איז שוין נישט ווייט, ער איז פון הינטען, העלפט אייערע ברידער וואס שנעלער ארויפצוקלעטערען דעם בארג, און זיין געגרייט פאר דעם שונא!

ווען די גאנצע קליינע אפטיילונג איז שוין געווען אויף דעם בארג, האט מען שוין געקענט בעמערקען סיסרא'ס אייזערנע רייטוועגען דערנעהנטערענדיג זיך.

מיט גרויס אימפעט און יובעל געשרייען האבען זיי זיך דערנעהנטערט צום בארג.

— די אידישע ארמעע איז אנטלאפען צום בארג! — האט סיסרא אויסגערופען — זיי זיינען פייגלינגע. ווי נאר זיי האבען אונז דערזעהן אזוי זיינען זיי זיך צולאפען. מיר וועלען יעצט נישט האבען קיין שווערע אויפגאבע. עס איז זעהר גרינג צו שלאגען א שרעקעדיגען. מיר וועלען ארומרינגלען דעם בארג פון אלע זייטען און דאן וועלען מיר שנעל ארויפקלעטערען און מאכען א סוף צו אלעמען. געדענקט אבער, מיינע געטריַיע סאלדאטען, אז איהר זאלט אנווענדען אלע אייערע כוחות און זעהן ברענגען צו מיר דבורה'ן און ברק'ן לעבעדיגע. איך וויל האבען דעם פארגעניגען זיי צו טויטען מיט מיינע אייגענע הענט!

דער הויפט פון די רייטער פון די אייזערנע רייטוועגען איז צוגעגאנגען צו סיסרא'ן און האט זיך אפגערופען:

— איך גלויב, אז עס וועט זיין אונמעגליך פאר אונזערע רייטער ארויפצוקומען אויפ'ן בארג מיט די אייזערנע רייטוועגען.

— זאלען זיי פריהער מאכען א פארזוך, און אויב דאס וועט אונמעגליך זיין וועלען זיי אויסשפאנען די פערד פון די רייטוועגען און וועלען ארויפרייטען אויפ'ן בארג מיט די פערד.

דער הויפט האט א קאמאנדע געטהאן און די רייטער האבען זיך א לאז געטהאן מיט זייערע רייטוועגען צום בארג. זיי האבען אבער באלד איינגעזעהען אז מעהר ווי עטליכע איילען קענען זיי ניט קלעטערען מיט די שווערע אייזערנע רייטוועגען, זיי האבען זיך דעריבער אומגעקעהרט און אויסגעשפאנט זייערע פערד.

—פון אלע זייטען פון בארג זאל מען נעהמען ארויפקלעטערען!—האט סיסרא בעפוילען, רייטענדיג אויף זיין פערד מיט זיין בלויזען שווערד אין האנט.

עטליכע טויזענד פוסגעהער און די ניין הונדערט רייטער אויף פערד, האבען זיך א לאז געטהאן צום בארג. פון אלע זייטען האט מען גענומען קלעטערען.

סיסרא און די וועלכע זיינען איבערגעבליבען אונטען האבען געשאלט און צוגעגעבען מוטה די קלעטערער.

— זיי האבען שוין מעהר ווי העלפט ארויפגעקלעטערט! — האט סיסרא מיט פרייד געזאגט — איהר זייט געגרייט, אויב זיי וועלען זיך נויטהיגען אין הילף זאלט איהר זיי באלד נאכפאלגען.

מיט גרויס פרייד און שפאנונג האָבען די וועלכע זיינען געבליעבען שטעהן אונטען, צוגעקוקט ווי אזוי סיסרא׳ס העלדען דערנעהנטערען זיך צו זייער ציעל אהן קיין שום ווידערשטאנד.

— זיי ליגען בעהאלטען ווי צושראָקענע האָזען און האָבען מורא ארויסצוגעהן אנטקעגען ! — האָט סיסרא געזאָגט—באלד, באלד וועלען מיר מאכען א סוף צו זיי אלעמען. יעדער פון אייך וועט בעקומען א שעהנע אידישע מיידעל אלס א בעלוינונג און אחוץ דעם וועט איהר אויך קריגען א גלייכען חלק פון דעם אידישען פארמעגען. ווי מיר וועלען נאָר פארטיג ווערען מיט דיזער שלאכט, וועלען מיר זיך א לאָז טהאָן איבער די אידישע שטעדט און פאנגען די שעהנע פרויען און די איבעריגע וועלען מיר מיט אונזערע שווערדען טויטען. חרוב און וויסט וועלען מיר מאכען זייערע שטעדט און דערפער. אונזער קעניגרייך וועט זיך ציהען איבער דער לייגג פון גאנץ כנען!

— לעבען זאָל אונזער העלדישער גענעראל סיסרא ! — האָבען די סאָלדאטען פון אונטען אויסגעשריען.

— אייך איז דאָך בעוואוסט — האָט שוין סיסרא געקראָגען מעהר מוטה—אז איך האָב פילע מלחמות געפיהרט און אימערצו ארויסגעקומען זיעגרייך... אין דער צייט וואס יבין אונזער קעניג איז געזעסען אין זיין פאלאץ, האָב איך מיט אייך געקעמפפט געגען אונזערע שונאים. פאר אונזער פאָלק פאסט זיך א קעניג וועלכער איז אליין א גרויסער העלד, וועלכער זאָל קענען פיהרען אן ארמעע און צושמעטערען דעם שונא ! איך פרעג אייך ! — האָט סיסרא זיך אויפגעשטעלט אויף זיין שווערד, אויסשטרעקענדיג זיין האנד מיט׳ן שווערד—האָב איך דען ניט פערדיענט צו זיין קעניג אנשטאט יבין ?

— געוויס ! געוויס ! — האָבען זיך געהערט שטימען.

— און יעצט פארלאַנג איך, מיינע סאָלדאטען, אז איהר זאָלט מיר שווערען ביי די געטער פון חצור, אז ווי נאָר מיר וועלען זיך אומקעהרען אין חצור זאָלט איהר מיך ערקלעהרען פאר אייער קעניג און מיט מיר גלייך געהן צו דעם פאלאץ פון יבין און העלפען איהם ארונטערזעצען און מיך קרוינען פאר קעניג !

— מיר שווערען ! מיר שווערען !— האָבען אלע סאָלדאטען אויסגערופען מיט אמאָל.

— לאנג לעבען זאָל אונזער קעניג סיסרא ! — האָבען שטימען אָנגעפילט די לופט.

סיסרא און זיינע געטרייע סאָלדאטען האָבען ווידער געווענדעט זייערע בליקען אויף די קלעטערנדע.

— אָט באלד, באלד און זייער ציעל האָבען זיי דערגרייכט — האָט סיסרא אָנגעצייגט מיט גרויס שמחה אויף יענע סאָלדאטען און רייטער וועלכע האָבען נאָך אלץ געקלעטערט דעם בארג...—איך בין זיכער אז אויך זיי זיינען צו מיר געטריי און איבערגעבען. זיי וועלען אויך ניט זיין דאגעגען אז איך זאָל ווערען קעניג אנשטאט יבין׳ען.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט א קראך און א געשריי.

— וואס האָט פאסירט ? ! — האָט סיסרא אויסגערופען און אלע זיינען געבליבען ווי פארשטיינערט. וואס זעהן זיי ? די סאָלדאטען וועלכע האָבען שוין באלד דערגרייכט זייער ציעל ווערען צוריק געשליידערט, גרויסע שווערע קלעצער ווערען ארונטערגעקייקעלט און די רייטער מיט זייערע פערד קייקלען זיך ארונטער פון בארג און ווערען צושמעטערט אויף טויט.

פון אלע זייטען האָבען זיך גענומען קייקלען קלעצער. געשרייען, קרעכצען האָבען זיך געהערט פון די ארונטערגעשליידערטע סאָלדאטען. פיעלע האָבען גענומען צוריק לויפען, אָבער זיינען באלד געטראָפען געוואָרען פון א האָגעל

פון קלעצער, וואס האט זיי צודריקט אויף טויט.

סיסרא איז געווארען צוטומעלט און דערשראקען. אויף דעם האט ער זיך גאר ניט געריכט. אט זעהט ער ווי הונ־דערטער פון זיינע פערד קייקלען זיך ארונטער פונ'ם בארג תבור מיט זייערע רייטער. דאס הירזשען פון די פערד מישט זיך אוים מיט די וועה־געשרייען און קרעכצען פון די רייטער, וועלכע ליגען הילפלאזע, פערוואונדעטע און צו־דריקטע פון די שווערע קלעצער. פון אלע זייטען פון בארג האבען זיך די קלעצער געקייקעלט און צושמעטערט אט די אלע וועלכע האבען דעם בארג געקלעטערט.

— זיי האבען אונז פארנארט! — האט סיסרא אויסגערופען — אבער מיר וועלען זיי צייגען! פארלירט ניט אייער מוטה מיינע בראווע סאלדאטען. מר וועלען דעם בארג ארומרינגלען און דא שטעהן אזוי לאנג ביז וואנען זיי וועלען בלייבען אהן שפייז און אהן וואו־סער, דאן וועלען זיי זיך אונטערגעבען... איך בין יעצט שטארק צופריעדען וואס איך האב בלויז א העלפט פון דע' ארמיי געשיקט אויף דעם בארג!

— זיי קומען! זיי לויפען! — הא־בען זיך דערהערט צושראקענע פארצווייי־פעלטע שטימען.

סיסרא האט זיך אומגעקוקט און גע־זעהן ווי א גרויסע ארמעע מיט ברק'ן אן דער שפיץ לאזט זיך ארונטער פון בארג.

— צום קאמפף! — האט סיסרא אויסגערופען. אבער זיינע סאלדאטען זיינען געווען אזוי צוטומעלט און צו־שראקען אז אנשטאט זיך צו נעהמען צו זייערע וואפען, האבען זיי גענומען לויפען צוריק.

סיסרא, דערזעהענדיג אז זיינע גע־טרייע סאלדאטען צולויפען זיך אין גרוים פאניק, האט ער זיך ארייגעזעצט אין זיין קארעטע וואס איז געווען גע־שפאנט צו צוויי פערד און גענומען טריי־בען די פערד.

ברק און זיין ארמעע האבען זיך גע־נומען נאכיאגען נאך די צושראקענע אי־בערגעבליעבענע ארמעע פון סיסרא'ן. זיי האבען זיי דערגרייכט און פיעלע פון זיי מיט'ן שווערד געטויטעט. א גרויסע צאהל אנטלאפענע סאלדאטען האבען זיך געלאזט לויפען צום טייך קישון און ווען זיי האבען דערזעהן אז די אידישע סאלדאטען דערנעהנטע־רען זיך, האבען זיי גענומען נאכטהאן דעם ביישפיעל פון זייער גענעראל און גענומען לויפען צוריק צו חרשת הגויים. ברק מיט זיינע סאלדאטען אבער האבען זיי נאכגעיאגט און זיי אלעמען געטוי־טעט. די גאנצע מחנה פון סיסרא'ן איז געפאלען דורך'ן שווערד.

ברק האט גענומען זוכען סיסרא'ן.

— ער איז אנטלאפען געווארען אויף א קארעטע! — האט א פארוואונדע־טער סאלדאט פון סיסרא'ס מחנה גע־זאגט.

ברק איז צו איהם צוגעגאנגען און געוואלט איהם אויספרעגען אין וועלכער ריכטונג סיסרא איז אנטלאפען, אבער דער פארוואונדעטער איז באלד געשטאר־בען פון די וואונדען.

ברק און אייניגע פון זיינע העלדען האבען אויף זייערע פערד זיך אוועקגע־לאזט נאכצויאגען סיסרא'ן.

— אויב סיסרא'ן וועט געלינגען זיך צו ראטעווען, וועט דער שלום אין אונ־זער לאנד ניט זיין זיכער. דער רשע וועט ניט רוהען ביז וואנען ער וועט צו־נויפשטעלען נאך אן ארמעע און זוכען אונז ווידער צו בעלעסטיגען. מיר מוזען איהם געפינען און מאכען א סוף צו זיין לעבען.

סיסרא איז שנעל צוגעפאהרען מיט זיין קארעטע צום טייך קישון, צו דעם פלאץ וואו דאס וואסער איז געווען פלאך. ער האט געשמיסען די צוויי פערד און קוים דורכגעבראזשעט דעם טייך. ווען ער איז ארויסגעקומען אויפ'ן צווייי־טען זייט און איז געווען נישט ווייט פון חרשת הגויים, האט ער פון ווייטען בא־מערקט ברק'ן יאגענדיג זיך נאך איהם.

ער איז שנעל ארויס פון זיין קארעטע און בעשלאסען צו מאכען פליטה צו פוס, כדי מען זאל איהם נישט באמערקען. ער איז געלאפען מיט גרויס אימפעט און יעדע ווײלע זיך אומגעקוקט צו זעהן אויב ברק לויפט איהם נאך.

סיסרא האט אליין נישט געוואוסט וואוהין ער זאל יעצט לויפען. ער איז געווען זיכער אז נאך אזא מפלה וואס ער האט געקראגען פון ברק'ן, טאר ער זיך נישט באווייזען אין חצור, און אויסער דעם איז חצור אליין נישט זיכער, יעצט אז די גאנצע ארמעע איז צושלאגען געווארען וועט דען נישט ברק פארנעהמען די הויפטשטאדט?

פלוצלינג איז סיסרא'ן ארויפגעקומען א געדאנק צו לויפען צו יעל'ן... זי האט דאך איהם ליעב, ער וועט מיט איהר ערגעץ אנטלויפען... זי האט געוויס גענוג געלד און איהם וועט מיט איהר גארנישט פעהלען. ער האט זיך פארנומען אין דער ריכטונג פון צעננים... זיין הארץ האט איהם גענומען קלאפען... נישט לאנג צוריק איז ער געווען א העלד, א הערשער... און יעצט? וועט דען יעל איהם נאך יעצט ליעב האבען? און פארוואס נישט? — האט ער זיך אליין געענטפערט — צו יעל'ן וועט נישט זיין קיין אונטערשיעד אויב ער איז יעצט אויס גענעראל. זי האט דאך איהם ליעב געהאט און ניט ווייל ער איז געווען א גענעראל.

ווען סיסרא האט פון וויטען באמערקט יעל'ס געצעלטען, איז איהם געווארען עטוואס פרעהליכער... אם ווייניגסטען וועט ער דארט זיין זיכער מיט זיין לעבען. ברק וועט דאך אהין נישט קומען... ער האט זיך גענומען אויסגלייכען, ער האט אפגעטרייסעלט פון זיך די שטויב און גענומען גלייך געהן צו איהר געצעלט.

יעל האט דאן ארויסגעקוקט דורך איהר פענסטער און האט דערזעהן סיסרא'ן פון וויטען. זי איז גלייך ארויסגעקומען פון איהר געצעלט און איהם אנטקעגענגעגאנגען.

— וואס האט פאסירט?! — האט זי אויסגערופען מיט א געמאכטער שרעק.

— פארוואס ביזטו אזוי בלאס, סיסרא? און וואו זיינען דיינע מענשען?

— אה, יעל, אן אומגליק האט מיט מיר פאסירט. די פארפלוכטע ברק און דבורה האבען מיך אפגענארט. זיי האבען מיך און מיין ארמעע צוגעצויגען צו דעם בארג תבור, און ווען איך האב באפוילען מיין ארמעע צו שטורמען דעם בארג האבען די אידען אויף זיי ארונטערגעשליידערט קלעצער. און יעצט האב איך מיין ארמעע פארלארען.

— און וואס איז געווארען מיט דיינע ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגען? — האט יעל איהם געפרעגט, און קוים באהערשט זיך ארויסצוצייגען איהר פרייד.

— א, אלעס איז אריינגעפאלען אין זייערע הענט... און יעצט איז מיין לעבען אויך אין גרויס געפאהר, ווייל ברק און זיינע מענשען יאגען זיך נאך מיר נאך.

— קום אריין, מיין האר, אין מיין געצעלט! — האט יעל זיך צו איהם אפגערופען — קום אריין צו מיר און האב קיין מורא נישט, איך וועל דיך בעשיצען.

מיט וואקלענדע טריט איז סיסרא נאכגעגאנגען יעל'ן. און ווען ער איז אריינגעקומען אינעווייניג, האט ער דארטען געטראפען רחל'ן.

— וואס טהוט זי דא, די פארפלוכטע דינסט! — האט סיסרא אויסגערופען מיט צארן, ער האט נישט געוואלט אז די וועלכע ער האט פריהער אזוי געמיין בעהאנדעלט, זאלען זיך דערוויסען פון זיין יעצטיגער שרעקליכער לאגע.

— זי איז דאך די דינסט וואס דו האסט מיר אוועקגעשאנקען, — האט יעל איהם געענטפערט, — אויב דו ווילסט נישט אז זי זאל דיר בעדיענען וועל איך איהר ארויסשיקען פון דאנען.

— איך וועל דיין חסד קיינמאל ניט פארגעסען! — האט סיסרא איהר געזאגט, — אבער שיק זי פון דאנען ארויס.

— דו ביזט גערעכט, סיסרא, יעצט איז געקומען די צייט אז איך זאל דיר אליין באדיענען... דאס וועט דיר איבערצייגען אז מיין ליעבע צו דיר איז נאך אזוי שטארק ווי פריהער, כאטש דו

האסט יעצט פארלארען דיין ארמעע... איך האב דיך נישט ליעב בעקומען ווייל דו ביזט סיסרא דער בראוועער העלדישער גענעראל... איך האב דיך ליעב, ווייל דו ביזט דו... ווייל דו באזיצסט אזא גוטע הארץ און נאבעלע נשמה...

— אה, יעל, דיינע רייד מאכען מיך ווידער אמאל גליקליך... מיך קימערט שוין ניט וואס איך האב פארלארען מיין ארמעע, און אפילו די קרוין... אבי איך האב דיר... ווי נאר די סכנה וועט פארביי וועל איך מיט דיר אנטלויפען אין א ווייטען לאנד... דו האסט דאך געוויס גענוג רייכטום און עס וועט קלעקען פאר אונז ביידען... דארטען וועלען מיר ביידע גליקליך זיין.

— יא, אויף דעם האב איך שוין לאנג געהאפט... איך האב דיר צו פערדאנקען וואס איך בין פטור געווארען פון מיין מאן חברן... יעצט בין איך פריי און איך בעלאנג נאר צו דיר.

— ביי דיזער צייט האבען די עמלקים דיין מאן שוין זיכער געטויטעט, — האט זיך א לייכטער שמייכעל באוויזען אויף סיסרא'ם ליפען — און יעצט דארפסטו שוין נישט מורא האבען טאמער איז ער נאך נישט טויט.

— איך האב אימער געוואוסט אז דו ביזט בערייט אויפצואפפערען פאר מיר דיין ארמעע, און אפילו ווען מען וואלט דיר געהאט אנגעבאטען די קרוין כדי די זאלסט מיר אויפגעבען, וואלסטו גיכער די קרוין אויפגעגעבען איידער מיך. נישט ריכטיג סיסרא?

— געוויס, מיין טהייערע יעל, מיין ארמעע האט מיך אין דער צייט וואס די שלאכט איז אנגעגאנגען, געקרוינט אלס זייער קעניג... זיי האבען אלע מיט אמאל אויסגעשריען "לאנג לעבען זאל דער קעניג סיסרא"... אבער איך בין גלייך צו דיר געלאפען... איך וויל קיין זאך נישט אויסער דיך.

— דו קוקסט אויס אזוי מיעד, סיסרא, איך וואלט דיר געראטהען דו זאלסט זיך אביסעל אויסרוהען, לייג זיך דא אויף מיין בעט... רוה זיך אויס... און מארגען גאנץ פריה וועלען מיר ביידע פון דאנען אנטלויפען.

— ווען איך וואלט געוואלט! — האט סיסרא זיך אפגערופען, — וואלט איך ווידער געקענט צונויפשטעלען אן ארמעע און איך וואלט זיך געקענט פארבינדען מיט נאך פעלקער וועלכע האבען אזוי פיינט די אידען ווי איך, און מיט פעראייניגטע כוחות וואלט איך זיך נוקם געווען אין אלע אידען... אבער איך וועל בעסער זיין צוזאמען מיט דיר... מעגליך אז ווען איך וועל זיין אין א לאנד, און דער קעניג פון יענער לאנד וועט זיך דערוויסען ווער איך בין, וועט ער מיר אויך מאכען פאר זיין גענעראל, דאן וועל איך זיך בענוצען מיט דער געלעגענהייט און זיך נוקם זיין אן די פארפלוכטע אידען.

— און איך וועל זיין ווי דבורה. איך וועל דיר העלפען אזוי ווי זי האט עס געטהאן צו ברק'ן, — האט יעל א שמייכעל געטהאן.

— יא, פארפלוכט זאל זיין דבורה!

— האט סיסרא אויסגערופען און זיך אנידערגעלעגט אין בעט, — און איך האב שוין געהאט אזוי פיעל האפנונג אז זי וועט אין מיינע הענד אריינפאלען... מיט מיין שווערד וואלט איך איהר קאפ ארונטערגעהאקט.

— וואו איז דיין שווערד? — האט איהם יעל געפרעגט.

— איך האב איהם אויפ'ן וועג ארונטערגעשליידערט, ווייל עס האט מיר געשטערט אין מיין לויפען... א, איך בין אזוי מיעד און דורשטיג, ברייננ מיר, איך בעט דיר, אביסעל וואסער.

יעל איז א וויילע ארויס און זיך באלד צוריקגעקעהרט מיט א קריגעל מילך.

— טרינק, מיין האר, איך האב דיר פרישע מילך געבראכט, דאס וועט דיך בערוהיגען און דו וועסט דיין דורשט שטילען.

סיסרא האט אויסגעטרונקען דעם גאנצען קריגעל מילך. זיינע אויגען האבען זיך גענומען קלעפען.

— איך וועל דיך בעטען נאך א געפעליגקייט, יעל, — האט סיסרא געזאגט

מיט א האלב פארשלאפענע שטימע, — געה ארוים און שטעל זיך אוועק נעבען אריינגאנג פון דיזען געצעלט, און אויב א מאן וועט דיך א פרעג טהאן אויב דא אין געצעלט געפינט זיך אימיצער, זאלסטו איהם זאגען: "ניין!" ווייל איך האב מורא פיעלייכט וועט ברק זיך נאכיאגען ביז אהער.

— דו מעגסט רוהיג שלאפען, — האט יעל געזאגט, — אלע ווייסען אז דאס איז מיין געצעלט, און קיין מאן וועט ניט וואגען אריינצוגעהן אין דעם געצעלט פון א פרוי, אהן איהר ערלויבנים... איך וועל זיך שטעלען נעבען אריינגאנג פון מיין געצעלט און אויב מען וועט מיך פרעגען, וועל איך ענטפערען אז קיינער איז דא נישטא.

— פארגעס נישט אויך אנצוזאגען דיינע דינסטען און אויך דיינע קנעכט. איבערהויפט אט די וועמען איך האב אין דיין געצעלט געטראפען.

— האב נישט קיין זארג, סיסרא, איך וועל שוין זעהן אז קיין שלעכטעס זאל צו דיר נישט געשעהן.

סיסרא האט צוגעמאכט זיינע אויגען, אין א ווײלע ארום האט אין דעם געצעלט אפגעהילכט סיסרא'ס שטארקען כראפען.

שטילערהייט איז זי פון געצעלט ארויסגעגאנגען. זי האט גענומען א טשוואק מיט א האמער אין איהר האנד און איז צוריק צו איהם צוגעגאנגען. זיין כראפען איז נאך שטארקער געווארען.

יעל איז א ווײלע געשטאנען און איהם בעטראכט.

יעצט איז ער אין איהרע הענד... יעצט איז איהר צייט זיך מיט איהם אפצורעכענען פאר זיין רשעות, פאר זיין גרויזאמקייט... זיינע הענד זיינען באפלעקט מיט בלוט פון טויזענדער עהרליכע און אומשולדיגע מענשען... וויפיעל האט געפעהלט אז ער זאל איהר ליעבען מאן ערמארדען?... זי האט באמערקט ווי ער ליגט אן א זייט מיט זיין פנים צום וואנט... איין קלאפ מיט דעם האמער אין טשוואק אויף זיין שלייף און מען וועט פטור ווערען פון אזא **רשע.**

**באלד אבער האט זי א טראכט געטהאן: ניין! זי וועט עס נישט טהאן,** ער וועט שוין פון איהרע הענט זיך ניט ארויסדרעהען... זי וועט ווארטען ביז וואנען ברק וועט קומען, און איהם איבערגעבען אין זיינע הענט... ער וועט שוין וויסען וואס מיט איהם צו טהאן... זי וועט איהרע הענט נישט איינריכטען אין זיין שמוציגעם בלוט... אבער טאמער קומט היינט נישט ברק, ער וועט געוויס מיינען אז סיסרא בעהאלט זיך ערגעץ אנדערש און וועט נישט צוקומען צו איהר געצעלט?!... דאן קען נאך סיסרא, ווען ער וועט זיך אויסרוהען אין גאנצען פון דאנען אנטלויפען און פארטזעצען זיינע מערדערליכע טהאטען... ער קען נאך אומגליקליך מאכען טויזענדע מענשען... ניין!... זי טאר אזא געלעגענהייט נישט דורכלאזען... אויב זי וועט איהם יעצט נישט טויטען, וועט זי נאכהער זיכער חרטה האבען.

שטילערהייט איז זי צו איהם צוגעגאנגען. זי האט איהר קאפ אריבערגעבויגען כדי זיך צו איבערצייגען אויב ער שלאפט... זי האט דעם טשוואק איבער זיין שלייף געהאלטען און מיט איהר גאנצער מאכט האט זי דעם האמער א לאז געטהאן איבער'ן דיקען טשוואק...

— — — — — — — — — — —

סיסרא האט זיך א קעהר געטהאן און איז באלד ארונטערגעפאלען אויפ'ן באדען א פארבלוטיגטער.

יעל האט איהם איבערגעלאזען מיט דעם טשוואק אין זיין שלייף. זי האט צוגערופען רחל'ן און געזאגט:

— גיכער ברייננ מיר אביסעל וואסער, איך וועל מיינע הענט וואשען.

רחל האט איהר געבראכט א קריגעל וואסער און געקוקט מיט ערשטוינונג אויף איהרע פארבלוטיגטע הענט.

— געלויבט איז גאט, מיר זיינען אלע געראטעוועט! — האט יעל אויסגערופען, — דער סוף פון דעם רשע איז געקומען... יעצט, וועסטו זיכער קענען זיין צוריק מיט דיינע עלטערען.

יעל האט ארומגעוואשען איהרע הענט

און האָט זיך אוועקגעשטעלט נעבען אריינגאנג פון געצעלט. פון וווייטען האָט זי באמערקט ווי אימיצער רייט שנעל אויף א פערד, און נאָך איהם קומען אַ נאָך רייטער.

באלד האָט זי באמערקט ברק'ן.

זי האָט א מאך געטהאָן צו איהם מיט דער האנד און ברק איז גלייך צוגעריטען צו איהר.

— האָסטו געזעהן... — איז ברק ארונטער פון זיין פערד.

— קום, איך וועל דיר צייגען דעם מאן וועמען דו זוכסט! — האָט יעל איהם נישט געלאָזט ענדיגען.

ברק איז איהר נאָכגעגאנגען, און ווען ער איז אריינגעקומען אין געצעלט האָט ער געזעהן ווי סיסרא ליגט א טויטער מיט'ן טשוואָק אין זיין שלייף.

— אזוי זאָלען פארלאָרען געהן אלע אונזערע שונאים, — האָט ברק אויסגערופען, און געדריקט יעל'ס האנט.

— יעצט קענסטו גלייך אוועקרייטען נאָך קדש, און אָנזאָגען דיין מאן וועגען דער גרויסער הילף וואָס גאָט האָט צו אונז אלעמען געטהאָן... איך און מיין ארמעע וועלען אריינגעהן אין חצור און נאכדעם ווי איך וועל ארויסראטעווען מיין שוועסטער און רחל'ס פאטער, וועל איך די שטאָדט אונטערצינדען.

— איך האָב מורא אז ווען דער קעניג וועט זיך דערוויסען וואָס דו האָסט געטהאָן צו סיסרא'ן און צו זיין ארמעע, און ווען ער וועט זעהן אז דו קומסט אויך אריין אין חצור, וועט ער מעגליך זוכען צו נעהמען נקמה אַן דיין שוועסטער, און איידער דו וועסט צייט האָבען צוצוקומען צום פּאלאַץ, וועט ער באפוילען איהר צו טויטען.

— דו ביזט גערעכט, יעל, אָבער וואָס פאר אַן עצה קענסטו מיר געבען?

— דער קעניג יבין גלויבט אז איך בין סיסרא'ס געליעבטע, איז מיין עצה אז איך זאָל אריינרייטען אין שטאָדט און אָנזאָגען דעם קעניג אז סיסרא האָט מיך געשיקט ער זאָל שנעל איבערגעבען שרה'ן און עירא'ן אין מיינע הענט, ווייל ער האָפּט דורך זיי ארויסצוקריגען וויכטיגע אויסקינפטע. יבין וועט זיכער דאָס טהאָן און אזוי וועלען מיר זיי ביידען ראטעווען.

— דיין עצה געפעלט מיר! — האָט ברק אויסגערופען, — איך וועל מיט מיין ארמעע אָפּווארטען נישט ווייט פון דער שטאָדט און דו וועסט נעהמען מיין פערד און אוועקרייטען נאָך חצור.

— יא, און רחל וועט מיט דיר מיטגעהן און זיך באגעגענען מיט איהר פאטער.

ברק האָט איבערגעגעבען זיין פערד, און יעל האָט זיך אוועקגעזעצט און שנעל אוועקגעריטען נאָך חצור.

מיט גרויס שנעלקייט איז יעל צוגעקומען צום פּאלאַץ.

— איך האָב איבערצוגעבען דעם קעניג א שליחות פון סיסרא'ן, — האָט זי זיך פארנייגט ווען מען האָט איהר צוגעלאָזען צום קעניג.

— איך האָב געהערט אז סיסרא האָט א מפּלה געכאפּט! — האָט יבין טרויעריג א זאָג געטהאָן.

— אלעס איז נאָך נישט פארלאָרען!

— האָט יעל אויסגערופען, — סיסרא האָט מיך געשיקט דו זאָלסט איבערגעבען אין מיינע הענט די פרוי שרה און דעם מאן עירא, וועלכע געפינען זיך אין געפענגנים, ווייל ער האָפּט דורך זיי ארויסצוקריגען נויטיגע אויסקינפטע וואָס וועט נאָך מעגליך מאכען ער זאָל נאָך אלעמען באזיעגען ברק'ן און אויך דבורה'ן. די זאַך איז דרינגענד.

יבין האָט געהייסען ברייגען די צוויי געפאנגענע.

יעל האָט זיך צו זיי אָפּגערופען אין דער אנוועזענהייט פון קעניג:

— אייער האר סיסרא, האָט נאָך אייך געשיקט. ער וועט אייך באלד אין גאנצען באפרייען. דו שרה וועסט זיך זעצען מיט מיר אויפ'ן פערד און דער מאן וועט דעם פערד פיהרען.

אין א קליינע ווײלע ארום איז שוין

יעל געווען נעבען ברק'ן מיט זיין שוועסטער.

— אה, מיין ליעבע שוועסטער! איז ברק איהר געפאלען אויפ'ן האלז און געקושט. געלויבט איז גאט, ער האט דעם שונא אין אונזערע הענט איבערגעגעבען.

— מיין טאכטער! — האט עירא אויסגערופען, ווען ער האט דערזעהן רחל'ן. א ווײלע זיינען זיי געשטאנען איינגעפלאכטען איינע אין דעם אנדערען.

— יעצט נעהמט עטליכע פון מיינע פערד און געהט שנעל נאך קדש! — האט ברק זיך אפגערופען צו זיי—דארטען וועט איהר טרעפען דבורה'ן און יואש'ן.

יעל, שרה, רחל און עירא האבען זיך געזעצט אויף די פערד און שנעל אוועקגעריטען נאך קדש.

ברק האט אריינגעמארשירט אין חצור מיט זיין ארמעע. ער האט קיין ווידערשטאנד ניט באגעגענט. ער האט אונטערגעצונדען דעם פאלאץ און בעצאהלט יבין'ן, דעם קעניג פון חצור, פאר אלעם וואס ער האט געטהאן צו די אידען.

ווען ברק האט מיט נצחון פארלאזען די שטאדט חצור, האט זיך דער רויך און פייער געזעהן גאנץ ווייט.

ברק האט חרוב געמאכט די הויפטשטאדט פון זיין גרעסטען שונא, און פערניכטעט די צידונים איינוואהנער פון די ארומיגע שטעדטלעך און דערפער.

טריאומפירענד האט זיך ברק אומגעקעהרט נאך קדש וואו ער איז באגעגענט געווארען פון דבורה'ן די נביאה און זיין שוועסטער שרה'ן מיט איהר מאן יואל'ן.

אבינעם האט געהאלזט זיין זוהן און אויסגערופען:

— געלויבט איז גאט וואס איך האב נאך זוכה געווען צו זעהן מיט מיינע אויגען די באפרייאונג פון אונזער פאלק פון סיסרא'ס יאך.

— און דו יעל, און דיין מאן חבר, זייט איהר ביידע געבענשט צו גאט, וואס איהר האט אונז געהאלפען ברייגען די ישועה פאר אונז אלעמען.

— איך בין שוין געבענשט! — האט יעל ארומגענומען איהר מאן, אז איך בין ווידער פעראייניגט מיט מיין ליעבען מאן.

— און יעצט לאמיר אפרייזען מיט אונזער זיעגרייכע ארמעע נאך דעם הר אפרים — האט זיך דבורה אפגערופען צו איהר ברודער און שוועגערין, איהר זייט דאך געווים נייגעריג צו זעהן אייער זוהן, גדעון.

א זעלטען גרויסע אויפנאהמע האבען די איינוואוינער פון דעם שבט אפרים געגעבען צו זייער בעליעבטער דבורה, די נביאה און צום העלד ברק'ן, דאס פאלק האט געיובעלט און זיך משמח געווען.

דבורה און ברק האבען געזונגען א לויב ליעד צו גאט וועגען דעם גרויסען זיעג איבער סיסרא'ן דאס איז די בעוואוסטע ליעד וואס ווערט אנגערופען "שירת דבורה", וואס געפינט זיך אין שופטים.

דבורה'ס ליעד איז געווען א קוואל פון בעגייסטערונג פאר פיעלע פאעטען פון אלע דורות.

---

ע נ ד ע.